פון מלחמה צו שלום [נומער 3]

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

## די מעטאָדעס פון איר פאָרשונג

פון

יעקב לעשצינסקי

אינסטיטוט פאַר אידישע ענינים
פונם אידישן אַמעריקאַנער און וועלט־קאָנגרעס
NEW YORK, 1944

# אינהאַלט:

# הקדמה

זינט נאָוועמבער, 1942, ווען די אַמעריקאַנישע אַרמייען האָבן זיך אַרויס־געזעצט אין צפון־אַפריקע און די רויטע אַרמיי האָט געגעבן די נאַציס אַ טויט־קלאַפּ אין סטאַלינגראַד, האָט זיך ניט נאָר אָנגעהויבן אַ צוריקטרעטן פון די דייטשע אַרמייען, נאָר אויך די באַפרייאונג פון די פאַרשקלאַפּטע לענדער.

ס׳איז דערפרייענדיק צו מאַכן אַ סך־הכל און צו געפינען, אַז דער גרעס־טער טייל פריער־באַזעצטע לענדער זיינען היינט פולשטענדיק פריי ניט נאָר פון פיינדלעכע חילות, נאָר אויך פון פאַשיסטישע רעזשימען. נאָך זיינען טיילן פון באַזעצטן אייראָפּע אונטער דער הערשאַפט פון די נאַציס, אָבער עס איז צו האָפן, אַז אויך זיי וועלן באַלד באַפרייט ווערן.

פאַר אונז, אידן, האָט די באַפרייאונג אַ טאָפּלטן זין: פון איין זייט טיילן מיר, צוזאַמען מיט דער גאַנצער מענטשהייט, די שמחה, וואָס מען איז פטור געוואָרן פון אַ דם־שונא, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן אומצוברענגען דאָס גאַנ־צע אידישע פאָלק; פון דער צווייטער זייט, גיט דאָס אונז די ערשטע געלעגנהייט צו קאָנטראָלירן אונזערע ידיעות וועגן אונזערע מורא׳דיקע קרבנות. אַוודאי ווייסן מיר אַ סך פון דעם, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין די יאָרן פון קאָשמאַר, אָבער אַ סך איז אונז אויך אומבאַקאַנט. ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מיר מוזן, מיר ווילן און מיר קענען דורכפירן אַ גרינטלעכע אויספאָרשונג פון דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט אונז געטראָפן.

דאָס בוך פון יעקב לעשצינסקי איז דאָס דריטע אין אַ סעריע, וואָס מיר האָבן ניט לאַנג אָנגעהויבן און וועלכע טראָגט דעם אַלגעמיינעם טיטל „פון מלחמה צו שלום”: דאָס ערשטע איז געווען געווידמעט די פראַגעס פון הילף און רעהאַביליטאַציע; דאָס צווייטע — פראַגעס פון אַנטשעדיקונג און רעפּאַראַ־ציעס; דאָס איצט פאָרגעלייגטע בוך דאַרף אונז געבן דעם פּלאַן און די מעטאָדע, ווי אויף אַ שטרענג־וויסנשאַפטלעכן באַזיס פעסטצושטעלן דעם באַלאַנס פון די שרעקלעכע יאָרן. מיר ווילן גלייבן, אַז ס׳וועלן געפינען ווערן וועגן און מיט־לען, ווי דורכצופירן די דאָזיקע פאָלק־אויפגאַבע.

אַן ענגלישע איבערזעצונג פון דעם בוך וועט דערשיינען בקרוב.

**יעקב ראָבינזאָן,**
דירעקטאָר פון אינסטיטוט

I

# אַלגעמיינער אַריינפיר

## א) אייניקע היסטאָרישע פּרעצעדענטן

רייך, זייער רייך איז די אידישע גלות־געשיכטע מיט קאַטאַסטראָפעס און טראַגעדיעס, אָבער אָרעם, זייער אָרעם איז אונזער געשיכטסשרייבעריי, וועלכע באַשטייט פיל מער פון קינות און סליחות, ווי פון פאַקטן און ציפערן. ניט אומזיסט קלאָגט זיך דער גרעסטער היסטאָריקער פון אונזער צייט, אַז „דער מיטלאַלטער האָט אונז ניט איבערגעלאָזט קיין סיסטעמאַטיש־באַאַרבעטע כראָנאָגראַפיע; אונזערע אויפשוידערנדיקע געשיכטעלעכע טראַגעדיעס האָבן ניט געפונען קיין פאַסיקע אַנאַליסטן. וועגן די איבערלעבונגען פון אונזערע אָבות מוזן מיר שעפּן ידיעות פון פרעמדע און אויך אָפט פון פיינדלעכע מקורים: פון די כראָניקעס און פאַלעמישע שריפטן פון די קאַטוילישע מאָ־נאַכן; פון די טענדענציעזע צוגעפראַוועטע באַריכטן וועגן ריטואַל־פּראָצעסן און פון באַך אַזעלכע אומריינע קוואַלן" (שמעון דובנאָוו, וועלט־געשיכטע פון אידישן פאָלק, ב׳ 5, ז׳ 499, דייטשע אויסגאַבע).

און נאָך פריער שרייבט דער זעלבער דובנאָוו, אַז „ס'וואַרפט זיך אין די אויגן די קנאַפקייט פון אידישע מקורים אין פאַרגלייך מיט ניט־אידישע" (איביד., ז׳ 495).

געוויס שטעקט אַ גרויסער טרויעריקער אמת אין די ביטערע ווערטער פונם תנא ר׳ שמעון בן גמליאל, וועלכער האָט געזאָגט, אַז „שאם באָנו לכתוב אין אָנו מספיקים" (שבת, י״ג, ב׳). באַזונדערס צוגעפּאַסט זיינען די דאָזיקע ווערטער צו אונזער איצטיקער קאַטאַסטראָפע, וועלכע האָט ניט איר גלייכנס אַפילו אין אונזער מאַרטירער־געשיכטע. און ווער ס'איז באַקאַנט מיט דעם שלל מאַטעריאַל, וואָס האָט זיך שוין ביז איצט אָנגעזאַמלט וועגן די געשעענישן פון די לעצטע 12 יאָר, נאָך איידער מען האָט געהאַט די מעג־

לעכקייט צוצוקומען צו די גיהנום־ערטער גופא, וואו די גרויסע טראַגעדיע האָט זיך אָפּגעשפּילט, נאָך איידער מען האָט זיך צוגערירט צו די לעבן־געבליבענע מענטשן, וועלכע האָבן פּערזענלעך איבערגעלעבט, בייגעלעבט און איבערגעליטן די גרויסע טראַגעדיע, דער וועט מודה זיין, אַז ווירקלעך „אין אָנו מספיקים". אָבער הייליק זיינען געווען און הייליק אויף אייביק וועלן בלייבן די ווערטער פון אונזער תורה: „זכור ימות עולם, בינו שנות דור ודור, שאל אָביך ויגדך, זקניך ויאמרו לך" — אין נאַציאָנאַלן גורל פון יעדן פאָלק, אָבער אין אַ פיל גרעסערער מאָס אינם גורל פונם לאַנדלאָזן און מלוכה'לאָזן אידישן פאָלק שפּילן אָט די „שנות דור ודור", אָט די „מורשת אָבות" גאָר אַ גרויסע ראָלע. „שאל אָביך ויגדך, זקניך ויאמרו לך" — די אידישע מאַרטירער־געשיכטע, איינגעקריצט אין פאָלקס־זכרון, איינגעבלוטיקט אין דער פאָלקס־נשמה, איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע, אויב ניט דער וויכטיקסטער פאַקטאָר פון אונזער נאַציאָנאַלן קיום, פון אונזער אומפאַרגלייכלעכן מוט איבערצוטראָגן און איבערצולײַדן אַזוי פיל רדיפות און גזירות.

דער פאַקט אָבער בלייבט, אַז וועגן די וויכטיקסטע גורל'דיקע געשעענישן אין אונזער געשיכטע פאַרמאָגן מיר ניט די נויטיקסטע פאַקטן און ציפערן.

עד־היום איז נאָך אַלץ ניט פעסטגעשטעלט געוואָרן, למשל, וויפיל אידן ס'זיינען בערך אומגעקומען אין די קרייץ־צוגן אָדער אין דער שוואַרצער פּעסט. מען ווייס אַפילו ניט גענוי די צאָל געמיינדעס, וואָס האָבן געליטן פון די דאָזיקע צוויי קאַטאַסטראָפעס. איבער דער צאָל אידן, וואָס זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון שפּאַניע, הערשן חילוקי־דעות, וועלכע וואַקלען זיך צווישן 800 טויזנט (אידישע ענציקלאָפּעדיע, רוסיש, ב' 8, ז' 391) און 200 טויזנט (דובנאָוו, וועלט־געשיכטע, דייטש, ב' 5, ז' 405). וועגן דער צאָל אידן, וועלכע זיינען געבליבן אין שפּאַניע און וויפיל פון זיי האָבן צוגענומען קריסטנטום מיטן גאַנצן האַרצן און וויפיל זיינען געוואָרן אַנוסים, זיינען די ידיעות נאָך קנאַפּער און אָרעמער און די שאַצונגען נאָך ספק'דיקער און וואַקלדיקער. גרעץ, למשל, שאַצט די צאָל אידן אין קאַסטיליע צום סוף 13טן יאָרהונדערט מיט 850 טויזנט און איזידאָר לעב, איינער פון די בעסטע קענער פון דער אידישער געשיכטע אין שפּאַניע, גיט אָן נאָר 234 טויזנט,

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

העכער דריי מאָל ווייניקער (לויט דובנאָוו, ב׳ 5, ז׳ 405). זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז לויט גרעצן האָבן צו דער צייט פון גירוש־שפּאַניע געמוזט זיין אין לאַנד פיל מער אידן, ווי לויט לעב. און אויב ס׳זיינען געווען מער אידן, זיינען מער פאַרטריבן געוואָרן און אויך מער געבליבן.

ניט פיל בעסער זיינען מיר אינפאָרמירט וועגן דער צאָל קרבנות פון דער אוקראַאינישער קאַטאַסטראָפע פון 1648 (גזירת ת״ח און ת״ט), כאָטש וועגן די דאָזיקע קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן פאַרמאָגן מיר פיל בעסערן מאַטעריאַל. „די אוקראַאינישע קאַטאַסטראָפע און די אומגליקן פון די צען יאָר וואָס נאָך דער קאַטאַסטראָפע האָבן דאָס ערשטע מאָל אַרויסגערופן צום לעבן אידישע אַנאַליסטן״, שרייבט דובנאָוו (דובנאָוו, וועלט־געשיכטע, ב׳ 7, ז׳ 509). און ווירקלעך, דאָס באַרימטע ווערק פון נתן האַנאָווער „יון מצולה״ צייכנט זיך אויס ניט נאָר מיט אַ גענויער און דעטאַלירטער באַשרייבונג פון די שרעק־געשעענישן אין פיל איינצלנע פונקטן, אָפט אַפילו מיט נעמען פון אָטיילנעמער פון ביידע געליטענע שותפים — אידן און פאָליאַקן, — נאָר אָפט אויך מיט אָנגעבן די צאָל אידן אין געוויסע פונקטן און די צאָל קרבנות. און ניט געקוקט אויף דעם דאָזיקן ערשטקלאַסיקן דאָקומענט פון אַ מענטשן, וואָס איז געווען טיילווייז אַן עד־ראיה פון די געשעענישן און טיילווייז אַן אַבסאָלוט פאַרטרויענסווערטער עד־שמיעה, איז אַז ס׳קומט צום פעסטשטעלן אַפילו נאָר די בערכ׳דיקע צאָל אומגעקומענע און אומגעבראַכטע, מוז דובנאָוו מודה זיין, אַז „די שאַצונג פון דער אַלגעמיינער צאָל קרבנות וואַקלט זיך אין די אידישע כראָניקעס צווישן 100 און 500 טויזנט״ (דובנאָוו, וועלט־געשיכטע, ב׳ 7, ז׳ 40). און דובנאָוו קומט צום שלוס, אַז מען דאַרף נעמען דעם אַריטמעטישן מיטן פון די דאָזיקע צוויי ציפערן, לכן אַרום 300 טויזנט קרבנות.

פרוּוון אויפשטעלן אַ שאַצונג, ווי גרויס ס׳איז געווען דער פראָצענט קרבנות לגבי דער גאַנצער צאָל אידן אין דער וועלט, אָדער לגבי דער צאָל אידן אין אייראָפּע, אָדער לכל־הפחות לגבי דער דעמאָלטיקער צאָל אידן אין דער פוילישער מלוכה אָדער אין די אוקראַאינישע געגנטן — אַזאַ אונטערנע־

מונג האָט נאָך ניט געוואָגט קיין איין אידישער היסטאָריקער אָדער סטאַטיס־טיקער. דערצו פעלן די עלעמענטאַרסטע גרונט־דאַטעס.

אָבער ס׳איז דאָך ווייט ניט גענוג פעסטצושטעלן אַפילו די גענויע צאָל קרבנות פון אַ קאַטאַסטראָפע, כדי אָפּצושאַצן איר פולע היסטאָרישע אויסוויר־קונג אויפן ווייטערן גורל פונם געליטענעם פאָלק. האָבן מיר דען אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דער פאַרטיילונג פון די שפּאַנישע פּליטים, וועלכע זיינען געלאָפן קיין טערקיי, קיין צפון־אַפריקע, דרום־פראַנקרייך, האָלאַנד, איטאַ־ליע און די באַלקאַנען? האָבן מיר אַפילו אַ בערכ׳דיקע פאָרשטעלונג וועגן דעם פאַרנעם פון די צוגערויבטע און צוגעגזל׳טע אידישע גיטער בעת׳ן שפּאַ־נישן גירוש און וויפיל ס׳האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצופירן און מיטצונעמען? האָבן מיר דען אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דער צאָל פליטים פון די כמעל־ניצקי־פּאָגראָמען, זייער פאַרטיילונג איבער פאַרשידענע לענדער, זייער מצב ביים לויפן און זייער מצב אין די נייע לענדער? זיינען אַלע געלאָפן נאַקעט און באָרוועס, אָדער ס׳זיינען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן געראַטעוועט זייער פאַרמעגן? און ווי באַדייטנדיק איז געווען די צאָל פון די לעצטע?

מיר ווייסן, אַז אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט עקזיסטירט אַ קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט אויסקויפן געפאַנגענע שפּאַנישע פליטים (פדיון־שבוים איז געווען תמיד אַ גרויסע מצווה ביי אידן). דער קאָמיטעט האָט געהאַט ברייטערע פונקציעס אין זין פון זאָרגן פאַר די פליטים בכלל, וועלכע זיינען אָנגעקומען אין גרויסע מאַסן קיין טערקיי — מען שאַצט, אַז קיין טערקיי אַליין זיינען געקומען מער פון 100 טויזנט שפּאַנישע אידן. דער קאָמיטעט איז געשטאַנען אין פאַרבינדונגען ניט נאָר מיט נאָענטע געמיינדעס, ווי סאַלאָניקי, ליוואָרנאָ, ווענעציע, נאָר אויך מיט אַמסטערדאַם און האַמבורג, וואו מען האָט געזאַמלט געלט פאַר די פּליכטלינגע. לײדער, האָבן מיר ניט קיין באַריכטן וועגן דער טעטיקייט פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט און וועגן זיינע אויפטוען.

אַ גרעסערע נאַציאָנאַלע אַקטיוויקייט צווישן אידן פון פאַרשידענע לענ־דער האָט אַרויסגערופן די אוקראַאינישע קאַטאַסטראָפע פון 1648 — די ועדים פון פוילן און ליטע האָבן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז די קהילות

זאָלן אויפנעמען מיט ליבע און אויפמערקזאַמקייט די פּליכטלינגע. דער ליט־ווישער וועד האָט אַרויסגעגעבן ספּעציעלע פאַראָרדענונגען וועגן געלט־זאַמלונגען, וועגן חודש׳דיקע און וועכנטלעכע אָפּצאָלונגען און וועגן זאַמלונ־גען מבית לבית (סאַלי באַראָן, „דזשי דזשואיש קאָמיוניטי״, ב׳ 2, ז׳ 335). דער ליטווישער וועד האָט אויך באַשלאָסן צו באַזעצן 2,000 פּליכטלינגע (איביד., ז׳ 338). ווי באַקאַנט, זיינען טויזנטער אוקראַאינישע אידן אַריינ־געפאַלן אין די הענט פון קרימער טאַטאַרן בעת די פּאָגראָמען פון 1648 און שפּעטער, און די קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אידן האָבן זיי אויסגעקויפט. אויף דער דאָזיקער אַרבעט האָט מען באַדאַרפט גרויסע סומעס געלט, און די קאָנ־סטאַנטינאָפּאָלער קהילה האָט געשיקט אַ דעלעגאַט קיין אַמסטערדאַם און קיין איטאַליע אויף זאַמלען געלט (סאַלי באַראָן, ב. 1, ז׳ 307 און דובנאָוו, ב׳ 7, ז׳ 41).

דאָס זיינען אַלץ ביז גאָר אינטערעסאַנטע פאַקטן, וועלכע דערציילן אונז, ווי רדיפות און גזישות פלעגן פאַראייניקן און צונויפבריידערן צוריק וואָס די פאַרשידענע לעבנס־באַדינגונגען האָבן צעטיילט און צעריסן; פון דער צווייי־טער זייט, באַווייזן די פאַקטן, אַז דאָס נאַציאָנאַלע געפיל איז קיינמאָל ניט אויסגעוועפּט געוואָרן, ווי לאַנג מען איז ניט געווען צעטיילט און איזאָלירט איין גרופּע פון דער צווייטער, איין קיבוץ פונם צווייטן. ליידער אָבער ווייסן מיר גאָר ווייניק אָדער כמעט גאָרניט וועגן די פאַרנעמען פון די אויסגע־רעכנטע אונטערנעמונגען און וועגן זייער פאַרווירקלעכונג.

נאָר לאָמיר איבערגיין פון היסטאָרישע געשעענישן צו מאָדערנע, ביי וועלכע מיר קאָנען פיל מער לערנען וועגן אונזערע פליכטן לגבי דער פאַר־שונג פון דער גרויסער טראַגעדיע, וואָס האָט געמאַכט אַ קאָרב אין דער אידישער געשיכטע, ווי קיין שום קאַטאַסטראָפע ביז איצט, און וועלכע לייגט דעריבער אַרויף אַ פיל גרעסערע אַחריות אויף די, וועלכע זיינען באַרופן צוצוגרייטן מאַטעריאַל פאַר די עלטערן, ביי וועלכע קינדער וועלן פרעגן: „שאל אביך ויגדך, זקניך ויאמרו לך״!

כאָטש עס האָבן ניט געפעלט אין דעם 18טן און אין די ערשטע דריי פערטל פון דעם 19טן יאָרהונדערט קיין אידישע פּאָגראָמען און גירושים,

רעכענען זיך די דאָזיקע צוויי יאָרהונדערטן פאַר מער אָדער ווייניקער רואיקע. יעדנפאַלס האָבן געפעלט קאַטאַסטראָפעס פון אַ פאַרנעם פון אַ ווענד־פונקט אין אונזער געשיכטע, ווי עס זיינען געווען די קרייץ־צוגן, גירוש־שפאַניע, גזירת־ת״ח ות״ט און די פּאָגראָמען פון דער גאָר לעצטער עפּאָכע. אַלס אַ געשעעניש פון אַזאַ פאַרנעם און וואָג ווערן גערעכנט די צאַרישע פּאָגראָמען פון 1881—1883 (224 פּאָגראָמען — „די אידן־פּאָגראָמען אין רוסלאַנד״ (דייטש), קעלן און לייפּציג, 1910, ב׳ I, ז׳ 189).

אין פאַרגלייך מיט די שפּעטערדיקע צאַרישע פּאָגראָמען פון רעוואָלוציאָנערן יאָר 1905 (725 פּאָגראָמען — איביד., ז׳ 192), צי גאָר מיט די אוקראַיִניש־דעניקינישע פּאָגראָמען פון די יאָרן 1918—1921 (אַרום 2,000 פּאָגראָמען), אָדער גאָר אין פאַרגלייך מיט די מאַסן־מאָרדן פון דער היטלער־עפּאָכע, זיינען די פּאָגראָמען פון 1881, באַזונדערס ווען מען זאָל נעמען פאַר אַ מאַסשטאַב ניט די צאָל פּונקטן און רויב, נאָר מאָרד און די צאָל אומגעבראַכטע, געווען אַ קינדער־שפּיל. אין די פּאָגראָמען פון 1881 זיינען אידישע הרוגים געווען זייער ווייניק — העכסטנס אַ פּאָר צענדליק (איביד., זז׳ 16—17). אַפילו ביי די העכער זיבן הונדערט פּאָגראָמען פון 1905 זיינען נאָך אויך געווען רעלאַטיוו גאָר ווייניק מענטשלעכע קרבנות — אַרום אַ טויזנט אידישע דערמאָרדעטע (איביד., זז׳ 213—214). ערשט די אוקראַאיניש־דעניקינישע פּאָגראָמען פון דער צווייטער רוסישער רעוואָלוציע (1918—1921) האָבן געגעבן דאָס ערשטע מאָל נאָך גזירת־ת״ח און ת״ט אַ גרויסן מאַסן־מאָרד, אַרום 75 טויזנט דערמאָרדעטע (די אומאַנער שחיטה — 1768 — האָט געבראַכט אַרום 3 טויזנט הרוגים־אידן). וועגן די פאַרפייניקטע און דערמאָרדעטע פון די היטלער־באַנדעס און פון זייערע געהילפן אין פאַרשידענע לענדער האָבן מיר נאָר אַ בערך׳דיקע פאָרשטעלונג. אָבער נאָך איידער מיר האָבן אַ מעגלעכקייט צו קאָנטראָלירן די ביז־איצטיקע ידיעות, קען מען זאָגן, אַז די צאָל קרבנות שטייגט ווייט־ווייט אַריבער די קרבנות פון אַלע פּאָגראָמען און עקסצעסן, גירושים און עינויים פון די לעצטע טויזנט יאָר אידישע געשיכטע.

די פּאָגראָמען פון די 80ער יאָרן ווערן דאָך גערעכנט פאַר אַ ווענד־

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

פונקט אין אונזער געשיכטע, ערשטנס, אַ דאַנק דעם אָפּקלאַנג, וואָס זיי האָבן געהאַט אין דער גרויסער ניט־אידישער וועלט, וואָס ס׳איז געווען אַ גאַנץ נייע דערשיינונג אין אונזער לעבן; שנית, און דאָס איז דער עיקר, אַ דאַנק דעם קאָלאָסאַלן, ממש רעוואָלוציאָנערן רושם, וואָס זיי האָבן געמאַכט אויף אידן אין דער גאָרער וועלט; אַ רושם, וואָס האָט געצוואונגען איבערצואוווערטן און איבערצושאַצן אַלע ווערטן פון דער עמאַנסיפּאַציע־עפּאָכע; אַ רושם, וואָס האָט געפירט צו אַן אָנהייב פון אַ גאַנץ נייער ערע אין אונזער געשיכטע. די דאָזיקע פּאָגראָמען האָבן ווי סיגנאַליזירט דאָס אידישע פאָלק און אים דערמאָנט אין זיין נאַציאָנאַלן גורל, אין זיין גלות־גורל.

ניט געקוקט אויף דעם דאָזיקן קאָלאָסאַלן פּסיכיש־גייסטיקן רושם, וואָס אָט די פּאָגראָמען האָבן געמאַכט אויף דער אידישער געזעלשאַפט, איז די לעצטע דאָך נאָך ניט געווען דערוואַקסן און, דער עיקר, ניט גענוג אָרגאַניזירט, אונטערצונעמען אַ זעלבסטשטענדיקע פאָרשונג פון די אמת׳ע סיבות פון די פּאָגראָמען, פון די פּאַקטישע אָרגאַניזאַטאָרן און אָנטיילנעמער אין זיי, אַזוי אויך וועגן דער רעאַקציע פון פאַרשידענע אידישע סאָציאַלע גרופּעס אויף די ערטער לגבי די פּאָגראָמען און וועגן די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג פאַר און נאָך די פּאָגראָמען. די דאָזיקע אַלע פראַגעס זיינען טיילווייז באַרירט געוואָרן אין דער אידישער און אין דער אַלגעמיינער פּרעסע, אָבער ווייט ניט אין אַ גענוגיקער מאָס. דאָס רוסישע אידנטום האָט שוין דעמאָלט געהאַט דריי פּעריאָדישע אָרגאַנען (צוויי וואָכנבלעטער — „רוסקי יעווריי" און „ראַזסוועט", און איין חודש־אויסגאַבע — „וואָסכאָד"), און די לעצטע האָבן געווידמעט גענוג פּלאַץ די פּאָגראָם־געשעענישן. אָבער, ראשית, זיינען זיי געווען געבונדן מיט דער צענזור און, שנית, האָבן זיי געהאַט אין זייער רשות ווייט ניט דעם גאַנצן מאַטעריאַל, נאָר באַשרייבונגען וועגן איינצלנע שטעט. דער מאַטעריאַל איז געווען ניט נאָר פאַרשידן געזאַמלט און פאַרשידן פאָרגעשטעלט, נאָר אויך ניט גענוג קריטיש דורכגעאַרבעט.

ס׳האָבן באַדאַרפט אַוועקגיין גאַנצע 30 יאָר ביז לעאָ מאָצקין, וועלכער האָט אָרגאַניזירט די פאָרשונג פון די פּאָגראָמען פון יאָר 1905, האָט געגעבן

## יעקב לעשצינסקי

אַ גאַר ווערטפולן סינטעטישן באַריכט אויך וועגן די פּאָגראָמען פון די 80ער יאָרן און דערביי שוין אויך געגעבן אַ מער קלאָר בילד וועגן דער אַטמאָספער, עקאָנאָמישער און פּאָליטישער, וועלכע האָט מעגלעך געמאַכט די פּאָגראָמען. אָבער אַפילו דער דאָזיקער זייער געוויסנהאַפטער אידישער פאָרשער, וועל־כער האָט גרינטלעך דורכשטודירט אַבסאָלוט אַלע מעגלעכע מאַטעריאַלן — די פּרעסע פון דער פּאָגראָמען־צייט, די רוסישע און אויסלענדישע; די באַריכטן פון די הילף־קאָמיטעטן; די באַריכטן פון די גובערנאַטאָרן צו דער רעגירונג; די געריכט־פּראָצעסן, די מאַטעריאַלן פון דער פּאַלענישער קאָמיסיע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1883 אונטערן פאָרזיץ פון גראַף פּאַלען און האָט געהאַט דעם ציל צו פאָרשן און אַרויסזאָגן די מיינונג וועגן דער עקאָנאָמישער ראָלע פון אידן און וועגן דער געזעצגעבונג וועגן אידן און האָט אָפיציעל געטראָגן דעם נאָמען „העכערע קאָמיסיע פאַר אַ רעוויזיע פון די געזעצן וועגן אידן אין דער רוסישער אימפּעריע״ — האָבן ניט געקאָנט אַלזייטיק באַ־לייכטן די פּאָגראָם־עפּאָפּייע פון די 80ער יאָרן. ערשט נאָכדעם ווי די גע־היימע אַרכיוון פון דער צאַרישער רעגירונג האָבן זיך געעפנט נאָך דער רעוואָ־לוציע פון 1917, איז געוואָרן מעגלעך אַרויסצוגעבן דאָקומענטן, וועלכע האָבן ניט נאָר מוסיף געווען אַ סך צו דער פאַקטישער זייט פון די פּאָגראָמען, נאָר, און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, זיי האָבן צוגעגעבן ביז גאָר וויכטיקע מאַטע־ריאַלן וועגן דער עקאָנאָמישער ראָלע פון אידן אין די ראַיאָנען, וואו ס׳זיינען פאָרגעקומען די פּאָגראָמען; זיי האָבן געבראַכט צום ערשטן מאָל אַ גרויסע צאָל מעמאָראַנדומס און דערקלערונגען פון פאַרשידענע באַפעלקערונג־גרופּעס צו די פאָרטרעטער פון דער מאַכט, אויך פון אידישע דעלעגאַציעס צו די מאַכט־פאַרטרעטער. ערשט דעמאָלט האָבן מיר באַקומען מאַטעריאַל צום ריכטיקן אורטיילן, ווי פאַרשידענע סאָציאַלע גרופּעס פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג האָבן זיך פאַרהאַלטן צו די פּאָגראָמען און ווי די העכערע שיכטן פון דער אידי־שער באַפעלקערונג האָבן געפּרואווט איבערצוצייגן די מאַכט־פאַרטרעטער אין דער עקאָנאָמישער נוצלעכקייט און פּאָליטיש־נאַציאָנאַלער טריישאַפט פון דער אידישער באַפעלקערונג.

אין 1923 איז דערשינען אַ באַנד דאָקומענטן און מאַטעריאַלן אונטערן

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

נאָמען „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון די אַנטי־אידישע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד" (די 80ער יאָרן, פון 15טן אַפּריל 1881 ביזן 29טן פעברואַר 1882) אונטער דער רעדאַקציע און מיט אַן אַריינפיר־אַרטיקל פון ג. י. קראַסני־אַדמוני. דאָס איז געווען דער צווייטער און, ליידער, דער לעצטער באַנד פון דער דאָזיקער וויכטיקער אויסגאַבע, כאָטש, ווי מיר זעען, האָט דער דאָזיקער באַנד אַרומגענומען נאָר אַ קנאַפּ יאָר, בעת די פּאָגראָמען האָבן זיך פּאַקטיש געצויגן ביזן סוף 1883. דער ערשטער באַנד פון דער דאָזיקער אויסגאַבע איז אַרויס אין 1919 אונטער דער רעדאַקציע און מיט אַריינפיר־אַרטיקלען פון שמעון דובנאָוו און קראַסני־אַדמוני און איז געווען געווידמעט די פּאָ־גראָמען אין דובאָסאַר און קישינעוו אין 1903. וועגן די סיבות פון דעם ניט־דערשיינען פון ווייטערע בענדער, כאָטש מאַטעריאַלן זיינען געווען די והותר, ווערן מיר געוואויר פון דער הקדמה צום צווייטן באַנד, וואו דער רעדאַקטאָר שרייבט: „ס'וועט זיין זייער טרויעריק, אויב מיט דעם צווייטן באַנד וועט די אויסגאַבע פון די דאָזיקע מאַטעריאַלן זיין פאַרענדיקט. ס'איז אָבער געוויס פאַראַן אַזאַ סכנה, ווייל די מלוכה זאָגט זיך אָפּ צו שטיצן באַזונדערע אַקאַדעמישע קאָמיסיעס און געזעלשאַפטן" (מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון די אַנטי־אידישע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, ב' 2, ז' 6 פון דער הקדמה).

דער נאָר וואָס דערמאָנטער באַנד האָט געוויס פיל מיטגעהאָלפן אויפ־צודעקן און אויפצוקלערן די פּאָגראָמען פון דער באַטראַכטער צייט, דאָך קאָ־נען די דאָזיקע אָפיציעלע מאַטעריאַלן ניט פאַרבייטן דאָס, וואָס אַ אידישע פאָרשונג־קאָמיסיע וואָלט באַדאַרפט און וואָלט געקאָנט אויפטאָן. די אַלע אויסגערעכנטע מאַטעריאַלן באַלייכטן כמעט אויסשליסלעך די דרויסנדיקע פאַקטאָרן און די אויסערלעכע סיבות פון די פּאָגראָמען, — פון אונזער נאַציאָ־נאַלן שטאַנדפונקט איז דאָך אָבער זייער וויכטיק אויפצוקלערן דעם פּסיכישן צושטאַנד פון די ברייטע אידישע מאַסן נאָך דעם פּאָגראָם־שאָק פון די 80ער יאָרן. געוויס זיינען געווען בולט'ע סימנים, ווי די אידישע באַפעלקערונג האָט אויפגענומען די פּאָגראָמען — דער וואוקס פון דער עמיגראַציע בכלל, דער אויפקום פונם „עם־עולם" און, ענדלעך און דער עיקר, די געבורט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פון די בילוצעס האָבן אָפּגעשפּיגלט די

פראָצעסן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין די אידישע מוחות און נשמות. מען מוז אָבער מודה זיין, אַז אי דער „עם־עולם״, אי דער „בילו״־פליגל האָבן דער עיקר אָפּגעשפּיגלט דעם שאָק, וואָס די אינטעליגענץ, אַ ביז גאָר שמאָלער שיכט פון דער גרויסשטאָטישער אידישער באַפעלקערונג, האָט געכאַפּט פון די פּאָגראָמען. די אידישע עמיגראַציע, וועלכע איז זיכער אין אַ געוויסער מאָס אַרויסגערופן געוואָרן פון די פּאָגראָמען, ריכטיקער, איז אינטענסיווירט געוואָרן פון די פּאָגראָמען, גיט נאָך ניט קיין אַלזייטיק בילד פון די שטימונגען פון די אידישע מאַסן צו יענער צייט. און גראָד דאָס איז דאָך געווען אַזוי וויכטיק אויפצוקלערן — ווייל יענע צייט האָט געדינט ווי אַן אַריינפיר ניט נאָר צו דער ציוניסטישער באַוועגונג, נאָר אויך צו דער אידישער רעוואָלו־ציאָנערער באַוועגונג.

אָבער, ווי שוין באַמערקט פריער, איז די אידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין רוסלאַנד און אין דער גאַנצער איבעריקער אידישער וועלט נאָך דעמאָלט ניט געווען דערוואַקסן און נאָך ווייניקער אָרגאַניזירט אום אויף זיך צו נע־מען אַזאַ גרויסע און קאָמפּליצירטע פּאָליטיש־וויסנשאַפטלעכע אַרבעט. גאָר אַנדערש איז שוין געווען די לאַגע אין 1905.

פיל, זייער פיל האָבן מיר צו לערנען פון דער פאָרשונג פון די פּאָגראָ־מען פון 1905, וועלכע איז געווען אָרגאַניזירט פון לעאָ מאָצקין און פון אים אין דער גרעסטער מאָס באַאַרבעט און פאַרעפנטלעכט. די גאַנצע אַרבעט איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער פינאַנציעלער הילף פון די לאָנדאָנער ציוניסטן און מיט דער פּאַקטישער הילף פון פיל ציוניסטישע אַקטיווע טוער פון רוסלאַנד.

די פאָרשונג איז אָבער דורכגעפירט געוואָרן אויף אַ העכסט אָביעק־טיוון אופן.

אַזוי שטייט געשריבן אין דעם פאָרוואָרט פון דער פאָרשונג־קאָמיסיע: „אונזער שטרעבונג איז צו רעגיסטרירן אַלע פאַקטן און זאַמלען דעם גאַנצן מאַטעריאַל אַבסאָלוט אָן טענדענצן. אַלע אָנטיילנעמער, ציוניסטן און ניט־ציוניסטן, זיינען געווען געוואָרנט אויף שריט און טריט, אַז די דאָזיקע אַר־בעט וועט פאַרלירן איר גאַנצן ווערט, אויב זי וועט ניט דורכגעפירט ווערן

אָביעקטיוו. און אויך דער אויספירלעכער פרעגבויגן איז געווען צוזאַמענגעשטעלט אין דאָזיקן גייסט" (די אידן־פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, ב' 1, ז' 6, פאָרוואָרט).

פאַרמולירנדיק אין אַ הקדמה דעם ציל און די מעטאָדן פון דער אונטערנעמונג, ווערט באַזונדער געוויכט געלייגט אויף אויפקלערן די „באַזונדערע לאַגע פון אידן אין דער סביבה", ווי אויך די „פאַרגעשיכטע פון די פּאָגראָמען". אונטערשטרייכנדיק די וויכטיקייט פעסטצושטעלן „די טרייבנדיקע קרעפטן פון די פאַרשידענע פּאָגראָם־סטאַדיעס", ווערט שטאַרק באַטאָנט די נויטווענדיקייט פון אויספירלעכער אויפקלערונג פון דער באַציאונג פון פאַרשידענע עלעמענטן פון דער אַרומיקער פרעמדער געזעלשאַפט און פון אירע רעאַקציעס אויף די פּאָגראָם־געשעענישן, ווי אויך דאָס האַלטן זיך פון דער אידישער באַפעלקערונג, איר זעלבסטשוץ און איר קאַמף פאַר איר לעבן און כבוד.

דער אַנקעטע־בויגן, וועלכער איז געטיילט אין 7 סוב־אָפּטיילן און אַנטהאַלט 58 פראַגעס, דאַרף דינען נאָר ווי אַ ראַם פאַר די איינצלנע פאָרשונגען, וועלכע מוזן זיין צוגעפּאַסט צו די פאַרשידנסטע לאָקאַלע באַדינגונגען — דאָס ווערט באַזונדערס באַטאָנט אין דער הקדמה. פונם אַנקעטע־בויגן איז גרינג פעסטצושטעלן, אַז די פאָרשונג איז ניט געווען גערעכנט פאַר אינדיווידועלע ציילונגען, נאָר פאַר קאָלעקטיווע אונטערזוכונגען, כאָטש מען האָט אויך אויסגענוצט עדות־ידיעות פון איינצלנע פערזאָנען. דער בוי פון דער אַנקעטע איז כראָנאָלאָגיש־אומפּאַסנדיק: דער ערשטער טייל — דער אַלגעמיינער — דאַרף געבן אַ בילד פון די אָרטיקע דעמאָגראַפישע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען. דערביי איז דער עקאָנאָמיק אָפּגעגעבן ווייניקער פּלאַץ ווי די פּאָליטישע מאָמענטן, אַרויסגייענדיק פונם שטאַנדפּונקט, אַז די עקאָנאָמישע באַדינגונגען מוזן באַטראַכט ווערן ניט לויט איינצלנע פונקטן, נאָר לויט גרעסערע ראַיאָנען. דער צווייטער טייל — ערב דעם פּאָגראָם — דאַרף אויפקלערן די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער, אין וועלכער דער פּאָגראָם איז רייף געוואָרן אָדער צוגעגרייט געוואָרן. ער דאַרף אויך געבן אַ פאָרשטעלונג וועגן די מיטלען, וועלכע זיינען געווען אונטערגענו־

מען פון אידן, כדי צו פאַרהיטן פון אַ פּאָגראָם, די באַציאונג פון די מאַכט־אָרגאַנען צו די פּאָגראָם־קלאַנגען אָדער צוגרייטונגען, ווי אויך צו די אידישע השתדלות׳ן. דער דריטער טייל — דער פּאָגראָם גופא — דאַרף געבן אַ בילד פון דעם פּאַקטישן פאַרלויף פון די פּאָגראָם־געשעענישן. דער פער־טער טייל — דער צוזאַמענשטעל און די אָרגאַניזאַציע פון די גראַמילעס — דאַרף געבן דער עיקר דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון די גראַמילעס, דעם סאָציאַל־קולטורעלן באַשטאַנד פון די אָנפירער פונם פּאָגראָם, אָרטיקע עלע־מענטן און צוגעוואַנדערטע, דאָרפישע אָדער שטאָטישע, אַקטיווע טיילנעמער און פּאַסיווע מיטהעלפער. דער פינפטער טייל — די מאַכט־אָרגאַנען, דאָס מיליטער און די אָרטיקע זעלבסטפאַרוואַלטונג בעת׳ן פּאָגראָם — דאַרף אויפ־קלערן די באַציאונג און די אַקטיווקייט פון די פאַרשידענע מאַכט־אָרגאַנען הן אין זין פון אָנטייל אינם פּאָגראָם און הן אין זין פון שטערן און ניט צו־לאָזן צו קיין פּאָגראָם. דער זעקסטער טייל, דער גרעסטער און וויכטיקסטער — די אידישע און ניט־אידישע געזעלשאַפט — סטאַרעט זיך ווי אַמאויספיר־לעכסטן און קלאָרסטן אויפצודעקן פריער פון אַלץ און מער פון אַלץ די האַלטונג פון דער אידישער געזעלשאַפט. יעדער מין ווידערשטאַנד, קאָ־לעקטיווער צי אינדיווידועלער, אָרגאַניזירטער אָדער ספּאָנטאַנער, דאַרף רעגיסטרירט ווערן און מוז ערנסט אין אַכט גענומען ווערן. ס׳ווערט גע־לייגט גרויס געוויכט אויף דער אויפקלערונג פונם פאַרהאַלטן זיך בעת׳ן פּאָגראָם פון פאַרשידענע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג. און אויך בנוגע דער ניט־אידישער באַפעלקערונג ווערט גרויס געוויכט געלייגט אויף יעדע אַקטיווע אויסערונג, לטובת די אידן אָדער לרעתם, אָרגאַניזירטע אוי־סערונג אָדער ספּאָנטאַנע, קאָלעקטיווע אָדער אינדיווידועלע. און ענדלעך דער זיבעטער טייל — די רעזולטאַטן פון די פּאָגראָמען — דאַרף געבן ידיעות וועגן די מענטשלעכע קרבנות — טויטע און פאַרוואונדעטע, מאַטעריעלע שאָדנס, די עקאָנאָמישע אויסווירקונגען אין ברייטערן זין פון וואָרט און ענדלעך די דערשיינונגען אין אידישן לעבן, וועלכע קאָנען געטייטשט ווערן אַלס אַרויסגערופענע פון דעם פּאָגראָם, ווי אויסוואַנדערונג וכדומה.

אין אַלגעמיינעם דאַרף מען זאָגן, אַז כאָטש ס׳איז געלייגט געוואָרן גרויס

געוויכט אויף די אָביעקטיווע זייטן פון די פּאָגראָמען, איז געגנוג טראָפּ גע־שטעלט געוואָרן אויך אויף דער סוביעקטיווער זייט — אויף דער אידישער געזעלשאַפט, אויף איר רעאַגירן אויף די פּאָגראָמען, אויף די געמאַכטע קאָנ־סעקווענצן פון די פּאָגראָמען.

20 מיטאַרבעטער זיינען געווען חדשים לאַנג פאַרנומען מיטן זאַמלען דעם מאַטעריאַל — 5 אַרטיקע מענטשן און 15, וועלכע זיינען אַרומגעפאָרן און באַזוכט 85 פּונקטן גרעסערע און אַ געוויסע צאָל קלענערע ערטער און אויפן אָרט אויסגעפילט די אַנקעטע־בויגנס. זיי האָבן אָבער ווייט זיך ניט געהאַלטן שטרענג ביי דער געדרוקטער פּראָגראַם, נאָר גערעכנט זיך מיט אירע ריכטליניעס, מיט דער אַלגעמיינער טענדענץ, צופּאַסנדיק זיך צו די לאָקאַלע באַדינגונגען און אויפדעקנדיק די אייגנאַרטיקייטן פון יעדן פּונקט, פון יעדער פּראָגראַם, פון יעדער רעאַקציע פון דער געזעלשאַפט. חוץ די דאָזיקע צוואַנציק שטענדיקע הויפּט־מיטאַרבעטער זיינען געווען הונדערטער פּרייוויליקע מיטאַרבעטער, וועלכע האָבן אויף די ערטער גע־האָלפן זאַמלען דעם מאַטעריאַל. די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן שוין אין דעצעמבער 1905, לכן צוויי חדשים נאָך די פּאָגראָמען, ווען „דאָס פאַרגאָסענע בלוט איז נאָך געווען פריש", ווי דאָס פאָרוואָרט צום ערשטן באַנד דריקט זיך אויס.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ביים אונטערפירן די סך־הכל׳ס און ביים געבן דאָס אַלגעמיינע בילד פון די פּאָגראָמען האָט מען זיך ניט באַנוצט נאָר מיט די אַליין־געזאַמלטע מאַטעריאַלן, נאָר מען האָט אויסגענוצט אויך אַנ־דערע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן, ווי די פּרעסע, די געריכט־פּראָצעסן, די באַריכטן פון די הילף־קאָמיטעטן, די אָפּיציעלע דאָקומענטן, ווי די באַריכטן פון די גובערנאַטאָרן איבער די פּאָגראָמען אין קיעוו, אָדעס און אין אַנדערע שטעט, די סטענאָגראַפישע באַריכטן פון די דומע־זיצונגען און פיל אַנדערע.

בעמט מען אין אַכט, אַז די גאַנצע זאַמל־אַרבעט האָט פּאַקטיש געמוזט דורכגעפירט ווערן אומלעגאַל, ווייל די רוסישע פּאָליצײ האָט אָפן געשטערט, און וואו נאָר זי האָט אַנטדעקט די זאַמלונג פון מאַטעריאַלן — זיי פאַרניכ־טעט, מוז מען קומען צום שלוס, אַז די צוויי בענדער מיט קרוב 1,000 זייטן

## יעקב לעשצינסקי

שטעלן מיט זיך פאַר אַ וויכטיקע מצבה דער פאָגראָם־עפּאָפּייע פון 1905. ס'איז ניט מעגלעך צו שרייבן די געשיכטע פון אידן אין רוסלאַנד אין ערשטן פערטל פון לויפנדיקן יאָרהונדערט, ניט ווענדנדיק זיך צו די דאָזיקע צוויי שווערע בענדער — שווערע ניט אין וואָג, נאָר פיל מער אין אינהאַלט.

מיט דער ערשטער וועלט־מלחמה הייבט זיך אָן אַ ניי קאַפּיטל אידישע מאַסן־קאַטאַסטראָפעס. די גירושים פון די פראָנט־ערטער, וועלכע האָבן אַרומגענומען העכער אַ האַלבן מיליאָן אידן; די פּאָגראָמען פון די רוסישע אַרמייען אין גאַליציע און די פאַרשלעפּונג פון די דאַרטיקע אידן אין די וויטסטע סיבירישע געגנטן; די שפּיאָנאַזש־בלבולים און די טויט־אורטיילן אויף אומשולדיקע אידן — אַט די אַלע קאַטאַסטראָפע־דערשיינונגען, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון די ערשטע מלחמה־חדשים ביז דער מערץ־רעוואָלוציע פון 1917, האָבן געפונען אַ ברייטע און אַלזייטיקע אָפּשפּיגלונג און באַלייכטונג אין די באַריכטן פון די צענדליקער באַפולמעכטיקטע פון יעקאָ״פּאָ, אָרט, אָזע און אָפּע (פיר צענטראַלע הילף־געזעלשאַפטן — אַלגעמיינע הילף, הילף דורך אַרבעט, הילף פאַר קראַנקע און בילדונגס־אַרבעט). די דאָזיקע באַפולמעכטיקטע האָבן פערזענלעך באַזוכט כמעט אַלע ערטער פון די קאַטאַסטראָפעס, אויפן אָרט דורכגעפירט גרינטלעכע און אויספירלעכע פאָרשונגען און איבערגעשיקט צו די צענטראַלעס פון די אויסגערעכנטע הילף־געזעלשאַפטן. חוץ דעם האָט דער פּאָליטישער קאָמיטעט ביי די אידישע דומע־דעפּוטאַטן געזאַמלט ספּעציעל דעם יורידישן מאַטעריאַל וועגן די אַלע שפּיאָנאַזש־פּראָצעסן, וועלכע די צאַרישע רעגירונג האָט אינסצענירט, כדי צו פאַרדעקן איר מפּלות־שאַנדע. אין דער פּרעסע פון יענער צייט איז געווען כמעט ווי אוממעגלעך צו באַרירן די פּאָליטישע זייטן פון די אַלע רדיפות און נגישות, אָבער די עקאָנאָמישע און קולטורעלע זייטן פון די חורבנות פון גאַנצע אידישע קהילות האָבן געפונען אַ גאַנץ ברייטע אָפּשפּיגלונג. דער מער ווערטפולער און אויספירלעכער מאַטעריאַל וועגן די אַלע עינויים־קשים פון די מלחמה־יאָרן איז געבליבן באַגראָבן אין די באַריכטן פון די דערמאָנטע באַפולמעכטיקטע, וועלכע זיינען באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון דעם העכערן שיכט פון דער אידישער דעמאָקראַטיש־רעוואָלו־

ציאָנערער אינטעליגענץ, און וועלכע האָבן געגעבן אַווירקלעך אַלזייטיק בילד פון די געשעענישן.

די אַרכיוון פון אַלע אויסגערעכנטע קאָמיטעטן זיינען אַלע קאָנפיסקירט געוואָרן פון די אידישע קאָמוניסטן און זיינען איבערגעגאַנגען אין רשות פונם קאָמוניסטישן געזקאָם. די אידישע קאָמוניסטן האָבן זיך געהאַט באַרימט, אַז זיי טרעטן צו צו דער באַאַרבעטונג פון די דאָזיקע מאַטעריאַלן און צום צוגרייטן צום דרוק אַ ריי סיגנטעטישע ווערק, וועלכע זאָלן אַנטהאַלטן אַ פולע פאַרשטעלונג פון די געשעענישן אין די מלחמה־יאָרן, ווי אין די נאָך־מלחמה־יאָרן. לײדער, זיינען אַזעלכע ווערק ביז איצט ניט דערשינען און ס׳איז ניט באַקאַנט, צי די אַרכיוון זיינען נאָך ערגעץ אויפגעהיט און צי מען טראַכט וועגן באַאַרבעטן זיי אין דער אָדער אַנדערער פאָרם.

אַן אויסנאַם שטעלן מיט זיך פאָר די מאַטעריאַלן, וועלכע ס׳האָט געזאַמלט אין גאַליציע ש. אַנ־סקי. זייענדיק אַ באַפולמעכטיקטער פון דעם פאַרבאַנד פון רוסישע שטעט, האָט ער געהאַט אַ מעגלעכקייט ניט נאָר צו זען מיט זיינע אייגענע אויגן די קאָזאַקישע פאָגראָמען און פרויען־פאַרגוואַלטיקונגען אין גאַליציע, נאָר אויך צו זאַמלען מאַטעריאַל און דאָקומענטן וועגן די דאָזיקע שוידערלעכע געשעענישן. כמעט איינער אַליין, מיט אייגענע כוחות און אויף אייגענער אַחריות האָט ער געזאַמלט אַ קאָלאָסאַלן מאַטעריאַל וועגן דעם מאַרטירערטום פון גאַליצישן אידנטום בעת דער אָקופּאַציע דורך די רוסישע אַרמייען. אַ טייל פון די דאָזיקע ווערטפולע מאַטעריאַלן האָט אַנ־סקי אַרויסגעגעבן אונטער דעם נאָמען „חורבן־גאַליציע״. כאָטש דאָס דאָזיקע ווערק איז ניט קיין שטרענג־וויסנשאַפטלעך ווערק און איז ניט געבויט אויף קאָנטראָלירטע דאַטעס און פאַקטן, שטעלט עס דאָך מיט זיך פאָר אַ היסטאָרישן דאָקומענט פון אומגעהייערן ווערט — דאָס זיינען אויפגענומענע לעבעדיקע פאָטאָגראַפיעס פון צענדליקער שוידער־פאַקטן, וועלכע אַנ־סקי האָט אָדער אַליין בייגעוואוינט אָדער אויפגענומען פון עדי־ראיה. דער גרעסטער טייל אָבער פון פאַרצייכענונגען, מאַטעריאַלן און דאָקומענטן (עטלעכע הונדערט נומערן) איז געבליבן טיילוויז אינם אַנ־סקי־מוזעאום אין ווילנע, אָבער דער עיקר אין לענינגראַד, — ווער וויס, וויפיל פון דעם אַלעם איז נאָך געבליבן

## יעקב לעשצינסקי

גאַנץ און וויפיל ס'וועט נאָך קאָנען אַמאָל אויסגענוצט ווערן פון אידישע היסטאָריקער.

דער אַלגעמיינער אויספיר איז זייער אַ טרויעריקער — די גאַנצע עפּאָכע פון די מלחמה־רדיפות, גירושים, בלבולים, פּאָגראָמען, חורבנות, עפּידעמיעס, איז עד־היום נאָך ניט באַלויכטן געוואָרן אין קיין שום ווערק. געוויס האָט דובנאָוו אין זיין געשיכטע געגעבן אַן אַלגעמיין ריכטיק בילד פון דער דאָזיקער פינסטערער צייט; מיר האָבן אויך אין אַנדערע ווערק קורצע כאַראַקטעריסטיקס פון דער דאָזיקער ערב־קאַטאַסטראָפע־צייט, אָבער טאָקע ווייל זי איז געווען אַ מין הקדמה צו די שפּעטערדיקע קאַטאַסטראָפעס, אַ מין סיגנאַל פאַר אידן, אַז צרות אַשר לא שערו אבותינו רוקן זיך אָן אויף אונז, פאַרדינט זי געוויס ניט נאָר אַ מער דעטאַלירטע אויסלייגונג, נאָר אויך אַ טיפערע באַלייכטונג און אַ מער דורכדרינגנדיקן אַנאַליז.

ניט קיין סך מער מזל האָבן געהאַט די אוקראַאיניש־דעניקינישע פּאָגראָמען, די שרעקלעכסטע זיבט דער צייט פון גזירת־ת״ח ות״ט. אמת, אין פּרט פון צונויפטראָגן און אָנזאַמלען מאַטעריאַל איז דער אַרכיוו פון די מאַטעריאַלן וועגן די אוקראַאיניש־דעניקינישע פּאָגראָמען געוויס דער רייכסטער פון וועלכער ס'ניט איז אידישער זאַמלונג אין דער גאַרער וועלט. דער ספּי־ריטוס רעקטאָר און דער פּאַקטיש אַקטיווסטער זאַמלער איז געווען דער היסטאָריקער אליהו טשעריקאָווער. אַ דאַנק זיין ממש לײדנשאַפטלעכער איבערגעגעבנקייט צום פּראָצעס פון זאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלן און זיי קאָנצענטרירן אין איין אָרט, האָט זיך איינגעגעבן צונויפצוטראָגן אַ מאַסע דאָקומענטן, מאַטעריאַלן און פאָטאָגראַפיעס, וועלכע וואָלטן געגעבן שטאָף פאַר אַ גוטן צענדליק דיקע ביכער. ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז אין דעם דאָזיקן פּאָגראָם־אַרכיוו געפינען זיך נעמען, פאַמיליעס און וואוין־ערטער פון צענדלי־קער טויזנטער הרוגים אין די פּאָגראָמען; העכער 400 פאָטאָגראַפיעס פון הרוגים, פון פאַרוואונדעטע און פון פּאָגראָמירטע שטעטלעך; פיל טויזנטער אָפיציעלע דאָקומענטן, באַפעלן און פאַראָרדענונגען פון פאַרשידענע מאַכט־אָרגאַנען, פון די צענטראַלע רעגירונגען ווי פון אָרטיקע, און פון פיל אַטאַמאַ־נען; טויזנטער אויסשניטן פון צייטונגען; הונדערטער בריוו און טאָג־ביכער

פון מענטשן, וועלכע האבן אליין איבערגעלעבט די פאגראמען; פיל טויזנטער גבית־עדות׳ן; אייניקע קינעמאטאגראפישע אופנאמען פון פאגראמען; הונדער־טער באריכטן פון הילפס־קאמיטעטן פון גרעסערע און קלענערע פונקטן, וואו ס׳זיינען פארגעקומען פאגראמען; פולע קאמפלעטן פון דער אידישער, רוסישער און אוקראאינישער פרעסע פון די יארן 1918—1920.

דער דאזיקער ארכיוו איז געשאפן געווארן אין קיעוו צום אנהייב פון 1919טן יאר ביים אידישן הילפס־קאמיטעט פאר געליטענע פון פאגראמען, אבער שפעטער, אין בערלין שוין, איז ער פארוואנדלט געווארן אין א זעלבסט־שטענדיקער אינסטיטוציע, וועלכע האט געטראגן דעם נאמען „מזרח־אידישער היסטארישער ארכיוו״. א דאנק דער אומדערמידלעכער ארבעט פון טשערי־קאווערן האט זיך איינגעגעבן צו באקומען א גאנצע ריי ארכיוון: פונם נאציא־נאלן סעקרעטאריאט ביי דער אידישער נאציאנאל־פארזאמלונג אין אוקראינע; פונם אידישן מיניסטעריום אין אוקראינע; פונם אפטייל פאר הילף צו די גע־ליטענע פון פאגראמען ביים רויטן קרייץ; פון מאסקווער און קיעווער הילפס־קאמיטעטן; פון די קיעווער, אדעסער און כארקאווער קהילות; פון דער ליגע פארן קאמף מיטן אנטיסעמיטיזם אין קיעוו; טיילן פון די ארכיוון פון אידגעז־קאם און פון דזשאינט; פיל נאך ניט־פארעפנטלעכטע מאטעריאלן וועגן די אויפשטאנד־באנדעס אין אוקראינע [פונם ארכיוו פון קיעווער טשעקא]; פון די הילפס־קאמיטעטן פאר די אוקראינער פליכטלינגע אין קישינעוו, ווארשע און לעמבערג; און נאך פיל, פיל מאטעריאלן, ווי פון קאמיטעט פון די אידישע דעלעגאציעס, פונם נאציאנאל־ראט אין ווארשע, וכדומה.

מיט גרויס מסירת־נפש פון א. טשעריקאווער איז די דאזיקע זאמלונג אריבערגעפירט געווארן פון קיעוו קיין מאסקווע און פון דארטן קיין בערלין, וואו מען איז ענדלעך צוגעטראטן צו דער באארבעטונג פון די מאטעריאלן. די רעדאקציע פון דער געפלאנטער אויסגאבע אין דער ערשטער ריי פון 7 בענדער (אנטיסעמיטיזם און פאגראמען אין אוקראינע אין די יארן 1917—1918; די פאגראמען אין אוקראינע אין 1919 [די פעטלורישע פאגראמען]; די דעניקינישע פאגראמען; דער בירגער־קריג און די פאגראמען; די רעזול־

## יעקב לעשצינסקי

טאַטן פון די פּאָגראָמען; באַשרייבונגען פון איינצלנע פּאָגראָמען מיט רשימות פון די פּאָגראָמירטע פונקטן, מיט נעמען פון צענדליקער טויזנטער הרוגים; מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער אידישער זעלבסטשוץ) האָט, ליידער, ניט אַרויסגעוויזן קיין אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן אויף צו שאַפן די נייטיקע פינאַנציעלע מיטלען אויף אַוועקצוזעצן צו דער אַרבעט די אַנגעמערקטע מחברים פון די ביכער. ס׳האָט זיך דעריבער קוים איינגעגעבן אַרויס־צוגעבן צוויי בענדער („אַנטיסעמיטיזם און פּאָגראָמען אין אוקראַינע״ פון א. טשעריקאָווער אין אידיש און רוסיש און „די פּאָגראָמען פון דער פריוווי־ליקער אַרמיי״ פון שעכטמאַנען). אין 1933 איז ווידער דער אַרכיוו מיט מסירת־נפש פון דעם זעלבן טשעריקאָווערן אַריבערגעבראַכט געוואָרן קיין פּאַריז. ענדלעך אין 1941 איז ווידער פון דעם זעלבן טשעריקאָווערן גע־ראַטעוועט געוואָרן אַ קליינער טייל פונם אַרכיוו קיין ניו־יאָרק. דער גרעס־טער טייל פון אַלע מאַטעריאַלן געפינט זיך וואַרשיינלעך אין מאַרסעל, וואו־הין ער איז איבערגעשיקט געוואָרן פון פּאַריז אין 1940.

אויף אַזאַ מין אופן קאָן מען קומען צום אויספיר, אַז אויך דאָס מאָל האָט די אידישע געזעלשאַפט ניט אויסגעהאַלטן דעם דור־עקזאַמען, ניט גע־זאָרגט פאַרן „בינו שנות דור ודור״, און די גרויזאַמסטע קאַטאַסטראָפע פון נאָך גזירת־ת״ח ות״ט איז געבליבן ניט נאָר ניט געגנוג באַלויכטן און אויפ־געקלערט, נאָר אַפילו ניט דערציילט פאַר די קומענדיקע דורות. אַ באַזונדער פאַרדראָס און ווייטיק איז, וואָס דער באַנד וועגן דער אידישער זעלבסטשוץ, וואָס וואָלט געוויס געווען אַ שטאָלץ און אַ טרייסט פאַר דורות, איז געבליבן ניט אַרויסגעגעבן.

ביי אונזער שטאָטלאָזן פאָלק, ביי וועלכן דער ספר, און דער היסטאָרישער ספר אין דער ערשטער ריי, פאַרבייט אים דאָס לאַנד און די מלוכה; ביי וועלכן זיין גאַנצע נאַציאָנאַלע ירושה איז מער פאַרקערפּערט אין ספרים, ווי אין אינסטיטוציעס; ביי וועלכן דער מענטש, דערצויגן אויף נאַציאָנאַלע היסטאָ־רישע טראַדיציעס און דורכגעזאַפּט מיט נאַציאָנאַלע זכרונות, איז דער הויפּט־מקור און דער הויפּט־טרעגער פון נאַציאָנאַלן המשך און דער הויפּט־בינדגליד

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

צווישן עבר און עתיד — ביי אַזאַ פאָלק מוז די פאַרגאַנגענהייט שפּילן אַ גרעסערע ראָלע, ווי ביי לאַנד־ און מלוכה־פעלקער.

געוויס, געוויס קאָן מען גרינג דערקלערן, פאַרוואָס די דאָזיקע עוולה פון לאָזן די מאַטעריאַלן פון איינער פון די גרעסטע קאַטאַסטראָפעס פון אונזער געשיכטע ניט־באַאַרבעט און ניט־אַרויסגעגעבן — מיט דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן דער צעפאַל פונם רוסישן אידנטום, פונם דאָזיקן קוואַנטיטאַטיוון און קוואַליטאַטיוון מאַסיוו, וואָס איז געווען אין משך פון דער לעצטער עפּאָכע ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה די באַזע פון אַלע אונזערע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, דאָס וויגעלע פון אַלע אונזערע קולטורעלע שאַפונגען און שוואונגען. מען האָט נאָך ניט באַוויזן צו ברענגען אין אָרדענונג די מאַטעריאַלן פון די מלחמה־פּורעניות׳ן, איז מען פאַרטשמעליעט געוואָרן פון אַ כוואַליע פּאָגראָמען; און מען האָט נאָך ניט באַוויזן אַפילו צונויפצוזאַמלען דעם גאַנצן מאַטעריאַל וועגן די פּאָגראָמען, האָט מען שוין געמוזט זיך לאָזן אין וועג אַריין זוכן ניט נחלה, נאָר מנוחה. און איידער מען האָט רעכט אָפּגערוט און געקומען צו זיך און אָנגעהויבן טראַכטן און זאָרגן וועגן עולם־הבא־אַרבעט, האָט מען שוין ווידער געמוזט לויפן זוכן מנוחה, וועלכע מען האָט אין ערגעץ ניט געפונען, ווייל באַלד איז מען פאַרפלייצט געוואָרן פון אַזאַ כוואַליע רדיפות און נגישות און גאָר גיך פון פּאָגראָמען און מאָרדן, אַז מען האָט שוין גאָר פאַרגעסן אין די „קליינע" קאַטאַסטראָפעס פון פאַר דער היטלער־עפּאָכע.

און אָט אַזוי שטייען מיר איצט פאַר דער גרעסטער און פאַראַנטוואָרטלעכסטער אויפגאַבע פון אונזער דור — דערציילן אונזערע קינדער און קינדס־קינדער דעם פאַרלויף און די סיבות פון דעם גרעסטן בראָך אין אונזער לאַנגער מאַרטירער־געשיכטע; דערציילן אונזערע קינדער און קינדס־קינדער עד סוף הדורות, ווי דאָס שוואַכע, מאַכטלאָזע אידישע פאָלק האָט געקעמפט מיט די לעצטע כוחות זיינע ניט אַזוי פאַרן לעבן, ווי פאַרן נאַציאָנאַלן און מענטשלעכן כבוד, ניט אַזוי פאַר דער פיזישער עקזיסטענץ, ווי פאַרן נאַציאָנאַלן קידוש־השם.

יעקב לעשצינסקי

## ב) די ספּעציפישע אויפגאַבעס פון דער פאַרשונג

די צילן פון דער פאַרשונג פון דער איצטיקער קאַטאַסטראָפע מוזן אַנט־שפּרעכן איר באַזונדערן, גאַנץ נייעם כאַראַקטער, ווי איר קאָלאָסאַלן, נאָך קיינמאָל ניט־געוועזענעם פאַרנעם.

קיין שום קאַטאַסטראָפע אין דער אידישער גלות־געשיכטע האָט ניט געטראָגן אַזאַ אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער, ווי די פון אונזער דור. און ניט נאָר אין דעם זין, וואָס די איצטיקע קאַטאַסטראָפע האָט פאַרכאַפּט די אידן פון 21 לענדער, פון העכער צוויי דריטל פון גאַנץ אייראָפּע, פון קרוב צו 9 מיליאָן אידן, בכן פון גוטע 90 פּראָצענט פון אַלע אייראָפּעאישע אידן און פון העכער אַ העלפט פון דעם וועלט־אידנטום. אויך ניט אין דעם זין, וואָס די מאָדערנע אַנטיסעמיטישע באַוועגונג, די באַזע פון דער איצטיקער קאַטאַסטראָפע, האָט אָנגענומען אַן אויסגעשפּראָכענעם אינטערנאַציאָנאַלן כאַ־ראַקטער און שטעלט זיך פּראָגראַמאַטיש און אָרגאַניזאַציאָנעל פאַר אַ ציל — אינטערנאַציאָנאַלע אויסראָטונג פונם אידישן פאָלק, ניט פון איינצלנע אידישע קלאַסן אָדער גרופּעס, נאָר בפירוש און לעיני כל העולם — די פאַר־ניכטונג פון אידישן זכר. די איצטיקע קאַטאַסטראָפע טראָגט אַן אינטער־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער לויט איר פּאָליטישן תוך, לויט יענער פאַטאַלער ראָלע, וואָס דער אַנטיסעמיטיזם האָט געשפּילט אין דער וועלט־קאַטאַסטראָפע, לויט דער פאַרפלעכטונג פונם אַנטיסעמיטיזם מיט אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע געשעענישן פון ערשטן גראַד.

איצט איז שוין געוואָרן קלאָר פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז דער אַנטי־סעמיטיזם איז געוואָרן איינער פון די סאַמע געפערלעכסטע אינסטרומענטן אין אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען. איצט איז געוואָרן מער ווי קלאָר, אַז ס׳איז ניט קיין צופאַל, וואָס די גאַנצע וועלט־נעץ פון היטלערס אַגענטורן פאַר שפּיאָנאַזש און פאַרראַט פאַלט צונויף הונדערט פּראָצענט מיט די אַנטיסע־מיטישע אָרגאַניזאַציעס פון די זעלבע לענדער. און נאָך וויניקער צופאַל איז דאָס, וואָס אַבסאָלוט אַלע פאַררעטערישע קוויזלינג־רעגירונגען פאַלן צונויף מיט די אַקטיווסטע אַנטיסעמיטישע גרופּעס פון די דאָזיקע לענדער.

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

ס׳איז אָבער ניט גענוג דאָס אויבערפלעכלעכע וויסן אַליין פון די דאָזיקע פאַקטן, אַז דאָס זאָל שוין ווערן אַן אַקטיווער פאַקטאָר אינם באַוואוסטזיין פון די פעלקער און אין זייער נאַציאָנאַלער און אינטערנאַציאָנאַלער פאָליטיק. אויפדעקן און צעוויקלען דעם גאַנצן קנויל פון דער נעץ פון אינטערנאַציאָנאַלע פאָליטיש־אַנטיסעמיטישע פאַרפלעכטונגען; אויפזאַמלען די קאָנקרעטע פאַקטן, ווי די פאַרשידענע קוויזלינגס ביי די פאַרשידנסטע פאָליטישע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען האָבן אויסגענוצט דעם אַנטיסעמיטיזם אויף צו געווינען די סימפּאַטיעס פון געוויסע געזעלשאַפטלעכע קרייזן; ווי די זעלבע קוויזלינגס האָבן אויסגענוצט דעם אַנטיסעמיטיזם אויף צו פאַרדעקן און פאַרמאַסקירן זייערע אָפן־פאַררעטערישע מעשים; ווי געשיקט און מיט דערפאָלג היטלער האָט מיט דער הילף פון דער אַנטיסעמיטישער מאַסקע באַקומען אַ צוטריט צו פעלקער, ביי וועלכע די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פילאָזאָפיע אַליין פאַר זיך וואָלט קיינמאָל ניט געהאַט קיין אָנהענגער; און, ענדלעך, ווי ער האָט אויסגענוצט דעם דאָזיקן צוטריט אויף צו דעזאָרגאַניזירן און דעזאינטעגרירן די געזעלשאַפט פון יענע פעלקער, קעגן וועלכע ער האָט שוין געשאַרפט די דייטשע שווערד — אָט די דאָזיקע קאָלאָסאַל־וויכטיקע היסטאָרישע אויפגאַבע וואָלט באַדאַרפט זיין צווישן די ערשטע פאָרשונגען פונם נייעם פעלקער־בונד. די דאָזיקע, פאַר אונז, אידן, אַזוי וויכטיקע אויפגאַבע איז, ליידער, ניט פאַר אונזערע כוחות ניט נאָר ווייל זי פאָדערט קאָלאָסאַלע מאַטעריעלע מיטלען, נאָר ווייל זי פאַרלאַנגט אין דער ערשטער ריי אַ צוטריט צו די שטאַטלעכע און מיליטערישע אַרכיוון פון צענדליקער לענדער; ווייל זי איז אויספירבאַר נאָר מיט דער הילף פון די רעגירונגען פון לענדער פון דער גאָרער וועלט.

דאָס הייסט אָבער ניט, אַז מיר זיינען אינגאַנצן פריי פונם דאָזיקן חוב און מעגן זיך פאַרלאָזן אויף אינטערנאַציאָנאַלע פאַקטאָרן, וועלכע וועלן שוין מאַכן די אַרבעט. מיר זיינען ניט פריי; פאַרקערט, מיר זיינען מחויב צו וועקן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג פון דער וועלט, ניט לאָזן איינשלאָפן דעם וועלט־געוויסן, וועלכער האָט זיך עפּעס ווי אַ ריר געטאָן פון טויטן פונקט אונטער דער ווירקונג פון די ביטערע קלעפּ פון דער איצטיקער מלחמה.

און שוין אויף צו פירן אַזאַ אַגיטאַציע־קאַמפּאַניע איז ניט גענוג אָנצואווייזן די אַלעמען באַקאַנטע שרייענדיקע פאַקטן, נאָר מען מוז זאַמלען דעם קאָנ־קרעטן מאַטעריאַל, וואָס איז צוגענגלעך פאַר אַ געזעלשאַפטלעכער אָרגאַני־זאַציע. און שוין דאָס איז גאָר ניט ווייניק. אָבער פיל וויכטיקער איז פאָלגנדעס:

דער מאָדערנער אַנטיסעמיטיזם, אין איינקלאַנג מיטן צייט־גייסט, איז אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, וואָס נעמט אַרום גרויסע מאַסן און איז באַוואָפנט מיט אַלע מאָדערנע מעטאָדן און אינסטרומענטן פון מאַסן־אָרגאַניזאַציעס און מאַסן־באַאיינפלוסנדיקע אָרגאַנען, ווי פרעסע, פילם, טעאַ־טער. אין די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס און אָרגאַנען קומען צום אויסדרוק די מעטאָדן פון אויסנוצן דעם אַנטיסעמיטיזם פאַר אינטערנאַציאָנאַלע צוועקן, די מעטאָדן פון פאַרדרייען די קעפ פון ברייטע מאַסן דורך ראַסן־האַס און פעל־קער־שנאה, אין דער ערשטער ריי דורך אַנטיסעמיטיזם. די דאָזיקע זייט פון דער ווירקונג פונם אַנטיסעמיטיזם אויף אינטערנאַציאָנאַלע פראַגעס מוז פון אונז באַאַרבעט ווערן און פאַרגעשטעלט ווערן דער געזעלשאַפטלעכער מיי־נונג פון דער וועלט. און ערשט דעמאָלט וועלן מיר קאָנען האָפן, אַז אַן אינ־טערנאַציאָנאַלער פּאָליטישער אָרגאַן זאָל זיך פאַראינטערעסירן מיט דער פראַגע און צוגיין צו איר פון די אַספּעקטן, וועלכע זיינען פריער אָנגעוויזן.

מיר קאָנען זיך אויך ניט אָפּזאָגן פון דער נאָר וואָס אָנגעמערקטער אויפגאַבע צוליב נאָך אַ טעם: ווייל דער אינטערנאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון אונזער איצטיקער קאַטאַסטראָפע האָט חוץ זיין כלפּי חוץ־פּנים נאָך אַ כלפּי פּנים־פּנים. די אויסנאַם־לאַגע פון אידן, וואָס מאַכט זיי פאַרן פאַסיקסטן און לויינבאַרסטן נאַציאָנאַלן און אינטערנאַציאָנאַלן שעיר לעזאזל, טרעט באַ־זונדערס בולט אַרויס אין די קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן פון די לעצטע 12 יאָר. ס׳וואָלט אָבער געווען אַ זעלבסטנאַרעריי, ווען מיר וואָלטן אָנגענומען, אַז דער דאָזיקער מאָמענט איז שוין געוואָרן קלאָר פאַר אַלע און ווערט שוין אָנערקענט פון אַלע שיכטן פון אידישן פאָלק. נאָך מער זעלבסטנאַרעריי וואָלטן מיר באַגאַנגען, ווען מיר וואָלטן זיך איינגערעדט, אַז דער באַוואוסטזיין פון אונזער אויסנאַם־לאַגע און איר פאַטאַלער ווירקונג אין דער גרעסטער

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

און שרעקלעכסטער קאַטאַסטראָפע פון אונזער געשיכטע איז שוין טיף אַריינגעדרונגען אין די נשמות פון אידן און איז געוואָרן דער רעגולירנדיקער פאַקטאָר אין אונזער לעבן.

ניט געקוקט אויף אַלעם געזאָגטן, באַטראַכטן מיר דאָך די אינטערנאַציאָנאַלע זייט פון דער קאַטאַסטראָפע ווי אַ ביי־אויפגאַבע, ווי אַ זייער וויכטיקע, אָבער דאָך אַ ביי־זאַך צו די הויפּט־צילן פון דער פאָרשונג.

דער הויפּט־צוועק פון דער פאָרשונג איז פשוט שבפשוט — ס׳איז אַ נאַציאָנאַלער חוב פון אונזער דור צו פאַרפיקסירן פאַר די קומענדיקע דורות די גאַנצע גרויס פון דער קאַטאַסטראָפע; פאַרפיקסירן אין דער בולט׳סטער פאָרם, אין שריפט און אין פאָטאָגראַפיעס, דעם גאַנצן פאַרנעם פון חורבן־בילד, אַלזייטיק און אַלץ־אַרומנעמענדיק פאָרשטעלן די געשעענישן ווי זיי זיינען אין דער ווירקלעכקייט פאָרגעקומען.

די דאָזיקע פאָרשונג איז אָבער אויך אַ שרייענדיקע קאָנקרעטע באַדערפעניש, ניט קיין טאָג־באַדערפעניש, נאָר אַן עפּאָכע־באַדערפעניש. קיכן פאַר הונגעריקע, קליידער־ און שיך־סקלאַדן פאַר נאַקעטע און באָרוועסע קאָן מען עפענען אָן חקירות און אָן דרישות. אויסאַרבעטן אָבער אַ נאַציאָנאַלע אויפבוי־פּראָגראַם לדורות, אָנמערקן ליניעס פאַר אַ נאַציאָנאַלער סאָציאַלער פּאָליטיק אויף עפּאָכעס קאָן מען ניט אָן אַ גרינטלעכער פאָרשונג ווי פון די סיבות און פאַרנעם פון די געשעענישן, אַזוי אויך פון די רעזולטאַטן, צו וועלכע זיי פירן און מוזן פירן.

פון דאָזיקן שטאַנדפּונקט, אַ גענוג הייליקן און דערהויבענעם, איז פאַר אונז וויכטיק אַ בילד, וואָס זאָל געבן ניט נאָר די אויסערלעכע געשעענישן — די צאָל דערמאָרדעטע, פאַרגוואַלטיקטע, פאַר קאַליקעס געמאַכטע, קאַליקעס פיזישע און פּסיכישע; פאַרנעם פון די מאַטעריעלע שאָדנס; מדרגה פון אידישער דעקלאַסירונג; איבערגאַנג פון די אידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אין ניט־אידישע הענט; פעסטקייט פון די דאָזיקע פּאָזיציעס אין די ניט־אידישע הענט; דאָס פאַרהאַלטן זיך פון די ניט־אידישע פעלקער, פון זייערע פאַרשידענע סאָציאַלע גרופּעס און קלאַסן, צו די מאָרדן, רויבן, און, דער עיקר, צו דער עלימינירונג פון אידן פון אַרומיקן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קולטורעלן

לעבן, און צענדליקער אַנדערע ניט ווייניקער וויכטיקע און באַדייטנדיקע פראַ־געס. פאַר אונז זיינען ניט ווייניקער וויכטיק די מער אינעווייניקסטע מאָ־מענטן פון די גרויסע געשעענישן און פון זייערע רעזולטאַטן — ליכט און שאָטן זאָלן גלייך געפאַרשט און גלייך פאַרגעשטעלט ווערן: מסירת־נפש פון איינע אין אָרגאַניזירן רעטונג און הילף אינם היטלער־גיהנום און זיך טיילן מיטן לעצטן ביסן, און נידערטרעכטיקער עגאָאיזם, וואָס איז גרייט צו קויפן דאָס אייגענע לעבן מיט איבערענטפערן אין שונא׳ס הענט נאַציאָנאַלע ברי־דער און שוועסטער; קידוש־השם פאַרן אידישן נאַציאָנאַלן כבוד, און חילול־השם פאַר דרייסיק גילדן; דאָס פּאַסיווע גיין צו דער שחיטה, און דער קאָלעק־טיווער און אינדיווידועלער ווידערשטאַנד און קאַמף ביז די העכסטע מדרגות פון העלדישקייט און מקריב זיין זיך פאַר אידן; בטחון און אמונה און אויס־האַלט ביי די בעסטיאַלישע פּייניקונגען, און שמד און זעלבסטמאָרד פון דער צווייטער זייט. שוין איצט איז קלאָר, אַז די שאָטן־זייטן ווערן בטל בששים פון די ליכט־שטראַלן, אָבער זיי פעסטשטעלן זיינען מיר מחויב.

לכן איז קלאָר, אַז קיין שום געזעלשאַפטלעכע טענדענצן און קיין שום אַפּריאָרישע טעאָריעס טאָרן ניט באַאיינפלוסן ניט דאָס זאַמלען פון די מאַ־טעריאַלן און ניט זייער אַנאַליז און זייער סינטעזירן. דער מעטאָד דאַרף איןביידע פאַלן זיין אַ שטרענג אָביעקטיווער און וויסנשאַפטלעכער. די גאַנ־צע אַרבעט אין אַלע אירע פאַזן און מאָמענטן דאַרף שטרעבן צו איין באמת הייליקן און דערהויבענעם ציל: געבן אונז אַליין און די שפּעטערדיקע דורות אַ בילד, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען די געשעענישן אין זייער פולסטער, אָבער אמת׳דיקסטער פאָרם; אין זייער מאַקסימאַלסטער מאָס און ריכטיקסטער געשטאַלט.

## ג) די אָרגאַניזאַציע

ס׳איז נאָך צו פרי שוין אויפצושטעלן אַ גענויעם טעכנישן פּלאַן, ווי די דאָזיקע פאַרצווייגטע פאָרשונגס־אַרבעט, וועלכע דאַרף אַרומנעמען 21 לענ־דער מיט פיל טויזנטער פּונקטן, זאָל אָרגאַניזירט ווערן. מיר וועלן דעריבער זיך דאָ באַגרענעצן מיט איניקע אַלגעמיינע באַמערקונגען.

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

מיר מיינען, אַז דאָ קומען אין באַטראַכט דריי פּאַרש־אָביעקטן, וועלכע וועלן זיך קעגנזייטיק ממלא זיין:

1) דער שטאַט אַלס גאַנצעס. אין דעם פרט וועט זיין דער עיקר־צוועק פעסטצושטעלן די פּאָליטיש־יורידישע זייט פון דער היטלער־אָקופּאַציע אָדער היטלער־הערשאַפט. די דאָזיקע פאָרשונג מוז געפירט ווערן, פאַרשטייט זיך, אין דער הויפּטשטאָט פון יעדן לאַנד, וואו מען דאַרף צוציען יורידישע קרעפטן, ווי אויך באַאַמטלעכע, אויף וויפיל זיי זיינען געווען טעטיק אין דעם שטאַטלעכן אַפּאַראַט בעת דער אָקופּאַציע. די געזעצגעבונג וועגן אידישן אייגנטום, וועגן דער געלטער לאַטע, וועגן די אַרבעט־לאַגערן און געטאָס און פיל, פיל אַנדערע מוזן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, שטודירט ווערן אין צענטער. אין דער הויפּטשטאָט איז אויך גרינגער צו שטודירן די עקאָנאָמישע ענדע־רונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין לאַנד, און אויף וויפיל די דאָזיקע ענדערונגען באַשטימען אָדער באַאיינפלוסן די וויטערע עקאָנאָמישע אַנט־וויקלונג פונם לאַנד. פון צענטער איז אויך באַקוועמער צו באַקומען אַן איבערבליק איבער דעם אָנטייל פון די קוויזלינגס און אויך פון אַנדערע גרו־פּעס, אַפילו פון גרופּעס פיינדלעכע צום אָקופּאַנטישן רעזשים, אין די פּאָגראָ־מען פון אידן, אין די „לעגאַלע" און אומלעגאַלע רויבן פון אידישן פאַרמעגן, אין באַזעצן די אידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. ענדלעך, אין צענטער וועט אויך זיין גרינגער צו קומען אין קאָנטאַקט מיט די ניט־אידישע פירער פון דער אונטערגרונד־באַוועגונג און באַקומען ידיעות וועגן אָנטייל פון אידן אין די גערילאַס־ און פּאַרטיזאַנען־אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך וועגן דער הילף, וואָס די אידישע באַפעלקערונג האָט בכלל באַקומען פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס.

2) איינצלנע פונקטן. ס'איז קלאָר, אַז ס'וועט זיין אוממעגלעך אויס־צופאָרשן אַלע פונקטן. אין איין פּוילן זיינען געווען אַריבער 800 אידישע געמיינדעס, חוץ קליינע אידישע דאָרפישע ישובים, וועמענס צאָל קאָן גרייכן אין די טויזנטער. אין אַלע 21 לענדער שטייען מיר פאַר אַ צאָל פונקטן, וואָס גרייכט אין די פיל טויזנטער, ווען מיר זאָלן זיך אַפילו באַגרענעצן נאָר מיט שטאָטישע ישובים. קלאָר, אַז מען וועט מוזן אין יעדן לאַנד זיך אָפּשטעלן אויף אַ באַשטימטער צאָל פונקטן, זיך רעכענענדיק אין דער ערשטער ריי

יעקב לעשצינסקי

מיט דער צאָל אידן און אין דער צווייטער ריי מיט אויסנאַם־געשעענישן אין דעם אַדער אַנדערן פּונקט. עס איז נאָך אונזער אויסרעכענונג אין די 21 לענדער פון היטלערס אָקופּאַציע געווען אַרום 120 שטעט מיט מער פון 10 טויזנט אידן, אין וועלכע ס׳האָבן געלעבט פאַר דער מלחמה פון 40 ביז 45 פּראָצענט פון די אידן פון די דאָזיקע לענדער. אויב מען זאָל נאָך צוגעבן דערצו אַ געוויסע צאָל קלענערע און גאָר קליינע פונקטן, וואו די געשעענישן האָבן זיך אויסגעצייכנט אָדער מיט גאָר גרויזאַמע פאָרמען אָדער, פאַרקערט, מיט גאָר ווייכע פאָרמען, וועלכע זאָלן אַרומנעמען פון 10 ביז 15 פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג פון געגעבענעם לאַנד, וואָלט מען געקאָנט מיט אַ רואיק געוויסן באַהויפּטן, אַז דער מאַטעריאַל, וואָס וואָלט אַרומגענומען צוזאַמען פונקטן מיט אַ אידישער באַפעלקערונג פון 50 ביז 60 פּראָצענט, איז אַבסאָלוט באַרעכטיקט וויסנשאַפטלעך פאַרוועריטיקט צו ווערן.

גאַנץ נאַטירלעך, אַז דאָס זיינען נאָר אַלגעמיינע באַמערקונגען, און ביים אויסאַרבעטן דעם קאָנקרעטן פּלאַן וועט מען זיך מוזן רעכענען מיט די באַזונדערקייטן פון יעדן לאַנד. ס׳איז ניטאָ קיין כלל אָן אַ יוצא מן הכלל. אין פוילן, למשל, אָדער אין רומעניע, וואו ס׳איז געווען אַ גרויסער פּראָצענט דאָרפישע אידן און וואו ס׳זיינען געווען אידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס, וועט מען מוזן איינשליסן אין פאָרשונגס־פּלאַן אויך דאָרפישע פונקטן, בעת אין דייטשלאַנד אָדער פראַנקרייך איז דאָס לחלוטין איבעריק. אין גאַליציע אָדער אין בעסאַראַביע און בוקאָווינע, וואו ס׳זיינען געווען אַ סך קליינע אידישע געמיינדעס און וואו ס׳איז זייער וויכטיק פעסטצושטעלן דאָס פאַרהאַלטן זיך פון פאַרשידענע נאַציאָנאַלע גרופּעס צו אידן, וועט מען מוזן אָפּגעבן אַ גרעסערע אויפמערקזאַמקייט צו קליינע פונקטן, ווי אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך, וואו די ניט־אידישע באַפעלקערונג איז אַן איינהייטלעכע. אין בעלגיע, וואו מיר האָבן צו טון מיט אַ צוויי־פעלקערלעכער מלוכה און וואו ס׳איז ווידער אַמאָל זייער וויכטיק פעסטצושטעלן די פאַרשידענע באַציאונג צו אידן מצד פאַרשידענע נאַציאָנאַלע טיילן פון דער מלוכה, וועט מען מוזן אַנדערש פאַרטיילן די פונקטן, ווי אין האָלאַנד אָדער דענעמאַרק, וואו מיר האָבן צו טון מיט אַן איינהייטלעכער אַרומיקער באַפעלקערונג. ס׳איז

קלאָר, אַז אין דער קליינער שטאָט קומט גיכער און שאַרפער צום אויסדרוק די באַציאונג צו אידן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַלע אָדער אַפילו סאָציאַלע גרופעס, ווי אין די גרויסע שטעט, וואו פיל שטריכן ווערן ניוועלירט. און ווייל דער דאָזיקער פונקט — די באַציאונג פון פאַרשידענע פעלקער צו אידן און זייער האַלטן זיך ביי די קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן — איז פאַר אונז זייער און זייער אַ וויכטיקער, וועט מען מוזן כסדר אים האָבן אין אויג ביים אויסוואַל פון פאַרש־פונקטן.

3) יחידים. וואָלטן מיר געבליבן ביי פונקטן און ביים שטאָט, וואָלט דער גרואַמלטער מאַטעריאַל אפשר געווען גענוג אויף געבן אַן אָביעקטיוו וויסנשאַפטלעך אַלגעמיין בילד וועגן דעם לויף פון די געשעענישן און וועגן די רעזולטאַטן. ס׳וואָלט אָבער געפעלט אַ גרויסער עיקר — דאָס הייסע בלוט פון די געשעענישן, דער קאָנקרעט געליטענער לעבעדיקער מענטש; ס׳וואָלט געפעלט דער אוממיטלבאַרער אָביעקט פון דער קאַטאַסטראָפע. דעריבער האַלטן מיר פאַר נייטיק, אַז אין יעדן לאַנד זאָלן נאָך דורכגעפירט ווערן יחיד׳ישע אַנקעטעס, וועלכע זאָלן פאַררעגיסטרירן די אינדיווידועלע ליידן פון אַ באַשטימטער צאָל מענטשן; די אינדיווידועלע אַבידות אין פאַמיליע און קרובים; די אינדיווידועלע שאָדנס; די אינדיווידועלע איבערלעבונגען און זייער איינפלוס אויפן פיזישן און פסיכישן צושטאַנד; די אינדיווידועלע צוזאַמענטרעפן מיט דער ניט־אידישער באַפעלקערונג און די פערזענלעכע איינדרוקן פון די דאָזיקע צוזאַמענטרעפן; די אינדיווידועלע צוזאַמענשטויסן פנים־אל־פנים מיטן לעבעדיקן דייטש, רומענער, מאַדיאַר, מיטן אוממיטלבאַרן אויספירער פון די באַרבאַרישע באַפעלן, מיט דעם אוממיטלבאַרן טרייבער אין די גאַז־קאַמערן, מיט דעם אוממיטלבאַרן פייניקער אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

ס׳איז ניט שייך צו באַשטימען, וויפיל אינדיווידועלע בויגנס מען זאָל שטרעבן אויסצופילן. אין דעם פאַל איז די מימרא, אַז „וכל המרבה הרי זה משובח״, אַמפּאַסיקסטן. דאָך וואָלטן מיר געזאָגט, אַז כדי אונזער ציל זאָל אַמפולסטן דערגרייכט ווערן — צו געבן דעם אַבסטראַקטן מאַטעריאַל פון די קאָלעקטיווע ציפערן קאָנקרעטקייט און לעבעדיקייט — דאַרפן מיר

## יעקב לעשצינסקי

זיך שטעלן פאַר אַ ציל צו זאַמלען ניט ווייניקער פון 50 טויזנט אינדיווידועלע בויגנס. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ערשט ביי דער דאַזיקער אַרבעט וועט מען מוזן גאָר, גאָר זאָרגפעלטיק אויסקלייבן די פונקטן, וואו מען זאָל דורכפירן פולע אינדיווידועלע ציילונגען. מעגלעך, אַז ס׳וועט זיין ראַציאָנעלער ניט דורכצופירן פולע ציילונגען אין עטלעכע טיפּישע פונקטן — טיפּישע הן נעגאַטיוו און הן פּאָזיטיוו, — נאָר אויספילן אין אַ געוויסער צאָל פונקטן 50 טויזנט בויגנס. ערשט אַ קאָנקרעטע באַקאַנטשאַפט מיט דער לאַגע אין איראָפּע וועט אונז לערנען, וואָס ס׳איז צוועקמעסיקער. און צוועקמעסיקייט איז דאָ די איינציקע קריטעריע.

מיר האַלטן פאַר איבעריק זיך לאַנג אָפּצושטעלן אויף דער פראַגע וועגן דעם געאָגראַפישן פאַרנעם פון דער פאָרשונג — ס׳איז צו קלאָר, אַז אַלע 21 לענדער פון היטלערס השפעה מוזן אַריינגיין אין תחום פון דער פאָרשונג. ס׳איז אויך איבעריק לאַנג צו בריינען, אַז ניט אַלע לענדער פאָרדינען איינע און די זעלבע אויפמערקזאַמקייט און לכן איינע און די זעלבע קאָנצענטראַציע פון פאָרש־כוחות. דער חילוק צווישן די לענדער איז ניט נאָר אַ קוואַנטיטאַטיווער, נאָר אויך אַ קוואַליטאַטיווער. פּוילן מוז זיין דער גרעסטער „מיוחס" ניט נאָר, ווייל דאָרטן האָבן געלעבט מער אידן, ווי אין וועלכן ס׳ניט איז אַנדערן לאַנד אין איראָפּע. דער „יחוס" פונם פּוילישן אידנטום שטאַמט, ליידער, נאָך פון אַן אַנדערן מקור — פּוילן איז פון די דייטשן פאַרוואַנדלט געוואָרן אינם קבר פונם איראָפּעאישן אידנטום.

גאָר אַנדערש איז מיט דער צייט־פראַגע — פון וואָסער אַ צייט־פּונקט הייבן מיר אָן אונזער פאָרשונג? פון סעפּטעמבער 1939 — פון דעם חודש, ווען די גרויסע קאַטאַסטראָפע איז אַריינגעטראָטן אין איר אַקטיווער סטאַדיע? פון מערץ 1938 — אָקופּאַציע פון עסטרייך — פון דעם פונקט, וואָס איז געווען דער ערשטער אָפענער סיגנאַל פון היטלערן, אַז ער גייט איינגעמען איראָפּע און ממילא אויסראָטן דאָס אידישע פאָלק? פון דער מינכענער קאָנפערענץ, ווען מיט דער פּאַטאַלער נאָכגיביקייט האָט מען בלי־ספק צוגעגעבן מוט די פאַרכאַפּערישע אַפּעטיטן פון היטלערן און ממילא זיין אַפּעטיט צו פאַרניכטן דאָס אידנטום? אָדער אפשר גאָר פון יאַנואַר 1933 — פון דעם סאַמע וואָרצל

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

ניט נאָר פון דער אידישער קאַטאַסטראָפע, נאָר בפירוש פון דער וועלט־קאַטאַסטראָפע?

מיר זיינען פעסט איבערצייגט, אַז מען מוז אָנהייבן פון יאַנואַר 1933. דער חורבן פון דייטשן אידנטום איז הן פון ריין אידישן שטאַנדפונקט און הן פון שטאַנדפונקט פון דער גאַנצער אייראָפעאישער קולטור אַזאַ קאָלאָסאַלע דערשיינונג, אַז מען קאָן ניט לאָזן די דאָזיקע הקדמה צו דער קאַטאַסטראָפע ניט גרינטלעך אויפגעקלערט און גריגטלעך פאָרגעשטעלט און צוגעשטעלט דער וועלט. אָן דער דאָזיקער אָרגאַנישער הקדמה צו דער קאַטאַסטראָפע וואָלט געבליבן אַ בלויז אין דער גאַנצער אַרבעט, וועלכער וואָלט שטאַרק אָפּגעשוואַכט דעם ווערט פון דער גאַנצער פאָרשונג. אָבער נאָך וויכטיקער זיינען פאָלגנדיקע טעמים: 1) דער אַנטיסעמיטיזם איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע און ווירקנדיקסטע צוגרייטונג־מיטלען פון דער נאַצי־פּאָליטיק צו דער מלחמה. אויפדעקן די דאָזיקע ראָלע זיינע מוז זיין איינע פון אונזערע אויפגאַבעס, כאָטש, ווי שוין אָנגעוויזן פריער, מוז די דאָזיקע גראַנדיעזע אינטערנאַציאָנאַלע פראַגע אין איר גאַנצן פאַרנעם פאַלן אויף די פּלייצעס פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן אָרגאַן; 2) אָן דער צעניאָריקער דערציאונג פון גאַנצן יונגן דייטשן דור אויף דער „איבערמענטשלעכער" נאַצישער פילאָזאָפיע וואָלט אפשר אוממעגלעך געווען די גאַנצע אונטערמענטשלעכקייט, וועלכע האָט זיך אַזוי טראַגיש־פאַטאַל מאַניפעסטירט אין די גאַז־קאַמערן און אין די קברים פול מיט גאַנץ־ און האַלב־לעבעדיקע מענטשן, אין דער ערשטער ריי — אידן; 3) אָן דעם פאַסיוון צוזען פון דער גאָרער וועלט, ווי איינער פון די גייסטיק־רייכסטע אידישע קיבוצים פון דער וועלט מיט קאָלאָסאַלע וויסנשאַפטלעכע, קינסטלערישע און עקאָנאָמישע פאַרדינסטן פאַר דער מאָדערנער קולטור ווערט אויסגערויבט און אויסגעמאָרדעט, וואָלט אפשר היטלער ניט געהאַט קיין מוט אַזוי חוצפה׳דיק צו דערקלערן און טאַקע דורכצופירן די פאַרניכטונג פון מיליאָנען אידן, און ס׳וואָלט אפשר אויך אוממעגלעך געווען די — ווייך גערעדט — פאַרעוועע באַציאונג פון די פעלקער צו דער פאַקטישער פאַרניכטונג פון מיליאָנען אידן.

אָט צוליב די אַלע סיבות געפינען מיר פאַר נייטיק אָנצוהייבן די פאַר־

שונג בפירוש פון דייטשלאַנד, פונם אבי אבות הטומאה, און דאָס מיינט פון יאַנואַר 1933.

ביי וואָסער צייט־פּונקט אָבער שטעלן מיר זיך אָפּ? ס׳קאָן גאָר קיין ספק ניט זיין, אַז מיר דאַרפן דערציען די פאָרשונג ביזן מאָמענט פון דער מאַטעריאַלן־זאַמלונג. די זאַמלונג פון די מאַטעריאַלן וועט געוויס פאַרקומען אין פיל לענדער מערערע חדשים, און אין אייניקע לענדער אַפילו אפשר אַ יאָר אָדער מער נאָך דער באַפרייאונג. דאָס אַרומיקע לעבן וועט שוין האָבן אָנגעהויבן אַריינצוגיין אין זיינע נאָרמאַלע גרענעצן; די גרונט־שטריכן פונם נייעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן סדר וועלן שוין בולט אַרויסטרעטן; די באַציאונג פון דער אַרומיקער ניט־אידישער באַפעלקערונג צו דער פאַראַנגענער אָדער זיך אומקערנדיקער אידישער באַפעלקערונג וועט שוין אויך זיין מער אָדער ווייניקער קלאָר; די ערשטע טריט פון דער אידישער באַפעלקערונג אויף שטעלן אַ פוס אין עקאָנאָמישן לעבן, אויף צו פאַרנעמען פאַרלאָרענע אָדער אויסקעמפן נייע פּאָזיציעס אין לעבן וועלן שוין אויך זיין מער אָדער ווייניקער קלאָר — דאָס זיינען דאָך אַלץ פראַגעס פון קאָלאָסאַלער וויכטיקייט, און ס׳וואָלט געווען אַן אומגעהייערער פעלער ניט צו פאַרפיקסירן די דאָזיקע מאָמענטן.

צוקומענדיק נאָענטער צו דער אָרגאַניזאַציע־פראַגע, ווילן מיר צוערשט באַמערקן, אַז מיר באַהאַנדלען דערווייל נאָר און אויסשליסלעך די ערשטע סטאַדיע פון דער גרויסער היסטאָרישער אונטערנעמונג — די סטאַדיע פון מאַטעריאַל־זאַמלונג, די פאַרפיקסירונג פון די געשעענישן ביז וואַנען דאָס אידישע בלוט זידט נאָך אין די טויזנטער קברים, ביז וואַנען די שאָטנס פון די פאַרפייניקטע און פאַרמוטשעטע פאַרפאָלגן אונז נאָך. די באַאַרבעטונג פון דעם געזאַמלטן מאַטעריאַל איז אַ שפּעטערדיקע סטאַדיע, וועלכע וועט שפּעטער באַטראַכט ווערן.

בנוגע דער אָרגאַניזאַציע פון דער מאַטעריאַלן־זאַמלונג, איז שווער אויפצושטעלן אַ גענויעם פּלאַן, ווייל אַלץ איז אָפּהענגיק פון די פינאַנציעלע מיטלען, וועלכע וועלן געשטעלט ווערן פאַר דעם דאָזיקן צוועק. דאָך מוז מען אָנוואַרפן אַ מינימום־פּלאַן, וואָס מוז זיין ווי אַ „קאָנדיציאָ סינע קוואַ נאָן"

פאַר אָנהייבן די אַרבעט. מיר גייען אַרויס פון דער הנחה, אַז פאַר דעם צוועק ווערט באַשאַפן אַ ספּעציעלער אינסטיטוט. די העכסטע אָנפירנדיקע קאָלעגיע דאַרף באַשטיין מינימום פון 5 דירעקטאָרן, וועלכע פאַרוואַלטן מיט באַזונ־דערע אָפּטיילן, ווי באַפעלקערונג־באַלאַנס, מאַטעריעלע שאָדנס, צווישן־פעל־קערלעכע באַציאונגען, פיזישער און פּסיכישער צושטאַנד פון די לעבן־געבלי־בענע, די עקאָנאָמישע רעזולטאַטן פון דער מלחמה בכלל און פון דער אידי־שער עלימינירונג בפרט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זיינען נאָר ביישפּילן, און מען וועט קאָנען שפּעטער אָרגאַניזירן די אָפּטיילן מער אַנטשפּרעכנדיק צום מאַטעריאַל, וואָס וועט אָנהייבן אָנקומען. ס׳איז אויך זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די אָנגערופענע 5 אָפּטיילן שעפּן ניט אויס אַלע טעמעס, און מען וועט מוזן קרוב׳ישע פּראָגעס איינגלידערן אַלס סוב־אָפּטיילן אין די הויפּט־סעקציעס.

אין יעדן לאַנד מוז זיין אין דער הויפּטשטאָט אַ קאָלעגיע, וועלכע פירט אָן מיט דער אַרבעט פון געגעבענעם לאַנד. די דאָזיקע קאָלעגיע מוז האָבן אין איר שפּיץ אַ אידיש־געבילדעטן און סטאַטיסטיש־פאַרבערייטעטן מענטשן, וואָס זאָל, פון איין זייט, שטאַמען פון געגעבענעם לאַנד, און זאָל, פון דער צווייטער זייט, זיין ענג פאַרבונדן מיט דער אָנפירנדיקער קאָלעגיע. דאָס זיי־נען פאָדערונגען, וועלכע ס׳וועט זיין ניט גרינג צו פאַרווירקלעכן, אָבער די פּרינציפּן מוזן אויפגעשטעלט ווערן, כדי מיר זאָלן זיין מחויב זיך אָנצו־שטרענגען און אויסצוזוכן די פּאַסיקסטע מענטשן. די לאַנד־קאָלעגיע מוז באַשטיין פון צוויי אינסטאַנצן — פון אַ העכערן פּלענום, וואוהין ס׳גייען אַריין די פּראָפעסיאָנעל באַשעפטיקטע ביי דער אַרבעט און אַ געוויסע צאָל אָר־טיקע פאַרטרעטער פון אָרגאַניזאַציעס, אויב אַזעלכע פאַרטרעטער זיינען גראָד לעבן־געבליבן, אָדער געשיקטע פון ניי־אויפגעקומענע. נאַטירלעך, אַז דאָ קומען אין באַטראַכט אין דער ערשטער ריי פאַרטרעטער פון די קהילות, אויב אַזעלכע זיינען שוין אָרגאַניזירט, אָדער געוועזענע מיטגלידער פון קהילה־פאַרוואַלטונגען, פון אידישע עקאָנאָמישע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס. די דאָזיקע גרעסערע קאָלעגיע איז אַ באַראַטנדיקע און איר מיסיע דאַרף זיין ניט אַזוי אַן איינפלוס אויפן כאַראַקטער פון דער זאַמל־אַרבעט, ווי אין דער הילף אין שטאַטלעכע און שטאַטישע אינסטאַנצן ביים אַרויסבאַקומען דער־

לויבעגישן, פּריוואַלעגיעס אין רייזע־הוצאות וכדומה, ווי אויך אין אַרויסרופן ביי דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג צוטרוי און אינטערעס צו דער פּאַרש־אַרבעט. די פּאַקטיש אַרבעטנדיקע און אָנפירנדיקע לאַנד־קאָלעגיע באַשטייט מינימום פון דריי מענטשן און ווערט פאַרגרעסערט אָפּהענגיק פון דער געוויזענער גרייס פון דער אידישער באַפעלקערונג אין לאַנד און פון דער קאָמפּליצירטקייט פון דער פאַרשטייענדיקער אַרבעט אין געגעבענעם לאַנד. למשל, פאַר דייטשלאַנד דאַרף מען האָבן אַ קאָלעגיע ניט קיין קלענערע, ווי פאַר פּוילן, כאָטש אין דער לעצטער זיינען געווען אין 1933 זעקס מאָל מער אידן, ווי אין דייטשלאַנד. צו דער דאָזיקער זיץ־קאָלעגיע מוז צוגעגעבן ווערן אַ רייזע־קאָלעגיע, וועלכע באַזוכט די פּונקטן, וואו די זאַמל־אַרבעט קומט פאַר, אינסטרואירט, קאָנטראָלירט און זאָרגט פאַר דער איינהייטלעכקייט און גרינטלעכקייט פונם געזאַמלטן מאַטעריאַל, פירט דורך צוגאָב־פאַרשונגען אין פאַלן, וועלכע ווערן אַרויסגערופן נאָך דער באַקאַנטשאַפט אין לאַנד־צענטער מיטן צוגעשיקטן מאַטעריאַל, הכלל — פירט אָן מיט דער אַרבעט ניט שריפטלעך, ווי די זיץ־קאָלעגיע, נאָר קאָנקרעט, פּנים־אל־פּנים. די דאָזיקע רייזע־קאָלעגיע באַקאַנט זיך קאָנקרעט מיט די פּעאַיקייטן פון די לאָקאַלע מיטאַרבעטער, מיט זייער אַרבעט און באַרופנקייט צו דער אַרבעט און מאַכט פאַרשלאָגן דער לאַנד־צענטראַלע וועגן צונעמען און אָפּזאָגן מענטשן. די אָנפירנדיקע לאַנד־קאָלעגיע ווערט באַשטימט פונם העכסטן אָרגאַן פון דער פאַרשונג.

רעכענען מיר 18 לאַנד־קאָלאָניעס (מיר רעכענען ניט נאָרוועגיע, עסטלאַנד און פינלאַנד, וואוהין מען וועט קאָנען שיקן מיטגלידער פון די שכנ׳ישע קאָלעגיעס צו אָרגאַניזירן די אַרבעט), פון וועלכע בערך צען וועלן דאַרפן זיין קליינע קאָלעגיעס און 8 גרעסערע, וועלן מיר קומען צום שלוס, אַז דער קוואַליפיצירטער פּערסאָנאַל פון די דאָזיקע לענדער (אַריינגערעכנט די רייזנדיקע) וועט מוזן באַשטיין פון אַרום 150 מיטאַרבעטער. צו זיי דאַרף מען צורעכענען אַרום 300 מאַן פון טעכנישן פּערסאָנאַל.

און איצט קומען מיר צו די לאָקאַלע מיטאַרבעטער. מיר שטעלן זיך פאָר, אַז די אַרבעט וועט קאָנען דורכגעפירט ווערן אין די אָפּיסעס און מען

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

וועט ניט דאַרפן באַזוכן די געליטענע אין זייערע היימען פאַר רעגיסטראַציע. דאָ גייט, פאַרשטייט זיך, די רייד וועגן די 50 טויזנט יחיד׳ישע בויגנס. אין נאָרמאַלע צייטן איז אָנגענומען, אַז דער בירגער וועט ניט פטר׳ן קיין צייט אויף צו גיין אין אָפיס זיך פאַרשרייבן צוליב וויסנשאַפטלעכע צוועקן. איצט איז שאַני — דער איד וועט קומען און וועט זיך לאָזן געבוי אויספרעגן, ווייל ער וועט וועלן זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן. דאָס שפּאָרט איין אַ סך אַר־בעט און לכן אויך געלט.

פאַר די 120 שטעט מיט העכער 10 טויזנט אידן פאַר דער מלחמה וועט מען מוזן האָבן ניט ווייניקער פון 450 קוואַליפיצירטע מיטאַרבעטער, רע־כענענדיק, אַז אין די 7 שטעט מיט 100 טויזנט און מער אידן וועט מען דאַרפן ניט ווייניקער ווי 70 מיטאַרבעטער; אין די 8 שטעט מיט העכער 50 טויזנט אידן וועט מען באַדאַרפן 40 מיטאַרבעטער; אין 20 שטעט מיט דער צאָל אידן פון 25 ביז 50 טויזנט וועט מען דאַרפן בערך 80 מיטאַרבעטער; אין די איבעריקע 85 שטעט מיט מער פון 10 טויזנט אידן — 255 מיטאַרבעטער. צו די דאָזיקע 450 העכערע מיטאַרבעטער וועט מען דאַרפן אַרום 900 הילף־פּערסאָנאַל.

מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז די 5 דירעקטאָרן וועלן געוויס מוזן זיצן אין איינער פון די הויפּט־שטעט פון אייראָפּע און וועלן קאָנען העלפן אין אָרגאַניזירן די אַרבעט אין דער דאָזיקער שטאָט. די לאַנד־קאָלעגיעס וועלן העלפן אין אָרגאַניזירן די אַרבעט אין אַלע הויפּט־שטעט.

מיר האָבן געמאַכט אַלע חשבונות, אַריינרעכענענדיק אויך רוסלאַנד. וועט מען ניט דערלויבן דאָרטן דורכצופירן די אַרבעט, וועט, פאַרשטייט זיך, אַראָפּפאַלן אַ באַדייטיקער טייל פון דער אַרבעט.

צו די אַלע אויסגערעכנטע אַמטן דאַרף מען צוגעבן אַ גרופּע פאָטאָגראַפן, וועלכע וואָלטן באַדאַרפט זיין די ערשטע אויף די פּלעצער און מאַכן אויפ־נאַמען ניט נאָר פון קאַליקעס, פון געשענדעטע ספרי־תורות און בתי־מדרשים, נאָר אויך פון געטאָס, פון רעשטלעך פון געטאָס, פון חרוב׳ע גאַסן און שטאָט־טיילן, וכדומה.

מיר האָבן שוין אין סאַמע אָנהייב דערמאָנט, אַז ס׳איז שוין ביז איצט

אנגעזאַמלט געוואָרן אַ שלל ווערטפולער מאַטעריאַל וועגן דער קאַטאַסטראָפע. מיר מיינען אָבער, אַז דער דאָזיקער מאַטעריאַל מאַכט ניט נאָר ניט איבעריק די זאַמלונג פון נייע מאַטעריאַלן אויף די ערטער, נאָר, פאַרקערט, מאַכט די דאָזיקע זאַמלונג ערשט דרינגנדיק נייטיק. איינע פון די ווערטפולסטע פאַראַנענע זאַמלונגען איז געוויס די, וואָס נעמט אַרום די גזזעצגעבונג פון די היטלערישע און קוויזלינגישע שטאַטלעכע אָרגאַנען. אין דער ריכטיקייט פון די דאָזיקע געזעצן קאָן מען ניט צווייפלען — זיי זיינען גענומען פון אָפיציעלע קוואַלן. אונז אינטערעסירט דאָך אָבער ניט אַזוי די אַבסטראַקט־יורידישע זייט, ווי די קאָנקרעט־פּראַקטישע, ווי און ווי ווייט די געשריבענע געזעצן זיינען אין לעבן דורכגעפירט געוואָרן. און אין לעבן האָבן דאָך אפשר גאָר געשפּילט אַ סך אַ גרעסערע ראָלע די פאַראָרדענונגען און באַפעלן פון די הונדערטער און טויזנטער אָרטיקע סאַטראַפּן, וועלכע מען וועט ערשט קאָנען שטודירן אויף די ערטער. שנית, מוז מען נעמען אין אַכט, אַז דער גאַנצער איבעריקער מאַטעריאַל איז געשריבן געוואָרן ביים אַקאָמפּאַנימענט פון די קאַנאָנען און ביים נאָך שרעקלעכערן אַקאָמפּאַנימענט פון די גאַז־קאַמערן און שטיקוואַגאָנען. ערשט אַ גרינטלעכע און אַבסאָלוט־אָביעקטיווע פאָרשונג אויף די ערטער וועט אונז ווייזן, אין וואָסער מאָס די דאָזיקע אַלע שוין געזאַמלטע מאַטעריאַלן אַנטשפּרעכן דערווירקלעכקייט.

## ד) אַלגעמיינע אינסטרוקציעס

די פאָרשטייענדיקע פאָרש־אַרבעט צייכנט זיך אויס מיט אַזאַ מאָס אייגנאַרטיקייט און אויסנאַמקייט, אַז מען מוז לכתחילה דערקלערן, אַז די פּאַקטישע אָנפירער און נאָך מער די אויספירער פון דער אַרבעט וועלן מוזן אַרויסווייזן אַ סך איניציאַטיוו און דערפינדערישקייט און וועלן ניט קאָנען זיך האַלטן שטרענג ביי אָנגעמערקטע ראַמען און אָנגעצייכנטע מעטאָדן. אין דער גאַנצער פּראַקטיק פון אַנקעטע־פאָרשונגען און מאַסן־ציילונגען קאָן מען ניט געפינען קיין איינציקן ביישפּיל, וואָס מען זאָל קאָנען פון אים עפּעס אָפּלערנען און איבערנעמען. אויך די טעאָרעטישע סטאַטיסטיק האָט ניט

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

פאַרויסגעזען אַזאַ סאָרט סאָציאָלאָגיש־סטאַטיסטישע פאָרשונג, ווי די, וועל־כע שטייט אונז פאָר.

שוין דאָס אַליין, וואָס זי נעמט אַרום אידישע קיבוצים פון 21 לענדער מיט די פאַרשידנסטע סאָציאַל־עקאָנאָמישע, פאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און קולטורעל־גייסטיקע צושטאַנדן און באַדינגונגען, איז אַן אוניקום אין דער וועלט פון סאָציאָלאָגיש־סטאַטיסטישע פאָרשונגען. אויך לויט דעם פאַרנעם פון פראַגעס, וועלכע די פאָרשונג שליסט איין אין זיך, אָנהייבנדיק פון ריין־פיזישע און עקאָנאָמישע, און ענדיקנדיק מיט צווישן־פעלקערלעכע באַציאונגען און מיט קאָמפּליצירטע אינדיווידועלע פּסיכישע איבערלעבונגען, שטעלט זי מיט זיך פאָר אַן אויסנאַם.

אָבער נאָך וויכטיקער זיינען פאָלגנדיקע מאָמענטן: סטאַטיסטיק האָט פריער פון אַלץ צו טון מיט קאָנקרעטע זאַכן, וועלכע מען קאָן ציילן, און איבערציילן, און קאָנטראָלירן, און רעוויזירן. אונז אָבער וועט אויסקומען גאָר אין אַ גרויסער מאָס צו האָבן צו טון מיט אומגעקומענע מענטשן און מיט פאַרניכטעטע זאַכן און אינסטיטוציעס. זיינען דאָך אָפט גאַנצע קהילות פאַר־ניכטעט געוואָרן — ניטאָ אויפן פלאַץ ניט די מענטשן און ניט דער רוב זאַכן. און דווקא פעסטשטעלן דעם גאַנצן גאַנג פון אַזאַ אויסראָטונג פון מענטשן און פאַרניכטונג פון זאַכן וועט זיין איינע פון די סאַמע וויכטיקסטע אויפגאַבעס פון דער פאָרשונג. אין יעדן פונקט וועלן מיר האָבן צו טון מיט פעסטשטעלן פאַקטן, וועלכע מען קאָן ניט ציילן — מיט דערמאָרדעטע און פאַרפייניקטע, מיט זאַכן, וועלכע מען האָט אַרויסגעפירט אָדער פאַרניכטעט, מיט באַציאונגען, וועלכע זיינען פאַרביי. אַזעלכע סאָציאָלאָגיש־סטאַטיסטישע פאָרשונגען זיי־נען ניט פאָרויסגעזען אין קיין שום סטאַטיסטישן ספר און ס'איז ניט צו גע־פינען פאַר זיי קיין כללים אין קיין שום סאָציאָלאָגישן בוך.

איינער פון די סאַמע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אונזער פאָרשונג וועט לכן באַשטיין אין דעם, וואָס מיר וועלן אָנקומען צו דריטע פערזאָנען. מיר וועלן גאָר אָפט דעם פאָרש־אָביעקט ניט האָבן פאַר די אויגן. דורך די לעבן־געבליבענע אידן און קריסטן וועט מען מוזן פּרואוון רעקאָנסטרואירן דאָס בילד, ווי די אידישע געמיינדע האָט אויסגעזען פאַר דעם אָנקום פון

די אָקופּאַנטן און ווי דער גאַנצער פּראָצעס פון דער אויסראָטונג פון מענטשן און פאַרניכטונג אָדער רויב פון זאַכן איז פאָרגעקומען.

די דאָזיקע צוויי מעגלעכע גרופּעס עדות, אידן און ניט־אידן, וועלן געוויס אָפּט האָבן קעגנגעזעצלעכע נטיות ביים באַלייכטן די געשעענישן. דער איד, אַלס אַ געליטענער, אַלס אַ קרבן, וועט, באַטירלעך, ניט קאָנען זיין אָביעקטיוו ניט צו די אָקופּאַנטן און אָפּט, ליידער, אויך ניט צו דער אָרטיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג. זיינע פאַרבן וועלן מוזן זיין נאָך שוואַרצער פון דער געוויס שוואַרצער ווירקלעכקייט. פאַרקערט, די ניט־אידישע עדות וועלן גאָר אָפּט זיין פאַראינטערעסירט צו פאַרקלענערן און פאַרמינערן די פאַרברעכנס — די דייטשן אין דייטשלאַנד, וואו מיר וועלן גאָר קיין אַנדערע עדות ניט האָבן; די אוקראַינער אין גאַליציע; די ליטווינער אין ליטע; די לעטן אין לעטלאַנד; און אַזוי ווייטער. ס׳וועלן אויך זיין פאַלן, ווען איין נאַציאָנאַלע גרופּע וועט זיך סטאַרען אַרויפצוואַרפן די שולד אויף דער צווייטער: די פּאָליאַקן אויף די אוקראַינער און ליטווינער; די דייטשן אויף אַלע באַזיגטע פעלקער, באַזונדערס וואו ס׳זיינען געווען קוויזלינגישע רעגירונגען און וואו די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט טאָקע גענומען אַ געניג אַקטיוון אָנטייל אין די פּאָגראָמען און רויבן.

מיט סטאַטיסטיק אַליין וועט מען, לכן, דאָ ניט דורכקומען. דאָ וועט ווערן פאַרלאַנגט אַ באַזונדערס טיפע קענטעניש פון מענטשלעכע שוואַכקייטן און פון מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע בכלל — די קונסט דאַרף דאָ באַשטיין אין קאָנען אַרויפפירן די דערציילער און די אינפאָרמאַטאָרן אויפן וועג פון מאַקסימום ווירקלעכקייטס־טריישאַפט. מיר וועלן שפּעטער אָנווייזן, ווי דורך גרופּן־שמועסן קאָן מען דערגרייכן דעם מאַקסימום פּאָזיטיווע רעזולטאַטן.

געוויס וועט מיט די אידישע עדות די זאַך זיין גרינגער, און דאָ וועט די סטאַטיסטיק געוויס שפּילן גאָר אַ גרויסע ראָלע. למשל, אויב פון הונדערט גלייך־פאַרלעסלעכע אידישע פּליכטלינגע פון דייטשלאַנד אָדער עסטרייך, וועלכע האָבן זיך אויפגעהאַלטן אַ צייט אין איטאַליע אין אירעביידע פּאָליטישע סטאַדיעס, הן אין דער מוסאָליני־צייט און הן אין שפּעטער באַפרייטן טייל, וועלן 80 אָדער 85 דערציילן וועגן גוטער באַהאַנדלונג מצד די איטאַליענער,

## די אידישע קאטאסטראפע

וועגן אַקטיווער הילף און וועגן אַפילו ריזיקירן מיטן אייגענעם לעבן, כדי צו ראַטעווען אידן, און דערביי וועלן פון די זעלבע הונדערט פליכטלינגע נאָר 10 אָדער 20 קאָנען אַנטרינען אויף אַזעלכע אַקטן מצד דייטשן, — קאָן מען רואיק סטאַטיסטיש באַהויפּטן, אַז די איטאַליענער האָבן זיך גאָר אַנדערש פאַרהאַלטן צו אידן אַפילו ביים טעראָר־רעזשים פונם פאַשיזם, ווי די דייטשן ביים טעראָר־רעזשים פון די נאַציס. אַ צווייטער ביישפּיל — אויב פון הונדערט לעבן־געבליבענע אידן פון אַ גאַליציש שטעטל ווערט אָנגעגעבן, אַז אין 60 אָדער 70 פאַלן האָבן די פּאָליאַקן אין וועלכער ס׳ניט איז פאָרם, אַקטיווער אָדער פּאַסיווער, אַרויסגעוויזן זייערע סימפּאַטיעס צו אידן, און נאָר אין זעלטענע פאַלן האָבן פּאָליאַקן אַקטיוו געהאָלפן די דייטשן אָדער אָפן מאַניפעסטירט זייער הנאה פון אידישן אומגליק, און ביי די אוקראַינער איז געווען פאַרקערט, — איז קלאָר, אַז מיר האָבן דאָ צו טון ניט מיט קיין סוב־יעקטיווע סברות, נאָר מיט סטאַטיסטיש פעסטגעשטעלטע פאַקטן. בפרט נאָך, אויב ס׳וועט זיך איינגעבן וועגן יעדער פון די נאָר־וואָס אָנגערירטע פראַגעס צו באַקומען ידיעות פון גרעסערע צאָלן אידן, וועט מען געוויס קאָנען מאַכן אויספירן מיט אַ רואיקן געוויסן, אויפן סמך פון סטאַטיסטישע דאַטעס.

גאָר שווער וועט זיין מיט אַזעלכע פראַגעס, ווי דער אָנטייל פון אידן אין די פּאַרטיזאַנען־ און געריליאַ־גרופּעס — פראַגעס, וועלכע האָבן פאַר אונז אַ קאָלאָסאַלן נאַציאָנאַלן ווערט. בנוגע די דאָזיקע פראַגעס וועט זיין אָמ־שווערסטן צו באַקומען ציפערן און דאַטעס, ווייל די מערהייט פון די דאָזיקע אָנטיילנעמער זיינען אומגעקומען, אָבער גראָד דאָ שפּילן ציפערן אַ גאָר גרויסע ראָלע, און מען וועט מוזן מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו באַקומען וויפיל ס׳ניט איז דאַטעס וועגן דער דאָזיקער פראַגע. אָבער מיט ציפערן אַליין קאָן מען ניט יוצא זיין. עס זיינען געווען אידישע געריליאַ־גרופּעס און אידן אין אַלגעמיינע געריליאַ־גרופּעס. איז ווידער וויכטיק פעסטצושטעלן ניט נאָר די צאָל־פּראָפּאָרץ צווישן דיביידע אַרטן אָנטייל אין קאַמף קעגן שונא, נאָר אויך די מאָטיוון, וועלכע האָבן באַוואויגן איינע צו גיין אין די אידישע געריליאַ־גרופּעס און די צווייטע צו גיין אין אַלגעמיינע; די באַדינגונ־

גען, וועלכע האָבן אין איין פאַל מעגלעך געמאַכט באַזונדערע אידישע גע־רילאָס און אין אַ צווייטן ניט דערלויבט דאָס צו פאַרווירקלעכן. צי זיינען דערביי געווען אָביעקטיווע סיבות, וועלכע האָבן געטריבן צו דער איינער אָדער אַנדערער פאָרם פון אָרגאַניזירטן קאַמף קעגן די אָקופּאַנטן, אָדער סוביעקטיווע מאָטיוון, פּאָליטישע איבערצייגונגען — דאָס אַלץ זיינען ניט קיין קאַפּריז־פּראָגעס, נאָר וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, אויף וועלכע ס'איז ווינטשנסווערט צו באַקומען אַ וואָס קלאָרערן ענטפער.

אינם ענטפער אויף די לעצטע פראַגעס וועט אפשר שוין זיין באַהאַלטן אויך די תשובה אויף אַזאַ ביז גאָר באַדייטיקע פראַגע: ווי האָט געווירקט די קאָלאָסאַלע קאַטאַסטראָפע אויף דער אידישער יוגנט — פאַרשטאַרקנדיק דאָס נאַציאָנאַלע געפיל און אַרויסרופנדיק די באַדערפעניש צו שטאַרבן אונטער אַ אידישער פאָן, אָדער, פאַרקערט, אין פאַרצווייפלונג האָט מען געזוכט זיך אַנצושפּאַרן אין אַ שטאַרקערער אָרגאַניזאַציע אַפילו ביי בטל ווערן דאָרטן בששים?

שוין פון די פּאָר ביישפּילן ווערט קלאָר, אַז מיר האָבן פאַר זיך ווייט ניט קיין ריין־סטאַטיסטישע פאָרשונג, נאָר אַ פיל ברייטערע און קאָמפּליצירטערע — אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע פאָרשונג פון אַ נאָך ניט־געווועזענעם פאָרנעם און פון אַ קיינמאָל ניט־געווועזענעם כאַראַקטער.

דער נאַטירלעכער אויספיר פון דעם נאָר־וואָס געזאָגטן באַשטייט אין דעם, אַז מיר וועלן ניט געפינען אַפילו צווישן דער בעסערער אידישער אינ־טעליגענץ קיין גרייטע מענטשן, וועלכע זיינען פעאיק אָן אַ פאַרויסיקער טרע־נירונג צו נעמען אויף זיך די דאָזיקע שווערע אַרבעט. און דער צווייטער ניט ווייניקער וויכטיקער אויספיר דאַרף באַשטיין אין דעם, אַז די טרענירונג קאָן ניט און טאָר ניט זיין קיין אויבערפלעכלעכע און על רגל אחת, נאָר מוז זיין אַן ערנסטע און מוז געדויערן חדשים. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איינע פון די אויפגאַבעס פון די טרענירונג־קורסן וועט דאַרפן באַשטיין אין אויס־אַרבעטן איינהייטלעכע מעטאָדעס פון זאַמלען דעם מאַטעריאַל, און וואָס נאָך וויכטיקער — איינהייטלעכע אויסטייטשונג פון די פרעגבויגנס.

איינהייטלעכע מעטאָדעס און איינהייטלעכע אויסטייטשונג פון די פראַ־

געס און דערביי ברייטע פרייהייט פאַר די פאָרשער זיך צוצופאַסן צו די אָרטיקע באַדינגונגען, מוסיף זיין וואו נייטיק איז און אַראָפּלאָזן וואו וויכטיק איז — דאָס זיינען ניט קיין סתירות, נאָר אַ שטרעבונג פון איין זייט צו דער־גרייכן דעם מאַקסימום פון איינהייטלעכקייט, כדי צו הייבן דעם וויסנשאַפט־לעכן ווערט פונם געזאַמלטן מאַטעריאַל, און פון דער צווייטער זייט צו געבן די פאָרשער די פּראַקטישע מעגלעכקייט אויסצופילן זייערע מיסיעס, ניט צו ווערן קיין עבדים כנענים צום געשריבענעם אות.

די וויטערדיקע בויגנס דאַרפן דעריבער באַטראַכט ווערן ווי אָריענ־טירנדיקע. זיי מערקן אָן די גרונט־פּראָבלעמען, וועלכע די פאָרשונג שטעלט זיך, און די גרונט־מעטאָדעס, דורך וועלכע מיר ווילן אונזערע צילן דער־גרייכן. די פראַגע־בויגנס אַנטהאַלטן פיל פראַגעס, אויף וועלכע מען וועט אָפט גאָרניט קאָנען געבן קיין סטאַטיסטישן ענטפער אָדער דער סטאַטיסטי־שער ענטפער אַליין וועט זיין שרעקלעך קנאַפּ. די אויבן־געבראַכטע ביי־שפּילן אילוסטרירן שוין די דאָזיקע מעגלעכקייט. ווען דער באַציאונג פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג צו אידן ביי פאַרשידענע סיטואַציעס, ביי לעבנס־געפאַר, ביי רויב, ביי הונגער־צושטאַנד, ביי אַ סכנה מצד די אָקו־פּאַנטן, אָדער ביי אַן אַלגעמיינער סכנה, ווי ביי באָמבאַרדירונגען, — אויף די אַלע פראַגעס קאָן מען סטאַטיסטיש ניט ענטפערן. זיי מוזן באַשריבן ווערן, און אַמבעסטן, ווען די באַשרייבונגען וועלן געמאַכט ווערן פון די, וועלכע האָבן אַליין געהאַט די געלעגנהייט זיך צוזאַמענצושטויסן מיט די אויסגע־רעכנטע אָדער מיט אייניקע פון די אויסגערעכנטע פאַלן. אָבער ווי דיסציפּ־לינירט און אָרגאַניזירט די פאָרשער אַליין מוזן זיין ביי זייערע באַריכטן צו די צענטראַלעס, אַזוי פריי מוזן געלאָזט ווערן די ראַמען פאַר די, וועלכע באַ־שרייבן זייערע אייגענע איבערלעבונגען.

פונם כאַראַקטער פון אונזער פאָרשונג פאָלגט זייער קלאָר, אַז אונזערע זאַמלער וועלן מוזן זוכן און זיך יאָגן נאָך וואָס מער שריפטלעכן מאַטעריאַל. וואָס מער מענטשן וועלן אַליין אָנשרייבן זייערע איבערלעבונגען, אַלץ בעסער וועט זיין. ניט תמיד וועט זיך אָבער איינגעבן צו געפינען גרייטן מאַטעריאַל, כאָטש ס'איז זייער וואַרשיינלעך, אַז מיר וועלן געפינען טאָג־ביכער, נאָטיצן

און פאַרצייכענונגען ניט נאָר ביי אידן, נאָר אויך ביי קריסטן. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אָפּהענגיק פונם קולטור־צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג — אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער, אין פראַנקרייך, אין בעלגיע, אין האָלאַנד, זיינען געוויס געווען מער מענטשן, וועלכע האָבן געפירט טאָג־ביכער אָדער געמאַכט פון צייט צו צייט נאָטיצן וועגן וויכטיקע אין זייערע אויגן געשעענישן, ווי אין גאַליציע אָדער רומעניע. אָבער בלי־ספק זיינען אַזעלכע ליבהאָבער צו פאַרפיקסירן זייערע איבערלעבונגען ביי געוויסע גע־שעענישן געווען אויך ניט אין אַ קליינער צאָל אַפילו אין די אָפּגעשטאַנענע לענדער. פון פערזענלעכער פּראַקטיק ביים זאַמלען פאַגראָם־מאַטעריאַלן אין אוקראַינע אין די יאָרן 1919 און 1920 האָט דער מחבר פון די דאָזיקע שורות זיך איבערצייגט, אַז די דאָזיקע, אויפן פרישן אָרט פאַרשריבענע פאַקטן און איבערלעבונגען שטעלן מיט זיך פאָר אַ קאָלאָסאַל וויכטיקן מאַטעריאַל. פּרטים, וועלכע גייען פאַרלאָרן, ווען מען נאָטירט זיי ניט תיכף נאָך די געשעע־נישן, שטעלן זייער אָפט מיט זיך פאָר אַ גאָר גרויסן אינטערעס.

איינע פון די אויפגאַבעס פון די מאַטעריאַל־זאַמלער דאַרף לכן זיין — אויסגראָבן וואָס מער טאָג־ביכער פון אידן און ניט־אידן, וואָס מער נאָ־טיצן און פאַרצייכענונגען פון די טעג פון די געשעענישן. די קריטישע באַ־האַנדלונג פונם מאַטעריאַל דאַרף איבערגעלאָזט ווערן פאַר די קומענדיקע באַאַרבעטער און שרייבער. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז דער זאַמלער דאַרף נעמען דעם טאָג־בוך אָדער אַנדערע פאַרצייכענונגען און אָן יעדן קאָנטראָל און אָן יעדער רעוויזיע איבערשיקן אין צענטער אַריין. מען דאַרף קריטיש זיך פאַרהאַלטן אויך צו אַזעלכע דאָקומענטן. דער זאַמלער דאַרף גרינטלעך זיך באַקענען מיטן מאַטעריאַל און אין שמועסן מיט מענטשן, וועלכע זיינען אויך געווען ביי די געשעענישן, איבערפּרואוון די פאַקטן, גרינטלעך דורכ־קאָנטראָלירן דאָס אָנגעשריבענע און מיט תיקונים, מילואים און דערקלערונ־גען — דער רעזולטאַט פון די קאָנטראָל־שמועסן — אָפּשיקן עס אין צענטער.

אָבער ניט אומעטום און ניט וועגן אַלע פראַגעס, וועלכע אינטערעסירן אונז, וועט מען געפינען גרייטן אויפגעשריבענעם מאַטעריאַל. וועט מוזן זיין איינע פון די אויפגאַבעס פון די זאַמלער צו אָרגאַניזירן דאָס שאַפן פון

אַזאַ מאַטעריאַל. מיר האַלטן דאָס פאַר איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פון אונזער פאָרשונג.

ווי וויכטיק ס'זאָלן ניט זיין ציפער־מאַטעריאַלן, גענויע פאַקטן און דאַטעס, ניט ווייניקער וויכטיק זיינען פאַר אונז די נשמות פון די מענטשן — דער עיקר, פאַרשטייט זיך, פון אידן, אָבער אויך פון ניט־אידן. מיט צונויפציילן די גע־מאָרדעטע קאָנען מיר זיך ניט באַגניגענען. מיט פעסטשטעלן דעם פאַרנעם פון די שאָדנס קאָנען מיר ניט יוצא זיין פאַר די קומענדיקע דורות. און אַפילו מיט פעסטשטעלן די צאָל אַלמנות און יתומים און זייער פיזישן און פסיכישן צושטאַנד און זייער טויגלעכקייט צום עקאָנאָמישן קאַמף טאָרן מיר אויך ניט זיך שטעלן צופרידן. מיר מוזן צוקומען צו דער אידישער נשמה און אַנטפלעקן, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אין די קאַטאַסטראָפע־יאָרן, צי האָט זי נאָר איבערגעלעבט די שרעק פון פערזענלעכן אומקום, אָדער זי האָט דערזען אין איר גאַנצער גרויס און שוידער די אידישע נאַציאָנאַלע טראַגעדיע. פון אויספרעגן און פאַרצייכענען קאָן מען אַזאַ מאַטעריאַל ניט באַקומען. נאָר על משכבו בלילות גיט זיך אפשר דער מענטש אָפ דין־וחשבון פון זיינע אמת'ע איבערלעבונגען. און אָט דאַרף מען ברענגען דעם מענטשן צום געדאַנק און אויך צום רצון אויסצולייגן זיינע אינטימסטע מחשבות און אי־בערלעבונגען אויף פאַפיר. לאָמיר קיין מורא ניט האָבן פאַר אַ פאַרפלייצונג פון גראַפאָמאַנישע כתבים. מיר זיינען זיכער, אַז זיי וועלן זיין, אָבער מען קאָן ניט צוקומען צו די סולת, אויב מען גריבלט זיך ניט אין פסולת. פאַר־שטייט זיך, אַז אויב שוין באַוועגן אַ מענטשן צו פאַרשרייבן, דאַרף מען מיט פאַרזיכטיקייט, מיט קריטישער באַציאונג צום מענטשן, נאָך פיל שמועסן מיט אים און נאָכן באַקומען דעם איינדרוק, אַז דער געגעבענער מענטש האָט וואָס צו דערציילן און קאָן דאָס דערציילן אויף פאַפיר. מיר לייגן ניט פאָר אַרויס־צוגעבן אַ לאָזונג, אַז אידן זאָלן שרייבן. איך לייג פאָר, ערשטנס, צו זוכן שוין אָנגעשריבענע זאַכן און באַשטעלן ביי מענטשן, מיט וועלכע מען האָט געשמועסט און דערפילט, אַז פון זיי קאָן מען עפּעס ווערטפולעס אַרויסבאַ־קומען.

אָבער מיר טאָרן זיך ניט באַגניגענען נאָר מיט אידן — ס'איז אוממעג־

# יעקב לעשצינסקי

לעך, אַז אַ באַפעלקערונג זאָל צוקוקן און צוזען, ווי מען האָט אומגעבראַכט הונדערטער טויזנטער מענטשן פאַר זייערע אויגן און זאָל ניט אויפגעטרייסלט ווערן. מיר זיינען אַפילו נוטה צו מיינען, אַז דאָס ניט סטאַיען מיט אַמאָל פון די אידן אין פוילן, וואו מען איז געוואוינט געוואָרן כמעט טויזנט יאָר צו לעבן איינע נעבן די אַנדערע, וואו מען איז אַזוי טיף קעגנזייטיק באַאיינפלוסט געוואָרן פיל הונדערטער יאָרן — דאָס פלוצימדיקע פאַרשווינדן פון אידן אין אַזאַ לאַנד האָט געמוזט מאַכן אַ גוואַלדיקן רושם אויף דער ניט-אידישער באַפעלקערונג. דער חסר פון אידן אין עקאָנאָמישן לעבן פון אַזאַ לאַנד, ווי פוילן, מוז זיין פון אַזאַ איינפלוס, עקאָנאָמיש, אָבער אויך פסיכאָלאָגיש, אַז מען קאָן ניט לאָזן דאָס דאָזיקע געביט ניט אויפגעדעקט און ניט באַלויכטן. פאַר אונז איז וויכטיק צו וויסן ניט נאָר, ווי טיף ס'האָט זיך פאַרפעסטיקט דער ניט-אידישער יורש אויף דער איבערגענומענער אידישער פּאָזיציע, נאָר אויך, ווי לעבט איבער די אַרומיקע באַפעלקערונג די גאַנצע איבער-ראַשנדיקע מעטאַמאָרפאָזע.

אויב אונז זאָל זיך איינגעבן צו אַנטפּלעקן אין טאָג-ביכער פון ניט-אידן די באַלייכטונג פון דעם רושם פונם ניט סטאַיען פון אידן אויף דער פוילישער אויבערפלאַך, וואָלט דאָס געוויס געווען פון גאָר גרויסן ווערט. און אויב ניט פון גרייטע טאָג-ביכער, דאַרף מען דאָס דערגיין פון שמועסן מיט ניט-אידן, מיט אינטעליגענטן, אָבער אויך מיט פאַרטרעטער פון אַנדערע קלאַסן, ווי פּויערים, אַרבעטער, הענדלער, א. אַז. ווייטער.

מיר האָבן אַנגערופן פוילן, וואו — ניט געקוקט אויפן אַקטיוון אַנטי-סעמיטיזם — איז דאָך געווען אַן אינטימער צוזאַמענוואַקס צווישן אידן און ניט-אידן. ניט נאָר אידן האָבן ליב געקראָגן די פּוילישע לאַנדשאַפט און זיינען צוגעבונדן געוואָרן מיט די איידעלסטע פעדעם פון זייערע נשמות צו דער ווייסל און צו די פעלד- און וואַלד-פאַרבן פון די פּוילישע לענדער, — אויך ניט-אידן זיינען געוואוינט געוואָרן צו זען אידן, צו לעבן מיט אידן, צו האַנדלען מיט אידן און אויך זיך אויסצורעדן דאָס האַרץ פאַר אַ אידן. און דאָס זעלבע, כאָטש אין אַ שוואַכערער מאָס, קאָן מען זאָגן וועגן אידן אין אַלע אַנדערע מזרח-איראָפּעאישע לענדער.

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

נאָך קלאָרער ווערט די נאָר־וואָס געשטעלטע פראַגע, ווען מען גייט איי־בער צו אַזאַ לאַנד, ווי האָלאַנד, וואו דער אַנטיסעמיטיזם איז געווען אַזוי שוואַך, וואו דער אָריגינעלער און ניט־פאַרשטעלטער איד איז געווען אַזאַ אַנגעלייגטער גאַסט אין קריסטלעכע קרייזן, און וואו ס׳איז געווען אַ קעגנ־זייטיקע פאַרשטענדיקונג, וואָס איז געווען פיל שטאַרקער פון די קעגנזאַצן. און ס׳איז דאָך דאָרטן געווען אַזאַ וויכטיקער אינדוסטריע־צווייג, ווי די דיאַ־מאַנטן־אינדוסטריע, וועלכע איז כמעט אינגאַנצן געלעגן אין אידישע אונ־טערנעמער־הענט. ווי פילט זיך די ניט־אידישע באַפעלקערונג אין דער נייער סיטואַציע? גאָר אָדער כמעט אָן אידן? ווי רעאַגירט זי אויף דער דאָזיקער נייער אַזוי איבערראַשנדיקער דערשיינונג?

נאָר לאָמיר איבערגיין צו דער טעכנישער זייט פון דער פראַגע. מיר לייגן ווייטער פאָר דריי טיפן פרעגבויגנס:

1) פאַר דער אידישער באַפעלקערונג פון דער גאַנצער מלוכה;
2) פאַר איינצלנע פונקטן;
3) פאַר איינצלנע פערזאָנען.

ס׳וועלן געוויס זיין פיל פראַגעס, וועלכע וועלן זיך איבער׳חזר׳ן, אָבער דאָס איז אומפאַרמיידלעך. פאַר דער פאָרשונג איז דאָס אַפילו אַ מעלה — די צענטראַל־געזאַמלטע און די לאָקאַל־געזאַמלטע מאַטעריאַלן וועלן, פון איין זייט, ממלא זיין איינע די אַנדערע און, פון דער צווייטער זייט, קאָנטראָ־לירן איינע די אַנדערע.

אין אַלגעמיין וועלן די ערשטע צוויי בויגנס אַנטהאַלטן פאָלגנדיקע סעקציעס, געגלידערט לויטן כאַראַקטער פון די טעמעס:

1) דער אידישער קיבוץ (די געמיינדע), ווי ער האָט אויסגעזען און וואָס איז מיט אים געשען.

די סוב־סעקציעס וועלן זיין פאָלגנדיקע:

א) די באַפעלקערונג (די אידישע און די אַלגעמיינע באַפעלקערונג פאַר דער מלחמה, צום סוף פון דער מלחמה און אין פאַרש־מאָמענט, די באַפעלקערונג־באַוועגונג, שפייז־ און קליידער־מצב, סאַניטאַר־היגיענישע באַדינגונגען, א. אַ. וו.);

ב) די עקאָנאָמישע לאַגע (די אידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פאַר דער מלחמה, אין די מלחמה־יאָרן, צום סוף פון דער מלחמה, אין פאַרש־מאָמענט, דאָס אידישע פאַרמעגן, זיין צושטאַנד, אין וועמענס הענט עס געפינט זיך, א. אַ. וו.);

ג) אידישע אינסטיטוציעס (קהילות, זייערע אינסטיטוציעס און פאַר־מעגן, עקאָנאָמישע, פילאַנטראָפּישע און רעליגיעזע אינסטיטו־ציעס, זייער פאַרמעגן, בילדונג־ און קולטור־אינסטיטוציעס, א. אַ. וו.).

2) די אידישע קאָנצענטראַציעס ביי דער היטלער־הערשאַפט.

די סוב־סעקציעס וועלן זיין פאָלגנדיקע:

א) געטאָס און ענלעכע אָפּצוימונגען;

ב) קאָנצענטראַציע־לאַגערן;

ג) אַרבעטער־קעמפּס;

ד) מאָרד־ און אויסראָטונג־צענטראַלעס.

3) די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן אידן און ניט־אידן.

4) אידישע אַקטיוויטעטן.

די סוב־סעקציעס וועלן זיין פאָלגנדיקע:

א) אידישע זעלבסטהילף־ און הילף־אָרגאַניזאַציעס;

ב) אידן אין די רעגולערע אַרמייען;

ג) אידן אין די אַלגעמיינע קאַמף־אָרגאַניזאַציעס און אידישע ווידער־שטאַנד־גרופּעס.

דער אינדיווידועלער בויגן וועט אין תוך אַנטהאַלטן די מערהייט פון די נאָר־וואָס אויסגערעכנטע פּראַגעס, אָבער זיין סטרוקטור וועט מוזן זיין אַנדערש געבויט און ער וועט מוזן אויסגעפילט ווערן אינגאַנצן פון איין פאַר־שער, בעת די ערשטע צוויי בויגנס וועלן קאָנען געטיילט ווערן צווישן ספּע־ציאַליזירטע סעקציע־פאָרשער.

די מקורים פאַר דעם נאָר־וואָס אויסגערעכנטן קאָמפּלעקס פּראַגעס וועלן זיין צווייערליי:

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

1) אַלגעמיינע און אידישע אינסטיטוציעס;

2) לעבעדיקע מענטשן — אידן און ניט־אידן.

בנוגע די אינסטיטוציעס קומען אין דער ערשטער ריי אין באַטראַכט די שטאָט־ראַטן, וואו מען קאָן באַקומען מאַטעריאַלן וועגן דער אידישער באַפעלקערונג, וועגן דער באַפעלקערונג־באַוועגונג, אַפּט אויך וועגן דער צאָל אידישע הייזער, קראָמען און אַנדערע פאַרמעגנס־שטיק; זייער ווערט אויפן סמך פון די געצאָלטע שטייערן; אויך וועגן פיל אידישע אינסטיטוציעס, וועלכע פלעגן באַקומען סובסידיעס און צושטעלן אין די שטאָט־ראַטן זייערע באַריכטן אָדער וויניקסטנס זייערע בודזשעטן, וועגן די אידישע בילדונג־אינסטיטוציעס, וועגן אידן אין די אַלגעמיינע בילדונג־אינסטיטוציעס; וועגן אידן אַלס עפנטלעכע באַאַמטע; און איבער פיל, פיל אַנדערע פראַגעס. די באַאַמטע פון די שטאָט־ראַטן קאָנען און זאָלן אין אַ ברייטער מאָס אויסגע־נוצט ווערן ביי פאַרשידענע שאַצונגען, ווייל זיי האָבן די בעסטע פאַר־שטעלונג, אַפילו ווען זיי פאַרמאָגן ניט קיין געדרוקטן מאַטעריאַל וועגן די פאַרשידענסטע זייטן פון לעבן פון די בירגער און פאַלגלעך אָדער אפשר באַזונדערס וועגן אידישן לעבן. אין דער צווייטער ריי קומען די פינאַנץ־אַמטן, וואו מען קאָן באַקומען דאַטעס וועגן די אידישע האַנדלס־ און אינדוס־טריע־אונטערנעמונגען, וועגן דעם אַנטייל פון אידן אין די שטייערן, אין פאַר־שידענע בראַנזשעס פון עקאָנאָמישן לעבן, וועגן אידישן פאַרמעגן, וועגן אי־דישע הכנסות, וכדומה. אין די היפּאָטעקן־בענק, אין די שפּאַר־קאַסעס און אין פיל אַנדערע אָפיציעלע אינסטיטוציעס קאָן מען געפינען אַ סך מאַטעריאַל וועגן דער פאַרגאַנגענהייט, וועגן דעם פאַר־מלחמה־צושטאַנד, אָבער געוויס אויך וועגן פיל זייטן פון לעבן בשעת דער מלחמה. געבורטן און טויט־פאַלן, זעלבסטמאָרדן און פיל אַנדערע מאָמענטן פון לעבן פון די בירגער זיי־נען אין פיל לענדער אָדער שטעט אויך בשעת דער מלחמה רעגיסטרירט גע־וואָרן און, אויף וויפיל אידן האָבן געלעבט אין געגעבענעם פּונקט, האָבן זיי אויך געמוזט אויספילן געוויסע רעגיסטראַציעס. דאָס איז שייך באַזונדערס צו די ערשטע צוויי יאָר פון דער מלחמה, איידער ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מאַסן־אויסראָטונג.

## יעקב לעשצינסקי

ס'איז קלאָר, אַז דער גאַנצער פּראָצעס פונם רויב פון דער אידישער באַפעלקערונג, פון דעם מאַסן־מאָרד, פון דער מאַסן־פאַרניכטונג דורך הונגער און שווערער פיזישער אַרבעט, פון אַלע סטאַדיעס פון דער אויסראָטונג דורך געטאָס און פאַרשידענע קעמפּס, די אַלע דעפּאָרטאַציעס און איבער־דעפּאָרטאַציעס און פיל אַנדערע פּראָגעס, וועלכע זיינען דעטאַליזירט אין די פּרעגבויגנס, קאָנען ניט פאַרענטפערט און אויפגעקלערט ווערן דורך די אויסגערעכנטע אָפיציעלע אינסטיטוציעס. דאָ מוז מען אָנקומען צו די לעבעדיקע מענטשן — צו אידן און אויך צו ניט־אידן. און אויף וויפיל דאָ רעדט זיך ניט וועגן איינצלנע מענטשן, נאָר וועגן גאַנצע געמיינדעס, מוז דער כאַראַקטער פון דעם זאַמלען פונם מאַטעריאַל אויך טראָגן אַ כאַראַקטער פון געמיינשאַפטן. וועגן יעדער פראַגע מוז מען האָבן עטלעכע שמועסן מיט עטלעכע גרופּעס מענטשן פון פאַרשידענע קלאַסן, אויב מעגלעך — געמישט פון אידן און ניט־אידן. למשל, כדי צו באַקומען אַ גענוי בילד וועגן דעם געטאָ־לעבן אין אַ שטאָט ווי טאַרנאָוו, איז ניט גענוג, אַז איינער אָדער צוויי זאָלן דאָס אויפשרייבן, אויב אַפילו זיי האָבן עס פּערזענלעך דורכגעמאַכט אָדער אַפילו געווען אין קהילה־אַמט; דאָס איז גוט, אָבער דערמיט טאָר מען זיך ניט באַגניגענען. מען מוז פירן גרופּן־שמועסן און אויפקלערן יעדן פּונקט פון דעם דאָזיקן גאַנץ גרויסן קאָמפּלעקס פּראָגעס: די שפּייז־לאַגע, די קליידער־לאַגע, די אָרגאַניזאַציע פון הילף, די געמיינדע, דאָס פאַרהאַלטן זיך פון דעם אידישן ראָט, די אַרבעט, אירע הכנסות, די באַציאונג צו דער מאַכט, דאָס פאַרהאַלטן זיך פון די פּאָליאַקן צום פאַקט פון דער געטאָ אין דער ערשטער צייט, צי זיינען זיי געוואוינט געוואָרן צו דעם דאָזיקן אומנאָרמאַלן צושטאַנד, א. אַ. וו., א. אַ. וו.

געוויס וועלן זיין פּראָגעס, ביי וועלכע מען וועט ניט קאָנען פירן קיין געמיינזאַמע זיצונגען פון אידן מיט ניט־אידן. למשל, וועגן דעם אָנטייל פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג אין די פּאָגראָמען אָדער מאַסן־מאָרדן — זייער אָפּט קאָן טרעפן, אַז אידן וועלן זיך ניט פילן פריי אָדער גאָר פשוט וועלן מורא האָבן אָפן צו רעדן און דערציילן. מוז מען, פאַרשטייט זיך, מאַכן סעפּאַראַטע זיצונגען. אָבער ס'וואָלט זייער ווינטשנסווערט געווען אַפילו

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

וועגן אַזעלכע דעליקאַטע פראַגעס, ווי וועגן אַנטייל פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אינם פאָגראָם, אויסהערן אויך ניט־אידן.

מיר האָבן דאָ אַנגעוואָרפן נאָר אייניקע אַלגעמיינע אָנווייזונגען, ווי צו פירן די פאָרש־אַרבעט. צו יעדן פאָרש־ און צייל־בויגן וועלן נאָך זיין ספע־ציעלע אינסטרוקציעס.

II

# פרעגבויגן נומער 1
# (מלוכה־בויגן)

נאָמען פון מלוכה און הויפּטשטאָט.　　　　　　חודש און יאָר פון פאָרשונג.

## א) באַפעלקערונג

1) די אַלגעמיינע באַפעלקערונג לויט דער לעצטער פאָלקציילונג און צום מאָמענט פון אָקופּאַציע אָדער באַהערשונג פון אַ היטלעריסטישער רע־גירונג.

2) די אידישע באַפעלקערונג לויט דער לעצטער פאָלקציילונג און צום מאָמענט פון אָקופּאַציע אָדער באַהערשונג פון אַ היטלעריסטישער רע־גירונג.

3) די צאָל אידישע פליכטלינגע אין לאַנד צום 1־טן סעפּטעמבער 1939 לויט גירוש־לענדער.

4) די צאָל אידישע פליכטלינגע אין לאַנד צום מאָמענט פון אָקופּאַציע פון די דייטשן אָדער פון קומען צו דער מאַכט פון אַ פּראָ־נאַצישער רעגירונג.

5) וויפיל אידן, אָרטיקע און פליכטלינגע, האָבן אויסגעוואַנדערט לעגאַל ביז דעצעמבער 1941?

6) וויפיל אידן האָבן אומלעגאַל אויסגעוואַנדערט במשך פון דער מלחמה פון געפאַרשטן לאַנד?

7) באַשרייבן גענוי די פאַרשידענע אומלעגאַלע וועגן, דורך וועלכע די אידישע אומלעגאַלע וואַנדערונג איז געגאַנגען.

8) ווי גרויס איז בערך געווען דער פּראָצענט אומגעקומענע אין וועג ביי דער אומלעגאַלער אויסוואַנדערונג?

9) וויפיל בערך אידן זיינען פון די דייטשן אָדער פון אַנדערע היטלעריס־טישע רעגירונגען דעפּאָרטירט געוואָרן פון געפּאָרשטן לאַנד און וואוהין?

10) וויפיל אידן פון די דעפּאָרטירטע זיינען געקומען צוריק ביז דעם איצ־טיקן מאָמענט?

11) וויפיל בערך פון די דעפּאָרטירטע האָבן זיך געראַטעוועט אין פרייע לענדער?

12) וויפיל בערך פון די דעפּאָרטירטע זיינען אומגעקומען אין וועג?

13) וויפיל פון די דעפּאָרטירטע זיינען בערך אומגעקומען אָדער אומגעבראַכט געוואָרן אינם אימפּאָרטירטן לאַנד?

14) וויפיל פון די דעפּאָרטירטע לעבן נאָך אין געגעבענעם מאָמענט אינם אימפּאָרטירטן לאַנד?

15) וויפיל בערך אידן זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין לאַנד גופא?

16) די נאַטירלעכע באַפעלקערונג־באַוועגונג ביי אידן און ניט־אידן אין די לעצטע דריי יאָר פאַר דער מלחמה:

| יאָר | ביי אידן | ביי ניט־אידן |
|---|---|---|
| א) לעבעדיק געבוירענע: | | |
| אין 1937 | | |
| „ 1938 | | |
| „ 1939 | | |
| ב) געשטאָרבענע: | | |
| אין 1937 | | |
| „ 1938 | | |
| „ 1939 | | |

17) די נאַטירלעכע באַפעלקערונג־באַוועגונג ביי אידן און ניט־אידן אין די מלחמה־יאָרן:

| יאָר | ביי אידן | ביי ניט־אידן |
| --- | --- | --- |
| א) לעבעדיק געבוירענע: | | |
| „ 1940 | | |
| „ 1941 | | |
| „ 1942 | | |
| „ 1943 | | |
| „ 1944 | | |
| ב) געשטאָרבענע: | | |
| „ 1940 | | |
| „ 1941 | | |
| „ 1942 | | |
| „ 1943 | | |
| „ 1944 | | |

18) ווי גרויס איז געווען די צאָל זעלבסטמאָרדן ביי אידן און ניט־אידן אין די יאָרן פון היטלערס הערשאַפט אָדער פון דער הערשאַפט פון א פראָ־נאַצישער רעגירונג? (אָנגעבן ציפערן פאַר איינצלנע יאָרן).

19) ווי גרויס שאַצט די רעגירונג די אַלגעמיינע מענטשן־פאַרלוסטן אין לאַנד:

א) פון „נאָרמאַלע" מלחמה־סיבות?
ב) פון געפאַלענער געבורטיקייט?
ג) פון געשטיגענער שטאַרביקייט?
ד) דורך דירעקטן מאָרד פון די אָקופּאַנטן?
ה) אין ווידערשטאַנד־קאַמפן?

20) ווי גרויס קאָן מען שאַצן די אידישע פאַרלוסטן:

א) פון „נאָרמאַלע" מלחמה־סיבות?
ב) פון געפאַלענער געבורטיקייט?
ג) פון געשטיגענער שטאַרביקייט?
ד) דורך דירעקטן מאָרד פון די אָקופּאַנטן?
ה) אין ווידערשטאַנד־קאַמפן?

21) וויפיל מענטשן זיינען פון די אָקופּאַנטן געריכטלעך פאַר׳משפט געוואָרן צום טויט פאַר אַלע יאָרן פון אָקופּאַציע?

22) וויפיל פון זיי זיינען געווען אידן?

## ב) עקאָנאָמיק

23) די פּראָפעסיאָנעלע און סאָציאַלע גלידערונג פון אידן און ניט־אידן לויט דער לעצטער פאָלקס־ציילונג.

א) די פּראָפעסיאָנעלע גלידערונג (עקאָנאָמיש־אַקטיווע):

| פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס | ביי אידן | | ביי ניט־אידן | |
|---|---|---|---|---|
| | אַבסאָלוט | % | אַבסאָלוט | % |
| 1) לאַנדווירטשאַפט | | | | |
| 2) האַנדל | | | | |
| 3) אינדוסטריע און האַנטווערק | | | | |
| 4) ליבעראַלע פּראָפעסיעס | | | | |
| 5) באַאַמטנטום | | | | |
| 6) הויז־דינסט | | | | |
| 7) פאַרשידענע | | | | |
| צוזאַמען | | | | |

ב) די סאָציאַלע גלידערונג פון די עקאָנאָמיש־אַקטיווע (באַזונדער פאַר יעדער פּראָפעסיאָנעלער גרופּע)

| סאָציאַלע גרופּעס | ביי אידן | | ביי ניט־אידן | |
|---|---|---|---|---|
| | אַבסאָלוט | % | אַבסאָלוט | % |
| 1) בעלי־בתים | | | | |
| 2) העלפנדיקע פאַמיליע־גלידער | | | | |
| 3) אָנגעשטעלטע | | | | |
| 4) אַרבעטער | | | | |
| 5) אומבאַשטימטע | | | | |
| צוזאַמען | | | | |

24) דער אָנטייל פון אידן פאַר דער מלחמה אין אייניקע וויכטיקע ווירט־שאַפטס־צווייגן:

א) אין באַנק־וועזן.
ב) אין אימפּאָרט און עקספּאָרט.
ג) אין דער גרויס־אינדוסטריע.
ד) אין גרויס־האַנדל.
ה) אין גרויסן גרונד־באַזיץ.
ו) אין דער מעדיצין.
ז) אין דער אַדוואָקאַטור.
ח) צווישן די פּראָפעסאָרן.

25) ווי איז פאַרגעקומען די ליקווידאַציע פון די אידישע אונטערנעמונגען און פאַרמעגנס? (אָנגעבן ווי דעטאַליזירטער ניט נאָר אַלע סטאַדיעס, דורך וועלכע די ליקווידאַציע איז דורכגעגאַנגען, נאָר אויך ווי זי איז דורכגעפירט געוואָרן אין באַזונדערע ווירטשאַפטס־צווייגן און אַפילו אין איינצלנע בראַנזשעס, ווי למשל, אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, אין דער מעל־פּראָדוקציע, אינם גרויס־האַנדל, אינם קליין־האַנדל, אינם האַנטווערק א. אַ. וו.):

א) פאַרברענט ביי באָמבאַרדירונגען?
ב) פאַרברענט פון די אָקופּאַנטן ביים אָפּטרעטן?
ג) קאָנפיסקירט און אינגאַנצן ליקווידירט, אַפילו די געביידעס פאַרניכטעט?
ד) קאָנפיסקירט, צוגענומען די מאַשינען און עוואַקואירט קיין דייטשלאַנד?
ה) קאָנפיסקירט און אַריבערגעפירט די מאַשינען אין אַנדערע אַרטיקע פאַבריקן?
ו) געצוואונגען די אידן צו פאַרקויפן:
   1) צו פרעמדע דייטשן?
   2) צו היגע דייטשן?
   3) צו אָרטיקע ניט־דייטשן?
ז) קאָנפיסקירט און פאַרקויפט:
   1) צו פרעמדע דייטשן?
   2) צו היגע דייטשן?
   3) צו אָרטיקע ניט־דייטשן?

26) וועלכע אידישע אונטערנעמונגען האָבן פונקציאָנירט די גאַנצע צייט פון דער מלחמה און אין וועמענס רשות געפינען זיי זיך אין איצטיקן מאָמענט?

27) צי האָבן די צענטראַלע רעגירונג אָדער די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען אונטערגענומען וועלכע ס׳ניט איז שריט, יורידישע אָדער פאַקטישע, וועלכע ווייזן אויף דער טענדענץ פון די מאַכט־האָבנדיקע לגבי די גע־וועזענע אידישע אונטערנעמונגען, הייזער, באַוועגלעכע גיטער וכדומה?

28) וואָסערע סאָציאַלע גרופּעס פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג האָבן גע־האַט די גרעסטע געווינסן פון דער עלימינירונג פון אידן פון עקאָנאָ־מישן לעבן:

א) דירעקט דורך איבערנעמען אידישע אונטערנעמונגען אָדער פונקציעס?
ב) אומדירעקט דורך באַפרייען זיך פון אידישער קאָנקורענץ?

# די אידישע קאַטאַסטראָפֿע

(29 וואָסערע טיילן פֿון די פֿראַפּיטירטע סאָציאַלע גרופּעס האָבן באַקומען די דירעקטע געווינסן:

א) אַקטיווע אַנטיסעמיטישע עלעמענטן?

ב) פּעאיקע פֿינאַנציעל אָדער באַרופֿלעך אָנצופֿירן מיט די צוגענומענע אידישע אונטערנעמונגען?

ג) פֿאַוואָריזירטע פֿון די רעגירונגען באַפֿעלקערונג־גרופּעס, ווי למשל, די על־זאַסער אין פֿראַנקרייך?

(30 פֿילט זיך אין עקאָנאָמישן לעבן פֿונם לאַנד דער אַרויספֿאַל פֿון אידן פֿון עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן:

א) אין זין פֿון לאַנגזאַמערן צופֿירן פֿון סחורות פֿון אויסלאַנד?

ב) אין זין פֿון שוואַכערן קאָנטאַקט צווישן שטאָט און דאָרף?

ג) אין זין פֿון פּרייזן אויף אימפּאָרטירטע פֿון אויסלאַנד סחורות?

ד) אין זין פֿון פֿעלן פֿון פֿאַכלייט, ווי בעלי־מלאָכות פֿון געוויסע קאַטעגאָריעס אָדער פֿון אינטעליגענטע פּראָפֿעסיעס, ווי דאָקטוירים, דענטיסטן וכדומה?

ה) אין זין פֿון געפֿאַלענעם ניווֹאָ פֿון דער פּרעסע, פֿון דער ליטעראַטור, פֿון די אַקאַדעמישע פֿאָרשונגען, וכדומה?

(31 צי זיינען פֿאַראַן דאַטעס וועגן אידישע פֿאַבריקן, וועלכע האָבן פֿונקציאָנירט בשעת דער מלחמה און זיינען געבליבן גאַנץ נאָך דער באַפֿרייאונג פֿונם לאַנד?

(32 אויב די רעגירונג האָט שוין איבערגענומען אידישע אונטערנעמונגען, צי האָט זי באַשטימט דעם כאַראַקטער פֿון דעם איבערנעם:

א) פֿאַרשטאַטלעכט אויף שטענדיק מיט אָדער אָן קאָמפּענסאַציע צו די בעלי־בתים אָדער זייערע יורשים?

ב) רעקוועסטירט צייטווייליק ביז דער מעלדונג פֿון אידישן בעל־הבית אָדער יורש?

ג) גענומען אין צייטווייליקער פֿאַרוואַלטונג ביז אַ העכערע אינסטאַנץ וועט באַשליסן דעם גורל פֿון דער גאַנצער גרויס־אינדוסטריע?

ד) איבערגעגעבן צייטווייליק אין ניט־אידישע הענט, ווייל דער אידישער אייגנטימער האָט זיך נאָך ניט געמאָלדן?

ה) איבערגעגעבן צייטווייליק אין אידישע הענט ביז דער בעל־הבית אָדער יורש וועט זיך מעלדן?

(33 צי זיינען פֿאַראַן אין די אַרכיוון פֿון דער רעגירונג דאָקומענטן, וועלכע

גיבן אַ מעגלעכקייט פעסטצושטעלן די בעלי־בתים פון געוויסע אונ־טערנעמונגען אָדער רעכט אויף אַנטייל?

34) צי זייַנען פאַראַן אין די אַרכיוון פון די בענק און אַקציען־געזעלשאַפטן דאָקומענטן, וועלכע גיבן אַ מעגלעכקייט פעסטצושטעלן די בעלי־בתים?

35) ווי גרויס איז געווען די פאָלקס־הכנסה אין די לעצטע דריי יאָר פאַר דער מלחמה?

36) ווי גרויס שאַצט מען אין רעגירונגס־קרייזן דעם אַנטייל פון אידן אין דער פאָלקס־הכנסה?

37) ווי גרויס איז געווען דאָס פאָלקס־פאַרמעגן ערב דער מלחמה?

38) ווי גרויס קאָן מען שאַצן דעם אידישן טייל פונם פאָלקס־פאַרמעגן?

39) ווי גרויס שאַצט די רעגירונג די מאַטעריעלע שאָדנס פון דער מלוכה:
- א) פון „נאָרמאַלע" מלחמה־סיבות?
- ב) פון בכוונה׳דיקער פאַרניכטונג פון די אָקופּאַנטן?
- ג) פון רויב און אַרויספיר קיין דייטשלאַנד און אין אַנדערע אַקס־לענדער?

40) ווי גרויס קאָן מען שאַצן דעם אידישן טייל פון יעדן מין שאָדן?

41) וועלכעווירטשאַפט־צווייגן פון לאַנד האָבן געליטן אָדער פאַרקערט, געוואונען פאַר דער צייט פון דער מלחמה:
- א) איז דער שטח קולטיווירט לאַנד פאַרגרעסערט אָדער פאַרקלענערט געוואָרן פאַר דער צייט פון דער מלחמה?
- ב) איז די באַאַרבעטונג פון דער לאַנדווירטשאַפט אינטענסיווירט געוואָרן אָדער, פאַרקערט, פרימיטיווער געוואָרן?
- ג) איז דער טויטער אינווענטאַר געוואָרן קלענער אָדער גרעסער?
- ד) איז דער לעבעדיקער אינווענטאַר געוואָרן גרעסער אָדער ווייניקער?
- ה) זייַנען איינגעפירט געוואָרן נייע מעטאָדעס פון אויסטויש צווישן שטאָט און דאָרף, וועלכע זייַנען לויִנבאַרער פאַרן פויערטום, אָדער ניין?
- ו) האָט זיך די לאַנדווירטשאַפטלעכע בילדונג פונם פויערטום פאַרגרעסערט אָדער פאַרקערט?
- ז) איז די דאָרפישע קאָאָפּעראַציע קוואַנטיטאַטיוו און קוואַליטאַטיוו געוואַקסן אָדער געפאַלן?
- ח) איז די קאַפּאַציטעט פון דער אינדוסטריע געשטיגן אָדער געפאַלן?
- ט) איז די אינדוסטריע ראַציאָנאַליזירט און קאָנצענטרירט געוואָרן אָדער פאַר־קערט?

י) איז די טעכנישע אויסבילדונג פון אַרבעטער־קלאַס געשטיגן אָדער געפאַלן?
יא) איז דער ניווא פונם האַנטווערקערטום געוואָרן טעכניש העכער אָדער פאַר־קערט?
יב) איז די פּראָפעסיאָנעלע בילדונג אין לאַנד בכלל געשטיגן אָדער געפאַלן?

(42 זיינען אַלע אָדער אייניקע אוניווערזיטעטן און טעכניקומס געווען אָפן אין די מלחמה־יאָרן, וויפיל און וועלכע?
(43 איז די צאָל דאָקטוירים אין לאַנד געפאַלן און אויף וויפיל?
(44 איז די צאָל אַדוואָקאַטן אין לאַנד געפאַלן און אויף וויפיל?
(45 איז די צאָל פּראָפעסאָרן געשטיגן אָדער געפאַלן?
(46 ווי שטאַרק פילט זיך אין לאַנד דער אַרויספאַל פון דער אידישער פּראָ־פעסיאָנעלער אינטעליגענץ?

## ג) פּאָליטיק

(47 צי איז געווען אַ פּראָ־נאַצי אָדער קוויזלינג־רעגירונג אין לאַנד?
(48 אויב ניט, צי זיינען געווען אַנדערע פאָרמען, עקאָנאָמישע, פילאַנטראָ־פּישע, פאָרמען פון צענטראַלער מיטאַרבעטערשאַפט?
(49 אויף וועלכע געביטן איז געווען די לאָקאַלע מיטאַרבעטערשאַפט?
(50 ווי האָבן זיך געהאַלטן די שטאָט־ראַטן און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע זעלבסטפאַרוואַלטונג־אָרגאַנען לגבי די אָקופּאַנטן?
(51 אויב ס'איז געווען אַ קוויזלינג־רעגירונג, אָנגעבן:
א) גענויעם באַשטאַנד פון די מיניסטאָרן און פון די העכערע באַאַמטע — ביל־דונג־מצב, געזעלשאַפטלעכע לאַגע און השפּעה, אַנטיסעמיטישע פאַרגאַנ־גענהייט.
ב) גענויעם באַשטאַנד פון די עלעמענטן, וועלכע זיינען געווען געשטעלט פון דער רעגירונג אויף פאַרשידענע פאָסטנס אין דער פּראָווינץ.
ג) פולע כאַראַקטעריסטיק פון דער סאָציאַלער פיזיאָגנאָמיע און פּאָליטישער פאַר־גאַנגענהייט פון די עלעמענטן, וועלכע זיינען שפּעטער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער מיטאַרבעטערשאַפט, באַזונדערס האָבנדיק אין אויג דעם אַנטיסע־מיטישן מאָמענט.
(52 ווי האָט די קוויזלינג־רעגירונג אויסגענוצט דעם אַנטיסעמיטישן מאָ־מענט:

א) מיט דירעקטן אַנטייל אין דער פיזישער אויסראָטונג פון אידן?
ב) באַגרענעצנדיק זיך מיט אויסשליסן אידן פון דעם עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן?
ג) מיט שטרעבן צו פאַרטרייבן די אידן פון לאַנד?

53) צי האָט די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע און פּאָליטיק פון די מלחמה־יאָרן געלאָזט טיפע וואָרצלען אין לאַנד און צווישן וועלכע סאָציאַלע גרופּעס אַמטיפסטן?

54) צי האָט די אַנטיפּאַטיע צו די אָקופּאַנטן געשטויסן געוויסע גרופּעס פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג צו סימפּאַטיעס צו אידן ניט נאָר צייטווייליק, נאָר אין טיפערן זין פון וואָרט?

55) צי קאָן מען רעדן וועגן אַ פּאָזיטיוון אָדער, פאַרקערט, נעגאַטיוון איבערברוך אין דער באַציאונג צו אידן מצד דער ניט־אידישער באַפעלקערונג אין רעזולטאַט פון די אַלע געשעענישן, וועלכע האָבן דאָך געמוזט אויפטרייסלען אַפילו די פּאַסיווסטע?

56) ווי האָבן רעאַגירט פאַרשידענע סאָציאַלע גרופּעס פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג אויף די פאַרשידענע מינים רדיפות:
א) אויף די מאָרדן און אויסראָטונגען?
ב) אויף די דעפּאָרטאַציעס?
ג) אויף די געטאָס און געלע לאַטעס?
ד) אויף דעם אויסשליסן אידן פון עקאָנאָמישן לעבן?

57) אויב ס׳זיינען געווען אָפענע פּראָטעסטן, באַשרייבן די מעגלעכסט גרעסטע צאָל.

58) צי זיינען די אָרגאַניזירטע אַנטיסעמיטישע פּאַרטייען אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אָדער זיי באַהאַלטן זיך אונטער פאַרשידענע מאַסקעס?

59) פירט די רעגירונג פונם באַפרייטן לאַנד אַן אמת׳ן אויפריכטיקן קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם אויסצואוואָרצלען אים אין פאָלק, אָדער מען באַגרענעצט זיך מיט פאָרמעלע פאַרבאָטן?

60) פילט מען אין די אינטעלעקטועלע קרייזן אַן ערנסטערע באַציאונג צום אַנטיסעמיטיזם, ווי פאַר דער מלחמה?

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

61) צי ווערט צוגעגעבן פון דער אינטעליגענץ, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן אין דער קאַטאַסטראָפע פון די פעלקער?

62) ווי ווייט איז געגאַנגען דער אַנטייל פון דער באַפעלקערונג:
א) אין די מאַסן־פּאָגראָמען?
ב) אין די אָרגאַניזירטע מאַסן־מאָרדן?
ג) אין די פּעריאָדישע איבערפאַלן אויף די געטאָס?
ד) אין העלפן די אָקופּאַנטן פאַרכאַפּן און אויפדעקן אידן אין די וועלדער און אין אַנדערע פאַרשטעק־ערטער?
ה) אין מסר׳ן אידן מיט אַרישע פּאַספּאָרטן?
ו) אין ראַבעווען אידיש האָב און גוטס?

63) ווי ווייט איז געגאַנגען די שטיצע און הילף צו אידן מצד דער ניט־אידישער באַפעלקערונג:
א) מיט באַהאַלטן אידן אין פאַרשטעקטע ערטער?
ב) מיט העלפן אַנטלויפן פון לאַנד אָדער זיך באַהאַלטן אין וואַלד?
ג) מיט אַרישע פּאַספּאָרטן?
ד) מיט צושטעלן שפּייז אידן אין פאַרשטעקטע ערטער?

64) ווי גערן האָט די ניט־אידישע באַפעלקערונג זיך געכאַפּט:
א) פאַרנעמען די באַפרייטע אידישע וואוינונגען?
ב) איבערנעמען די אידישע אונטערנעמונגען אָדער געשעפטן?
ג) אָפּקויפן אידיש האָב און גוטס?
(אין לענדער מיט אַ נאַציאָנאַל־געמישטער באַפעלקערונג, ווי למשל, אין בעלגיע אָדער פּוילן, באַשרייבן גענוי באַזונדער די באַציאונג פון יעדן פאָלק צו די פראַגעס פון 17, 18 און 19.)

65) צי איז געווען אין לאַנד פאַר דער מלחמה אַ צענטראַלע יורידישע אָדער פּאָקטישע פאַרטרעטערשאַפט פון גאַנצן אידנטום?

66) אויב יאָ, אָנגעבן דעם פּערסאָנעלן באַשטאַנד, מיט גענויע פּראָפעסיאָנעלע, געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע כאַראַקטעריסטיקס פון די מענטשן.

67) צי האָט די דאָזיקע פאַר־מלחמה׳דיקע צענטראַלע אידישע פאַרטרעטערשאַפט פונקציאָנירט ביי דער היטלער־ אָדער פראָ־נאַצישער מאַכט, ווי לאַנג און צי האָט זיך איר באַשטאַנד געענדערט?

## יעקב לעשצינסקי

68) אויב ס'איז פון פריער ניט געווען קיין אידישע צענטראַלע פּאַרטרע־טערשאַפט, צי האָט די היטלער־מאַכט אָדער די פּראָ־נאַצישע רעגירונג געשאַפן אַזאַ צענטראַלע קערפּערשאַפט, אויף וועלכן אופן און פון וואָסערע פּערזאָנען? (גענויע כאַראַקטעריסטיק פון יעדער פּערזאָן).

69) אויב אַזאַ קערפּערשאַפט איז געשאַפן געוואָרן, וואָסערע פונקציעס האָט זי געהאַט אויסצופילן, ווי לאַנג האָט זי פונקציאָנירט, ווען איז זי ליקווידירט געוואָרן און וואָס איז געוואָרן מיט אירע מיטגלידער?

70) ווי איז געווען די באַציאונג פון דער אידישער באַפעלקערונג צו דער פון אַ היטלער־רעגירונג אָדער פון אַ פּראָ־נאַצישער רעגירונג געשאַ־פענער קערפּערשאַפט:
א) אַ פיינדלעכע?
ב) אַ לית־ברירה־אונטערטעניקע?
ג) אַ פּאָזיטיוו־איינגעהאַלטענע?
ד) אַן אָפן־פריינדלעכע?

71) האָט אין לאַנד פונקציאָנירט אַ צענטראַלע אידישע הילף־געזעלשאַפט?

72) אויב יאָ, אויף וועלכע יסודות איז זי באַשאַפן געוואָרן, וואָסערע פּער־זאָנען זיינען געווען אין איר פּאַרטראַטן און וועלכע פונקציעס האָט זי אויסגעפילט?

73) פון וואַנען האָט די צענטראַלע אידישע הילף־געזעלשאַפט באַקומען אירע מיטלען:
א) פון אויסלאַנד?
ב) פון אָרטיקע אַלגעמיינע מקורים?
ג) פון אייגענע הכנסות?

74) ווי לאַנג האָט די צענטראַלע הילף־געזעלשאַפט עקזיסטירט און וואָס איז געוואָרן מיט די מיטגלידער נאָך דער ליקווידאַציע?

75) אויב ס'זיינען פאַראַן אין די מלוכה־אַרכיוון (אין מיניסטעריום פון אי־נערן אָדער פון סאָציאַלער פאַרזאָרגונג) מעמאָראַנדומס אָדער בו־דזשעטן, ביטעס אָדער פאַרשלאַגן פון דער הילף־געזעלשאַפט, אַרויס־באַקומען קאָפּיעס.

76) איז געווען אַ קאָמיסאַריאַט פאַר אידישע ענינים?

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

77) אויב יאָ, באַשרייבן גענוי, ווען ער איז געגרינדעט געוואָרן, זיינע פונק־ציעס, זיינע מיטגלידער, זיין פּאַקטישע טעטיקייט, זיין ליקווידאַציע־מאָמענט.

78) וואָסערע אַלגעמיינע געזעצן זיינען אין באַפרייטן לאַנד שוין אָנגענומען געוואָרן, וועלכע האָבן אַ דירעקטע אָדער אומדירעקטע שייכות צו אידן, צו זייער פּאָליטישן סטאַטוס, צו דער פראַגע וועגן אומקערן אָדער אויפ־שטעלן דאָס אידישע אייגנטום, אויפבויען דאָס אידישע עקאָנאָמישע לעבן, א. אַ. וו.?

79) האָט די רעגירונג פונם באַפרייטן לאַנד שוין אָנגענומען וועלכע ס'ניט איז ספּעציעל אידישע געזעצן וועגן צוריקקער פון אידישן אייגנטום, וועגן גורל פון די אידישע פאַרמעגנס, ווענעמס בעלי־בתים זיינען ניטאָ אין לאַנד אָדער זיינען בכלל ניטאָ אויף דער לעבעדיקער וועלט, וועגן ספּעציעלע נויטן פון דער אידישער באַפעלקערונג, וועגן עקאָנאָמישן אויפבוי, א. אַ. וו.?

80) איז אין באַפרייטן לאַנד געשאַפן געוואָרן אַ וועלכע ס'ניט איז אידישע צענטראַלע קערפּערשאַפט, וועלכע זאָל העלפן דער רעגירונג ביים באַ־האַנדלען און לייזן ספּעציעל אידישע פראַגעס?

81) אויב אַזאַ קערפּערשאַפט איז געשאַפן געוואָרן. אָנגעבן גענוי:

א) די יסודות, אויף וועלכע זי איז געשאַפן געוואָרן.

ב) אירע פונקציעס.

ג) איר פּערסאָנעלן באַשטאַנד מיט אַ גענויער כאַראַקטעריסטיק פון יעדער פּערזאָן.

ד) איר יורידישן סטאַטוס.

ה) איר טעטיקייט ביז איצט.

82) ווערן ביי די פאַרשידענע מיניסטעריומס רעגיסטרירט אין באַפרייטן לאַנד אויפקומענדיקע נייע אידישע קהילות, חברות, עקאָנאָמישע אָר־גאַניזאַציעס, קאָאָפּעראַטיוון, א. אַ. וו.?

83) אויב יאָ, פעסטשטעלן זייער צאָל, די ערטער, וואו זיי זיינען אויפגע־קומען, זייער סטרוקטור, זייערע פונקציעס, זייערע צילן, זייערע מיט־לען, די מקורים, פון וואַנען די מיטלען קומען, א. אַ. וו.

## יעקב לעשצינסקי

### ד) אידישע קאָנצענטראַציעס אין די היטלער־אָקופּירטע אָדער היטלער־באַהערשטע לענדער

84) וויפיל געטאָס זיינען געווען אין לאַנד און פון וויפיל מינים:
א) מיט הויכע צוימען און אַבסאָלוטער איזאָלירונג.
ב) באַגרענעצט מיט וואוינרעכט אין באַשטימטע טיילן פון שטאָט און מיט רעכט צו באַזוכן די איבעריקע גאַסן פון שטאָט נאָר אין באַשטימטע שעה'ן.
ג) אַנדערע טיפּן.

85) אויב מעגלעך, פעסטשטעלן די טערמינען פונם אויפקום פון די פאַרשידענע טיפּן געטאָס, ווי לאַנג זיי האָבן עקזיסטירט, די אַרט פון ליקווידאַציע.

86) אָנגעבן דעם פערזענלעכן באַשטאַנד מיט גענויע מעגלעכע כאַראַקטעריסטיקס פון דעם אידישן און ניט־אידישן אַדמיניסטראַטיוון פּערסאָנאַל פון די געטאָס.

87) אויפזוכן אין די קאַנצעלאַריעס פון פאַרשידענע מיניסטעריומס אַלע געזעצן, פאַראָרדענונגען און צירקולאַרן, וואָס האָבן אַ שייכות צו די געטאָס, צו זייערע איינריכטונגען, צו זייערע פאַרוואַלטונג־מעטאָדן, צו דער באַשטימונג פון אידישן און ניט־אידישן פּערסאָנאַל.

88) וויפיל קאָנצענטראַציע־לאַגערן זיינען געווען אין לאַנד:
א) געמישטע פאַר אידן און ניט־אידן, זייער גרייס, די צאָל פאַרשפאַרטע אין געוויסע צייט־פּונקטן, זייער פּערסאָנאַל, מיט גענויע כאַראַקטעריסטיקס.
ב) ספּעציעל אידישע, זייער גרייס, די צאָל פאַרשפאַרטע אין געוויסע צייט־פּונקטן, זייער פּערסאָנאַל, מיט גענויע כאַראַקטעריסטיקס.
ג) ספּעציעל ניט־אידישע, זייער גרייס, די צאָל פאַרשפאַרטע אין געוויסע צייט־פּונקטן, זייער פּערסאָנאַל, מיט גענויע כאַראַקטעריסטיקס.

89) אויב מעגלעך, אויסרעכענען בערך וויפיל אידן — איינצלנע — זיינען איבערגעווען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פאַר דער גאַנצער צייט פון זייער עקזיסטענץ.

90) אויב מעגלעך, אויסרעכענען וויפיל אידן זיינען געווען צו צוויי אָדער מערערע מאָל אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

91) אויב מעגלעך, אנגעבן די צאל געשטארבענע אין יעדן קאנצענטראציע־לאגער, אידן און ניט־אידן.

92) אויב ס׳איז ניט מעגלעך פעסטצושטעלן די צאל געשטארבענע פאר דער גאנצער צייט פון דער עקזיסטענץ פון א קאנצענטראציע־לאגער, פעסטשטעלן די שטארביקייט לגבי אלע פארשפארטע אין געוויסע צייט־אפשניטן (אין א וואך, אין א חודש) פון א באשטימטן יאר.

93) וויפיל ארבעטער־קעמפס און ארבעטער־לאגערן זיינען געווען אין לאנד פאר דער גאנצער צייט:

א) ספעציעל אידישע, זייער כאראקטער, די הויפט־מינים ארבעטן, דער פערסאנאל, די שפייז, די צאל מענטשן פאר דער גאנצער צייט אדער אין געוויסע מאמענטן פון מאקסימום באשעפטיקטע און מינימום באשעפטיקטע, די שטארביקייט, א. א. וו.

ב) ספעציעל ניט־אידישע, זייער כאראקטער, די הויפט־מינים ארבעטן, דער פערסאנאל, די שפייז, די צאל מענטשן פאר דער גאנצער צייט אדער אין געוויסע מאמענטן פון מאקסימום און מינימום באשעפטיקטע, א. א. וו.

ג) געמישטע ארבעט־קעמפס און ארבעט־לאגערן (די זעלבע פראגעס וואס פריער).

94) פעסטשטעלן לויט די טורמע־באריכטן די צאל אידן און ניט־אידן, וואס זיינען איבערגעווען ארעסטירט פאר דער גאנצער צייט פון היטלערס הערשאפט אדער פון דער הערשאפט פון א פרא־נאצישער רעגירונג.

95) אויב מעגלעך, פעסטשטעלן די צאל געשטארבענע אין די טורמעס — אידן און ניט־אידן.

96) אויב מעגלעך, פעסטשטעלן לויט די מאטעריאלן פון יוסטיץ־מיניסטעריום דעם פערסאנאלן באשטאנד פון די טורמע־אדמיניסטראציעס, די לעבנס־באדינגונגען אין די טורמעס אין זין פון שפייז, פון סאניטאר־היגיענישע אינטערעסן, א. א. וו.

97) אין אלע פונקטן, וואו ס׳רעדט זיך וועגן פערסאנאלן באשטאנד, אנגעבן וואו נאר מעגלעך די נאציאנאליטעט פון די מענטשן, דאס הייסט ניט נאר אידן און ניט־אידן, נאר אין בעלגיע, למשל, אידן, דייטשן, פלעמען, וואלאנער; אין פוילן: אידן, דייטשן, פאליאקן, אוקראינער, ליטווינער.

## ה) אידישע אינסטיטוציעס

98) צי איז פאַראַן אין וועלכן ס׳ניט איז מלוכה־אַרכיוו אַ רשימה פון די אידישע קהילות פון לאַנד פאַר דער מלחמה?

99) אויב יאָ, אַרויסבאַקומען די צאָל קהילות, די אַלגעמיינע סומע פון זייערע הכנסות און הוצאות פאַר די לעצטע דריי יאָר פאַר דער מלחמה.

100) אויב מעגלעך, פעסטשטעלן די באַזונדערע קאַטעגאָריעס פון די הכנסות און הוצאות לויט פאָלגנדיקן סדר:

א) הכנסות;
1) שטייערן;
2) בית־עולם;
3) שחיטה;
4) פאַנדן;
5) פאַרשידענע.

ב) הוצאות:
1) רעליגיע־ענינים;
2) סאָציאַלע הילף און צדקה;
3) בילדונג־ענינים;
4) געזונטהייט־וועזן;
5) אינוועסטיציעס;
6) אַדמיניסטראַציע־קאָסטן;
7) פאַרשידענע.

101) אַרויסבאַקומען פון אַרכיוו פון בילדונג־מיניסטעריום די דאַטעס וועגן אַלע טיפּן ספּעציעל אידישע בילדונג־אינסטיטוציעס ערב דער אָקופּאַציע אָדער ערב דער באַהערשונג פון די דייטשן:

א) שולן פון פאַרשידענע טיפּן, די צאָל שילער אין יעדן טיפּ, די צאָל לערער, די בודזשעטן, די מקורים פון דעקן די בודזשעטן, אייגענע אָדער געדונגענע געביידעס.

ב) די צאָל אידישע ביבליאָטעקן אין לאַנד, די צאָל ביכער אין זיי, דער פּערסאָנאַל, די בודזשעטן, די בנינים (אייגענע אָדער געדונגענע).

ג) די צאָל רעליגיעזע בילדונג־אינסטיטוציעס, ווי חדרים, ישיבות.

ד) אינסטיטוטן, מוזעען וכדומה.

## די אידישע קאטאסטראפע

102) אַרויסבאַקומען פון אַרכיוו פון דעפּאַרטמענט פאַר רעליגיע־ענינים:
א) די צאָל סינאַגאָגעס און בתי־מדרשים, זייערע בודזשעטן און מקורים פון הכנסה;
ב) די צאָל רבנים און שוחטים.

103) ווי לאַנג האָבן פונקציאָנירט ביי דער היטלער־הערשאַפט אין דאָזיקן לאַנד — לעגאַל און אומלעגאַל — אידישע צענטראַלע געזעלשאַפטן:
א) דזשאָינט;
ב) אָרט;
ג) אָזע (טאָז);
ד) צענטראַלע לאַנד־געזעלשאַפטן, ווי למשל, אין פוילן — צישאָ, שול־קולט, תרבות, חלוצים, אַנדערע.

104) אַרויסבאַקומען פון די אַרכיוון פון מיניסטעריום פון אינערן דאַטעס איבער אידישע סאָציאַלע און צדקה־חברות און אינסטיטוציעס, זייערע פונקציעס, זייערע בודזשעטן, זייערע הכנסה־מקורים פאַר די לעצטע דריי יאָר פאַר דער מלחמה.

105) ווי לאַנג האָבן פונקציאָנירט — לעגאַל אָדער אומלעגאַל — די אידישע פּאָליטישע פּאַרטייען ביי דער היטלער־הערשאַפט:
א) די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און אַלע אירע פאַרצווייגונגען און טיפּן.
ב) די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע טיפּן: בונד, רעכטע פּועלי־ציון, לינקע פּועלי־ציון, קאָמוניסטן, אַנדערע.

### ז) אידישער ווידערשטאַנד

106) וויפיל אידן זיינען געווען אין מיליטער פאַר דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה פון געפאַרשטן לאַנד:
א) אין דער אַרמיי?
ב) אין לופט־פלאָט?
ג) אין ים־פלאָט?

107) וויפיל אידישע אָפיצירן זיינען געווען:
א) אין דער אַרמיי?
ב) אין לופט־פלאָט?
ג) אין ים־פלאָט?

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

108) וויפיל אידישע דאָקטוירים האָבן געדינט אין אַלע אַרמייען?

109) וויפיל אידישע קראַנקן־שוועסטער האָבן געאַרבעט אין אַלע אַרמייען?

110) וויפיל סאָלדאַטן פון דעם לאַנד זיינען געפאַלן אויף די שלאַכטפעלדער:
א) אינגאַנצן?
ב) פון דעם — אידן?

111) וויפיל אָפיצירן זיינען געפאַלן אויף די שלאַכטפעלדער:
א) אינגאַנצן?
ב) פון דעם — אידן?

112) וויפיל דאָקטוירים זיינען געפאַלן:
א) אינגאַנצן?
ב) פון דעם — אידן?

113) וויפיל שוועסטער זיינען אומגעקומען:
א) אינגאַנצן?
ב) פון דעם — אידן?

114) וויפיל זיינען געווען פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן:
א) אינגאַנצן?
ב) פון דעם — אידן?

115) וויפיל סאָלדאַטן זיינען פאַרפאַלן געוואָרן:
א) אינגאַנצן?
ב) פון דעם — אידן?

116) וויפיל אָפיצירן זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן:
א) אינגאַנצן?
ב) פון דעם — אידן?

117) וויפיל אָפיצירן זיינען פאַרפאַלן געוואָרן?
א) אינגאַנצן?
ב) פון דעם — אידן?

118) וויפיל אידן האָבן זיך אויסגעצייכנט, און מיט וועלכע גראַדן:
א) אָפיצירן?
ב) סאָלדאַטן?

119) וויפיל בערך אידן האָבן געדינט אין דער אונטערערדישער אַרמיי:
א) אַלס אָפיצירן?
ב) אַלס סאָלדאַטן?

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

120) איז געווען אין לאַנד אַ ספּעציעלע גערילאַ־אָרגאַניזאַציע און ווען איז זי געגרינדעט געוואָרן?

121) אויב יאָ, פעסטשטעלן איר טעטיקייט־פּראָגראַם און צי איז אין דער דאָזיקער פּראָגראַם אַריינגעגאַנגען:

א) קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם ביי דער אייגענער באַפעלקערונג און מיט וועלכע וועגן און מיטלען?

ב) קאַמף מיט די אָקופּאַנטן דירעקט קעגן זייער אויסראָטונג־פּאָליטיק פון דער אידישער באַפעלקערונג און מיט וועלכע וועגן און מיטלען?

122) אויב דער אידישער מאָמענט אין נאָר־וואָס אויסגעלייגטן זין האָט פאַר־נומען אַן אָרט אין דער פּראָגראַם פון דער גערילאַ־אָרגאַניזאַציע, אויס־לייגן ווי אויספירלעכער אַלע פאַקטן, וועלכע זאָלן אילוסטרירן די קאָנ־קרעטע טעטיקייט אויףביידע דערמאָנטע פעלדער.

123) פעסטשטעלן, צי אין דער איניציאַטיוו־גרופּע פון דער גערילאַ־אָרגאַני־זאַציע זיינען געווען אידן:

א) אַלס פאַרטרעטער פון דער אַלגעמיינער פּאָליטישער ריכטונג, וועלכע האָט גענומען די איניציאַטיוו?

ב) אַלס פאַרטרעטער פון אַ אידישער אָדער פון אידישע פּאַרטייען אָדער אָר־גאַניזאַציעס?

124) אויב יאָ, באַשרייבן גענוי און אויספירלעך די דאָזיקע אידן פּערסאָנעל און אַלס פאַרטרעטער פון אידישע פּאָליטישע ריכטונגען.

125) פעסטשטעלן דעם אָנטייל פון אידן בכלל אין דער גערילאַ־אָרגאַניזאַציע און אין אירע אַקטן:

א) אין דער ערשטער סטאַדיע פון טעטיקייט פון דער גערילאַ־אָרגאַניזאַציע.

ב) אין די שפּעטערדיקע סטאַדיעס פון דער טעטיקייט.

126) דערביי אויפקלערן, ווי שטאַרק ס׳האָט געווירקט די וואַקסנדיקע אויס־ראָטונג־פּאָליטיק פון די אָקופּאַנטן אויפן צושטראָם פון אידן אין דער גערילאַ־אָרגאַניזאַציע.

127) אויספאָרשן ווי אַמגרינטלעכסטן און ווי אַמאויספירלעכסטן דעם אָנטייל פון אידן אין פאַרשידענע קאַטעגאָריעס פון קאַמף מיט די אָקופּאַנטן:

א) אין דער אויסגאַבע פון צייטונגען און ביכער.

ב) אין דעם שמוגל פון מענטשן דורך די גרענעצן.

ג) אין דעם סאַבאָטאַזש אין די פֿאַבריקן.
ד) אין די אָנפֿאַלן אויף די קאָמוניקאַציע־מיטלען.
ה) אין די אָנפֿאַלן אויף אַרמיי־אָפּטיילן.
ו) אין אַנדערע סאָרטן קאַמפֿן.

128) ווי האָבן פֿיגורירט די אידן אין דער גערילאַ־אָרגאַניזאַציע:
א) אַלס אידן פֿאַר דער דרויסנדיקער וועלט און פֿאַר די גערילאַ־חברים?
ב) אַלס קריסטן פֿאַר ביידע וועלטן?
ג) אַלס קריסטן פֿאַר דער דרויסנדיקער וועלט און אַלס אידן פֿאַר די קאַמף־חברים?

129) אויפֿקלערן ווי ווייט חבר׳יש און פֿריינדלעך האָבן די אידישע גערילאַס געלעבט מיט די קריסטלעכע און צי זיינען געווען קאָנפֿליקטן צווישן די דאָזיקע צוויי גרופּעס.

130) איז געווען אַ צענטראַלע אידישע גערילאַ־אָרגאַניזאַציע און ווען איז זי געגרינדעט געוואָרן?

131) אויב יאָ, באַשרייבן גענוי די גרופּע אָדער גרופּעס אָדער די מענטשן, וועלכע האָבן גענומען די איניציאַטיוו צו גרינדן אַזאַ אָרגאַניזאַציע.

132) זיינען געווען קעגנער פֿון אַזאַ אידישער צענטראַלער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און צוליב וועלכע מאָטיוון:
א) כדי ניט צו רייצן די אָקופּאַנטן?
ב) צוליב פּרינציפּיעלע טעמים, ווי כלל־ישראל־פּאָליטיק אָדער רעליגיעזע טעמים?

133) אויב ס׳זיינען געווען קעגנער, באַשרייבן די ריכטונגען, וועלכע זיי האָבן פֿאָרגעשטעלט, און אויך זייער אויספֿירלעך כאַראַקטעריזירן די מענטשן גופֿא.

134) איז די אידישע צענטראַלע קאַמף־אָרגאַניזאַציע געווען אַ פֿיליאַלע פֿון דער אַלגעמיינער אָדער אַ זעלבסטשטענדיקע אָרגאַניזאַציע?

135) באַשרייבן גענוי אין ביידע פֿאַלן די פּאָליטישע און אַנדערע גרופּירונגען, וועלכע זיינען אַריינגעגאַנגען אין דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און אין וועלכער פּראָפּאָרץ זיי זיינען געווען פֿאָרטראָטן אין די פֿאַרשידענע פֿירנדיקע אָרגאַנען.

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

136) באַשרייבן גענוי און אויספירלעך, ווי זיינען געווען פאַרטיילט די אידן־קעמפער צווישן דער אַלגעמיינער און אידישער גערילאַ־אָרגאַניזאַציע און וועלכע מאָטיוון האָבן געטריבן פאַרשידענע אידישע עלעמענטן אין דער איינער אָדער צווייטער אָרגאַניזאַציע.

137) באַשרייבן גענוי און ווי אויספירלעכער די באַציאונג פון די אידישע לעגאַלע אינסטיטוציעס, אויב אַזעלכע האָבן עקזיסטירט, צו דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

138) פעסטשטעלן ווי אויספירלעכער אַלע אַרויסטרעטונגען און אַקטן פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און דעם דערפאָלג פון די לעצטע.

139) באַשרייבן גענוי, ווי מען האָט אָרגאַניזירט די לאָקאַלע פיליאַלעס און ווי זיינען געווען די קעגנזייטיקע באַציאונגען.

140) באַשרייבן גענוי, ווי האָט מען איינגעשטעלט פאַרבינדונגען מיט אויס־לענדישע אָרגאַניזאַציעס, מיט וועלכע און אין וואָס איז באַשטאַנען די שטיצע פון די פאַרשידענע אויסלענדישע אידישע אָרגאַניזאַציעס.

141) זיינען געקומען אין לאַנד אַריין שליחים פון אויסלאַנד, פון וואַנען, וויפיל, פון וועלכע געזעלשאַפטלעכע ריכטונגען, מיט וועלכע צוועקן און ווי ווייט האָט געגרייכט זייער הילף?

142) באַשרייבן גענוי און כאַראַקטעריזירן פּערסאָנעל די שליחים.

143) אויב ס׳זיינען געווען אין לאַנד צוויי אַלגעמיינע צענטראַלע קאַמף־אָרגאַניזאַציעס אָדער צוויי אידישע צענטראַלע קאַמף־אָרגאַניזאַציעס, אויספילן אַ בויגן פאַר יעדער אָרגאַניזאַציע באַזונדער.

144) אויב מעגלעך, פעסטשטעלן כאָטש בערך די צאָל אידן, וואָס זיינען געווען איןביידע קאַמף־אָרגאַניזאַציעס, וויפיל פון זיי מענער און וויפיל פרויען, וויפיל זיינען געפאַלן אין קאַמף און וויפיל זיינען לעבן־געבליבן.

# אינסטרוקציעס צום בויגן נומער 1
# (מלוכה־בויגן)

צוויי הויפּט־אויפגאַבעס וועט האָבן אויסצופילן די פאָרשונג־צענטראַלע, וועלכע וועט זיצן אין דער הויפּטשטאָט, חוץ, פאַרשטייט זיך, דער אָנפירונג מיט דער פאָרשונג אין גאַנצן לאַנד:

1) אויפדעקן און אויפקלערן ווי אַמברייטסטן און פולסטן די פּאָליטישע זייט פון דער אידישער קאַטאַסטראָפע;

2) אויסנוצן אין דער מאַקסימאַלסטער מאָס די צענטראַלע אַמטן און צענטראַלע אַרכיוון אויף אַרויסצובאַקומען די מאַטעריאַלן, וועלכע האָבן זיך דאָרטן אָנגעזאַמלט און וועלכע אַנטהאַלטן געוויס וויכטיקע ידיעות וועגן אידישן לעבן אין דער פאַר־מלחמה'דיקער צייט און אין די מלחמה־יאָרן.

מיר האָבן אינם אַריינפיר געגעב קלאָר פאָרמולירט די וויכטיקייט פון דער פּאָליטישער זייט פון אונזער קאַטאַסטראָפע. מיר האָבן געוויזן, אַז אין משך פון דער מלחמה איז געוואָרן קלאָר פאַר אַלעמען, אַז דער אַנטיסעמיטיזם האָט אויפגעהערט צו זיין אויסשליסלעך אַ אידישע פראַגע; האָט אויך אויפגעהערט צו זיין נאָר אַן אינערלעכע פּאָליטישע פראַגע און איז געוואָרן אַ פּראָבלעם פון אַ גאָר גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער געוויכט. אונזער אויפגאַבע וועט לכן באַשטיין אין אויפדעקן די קאָנקרעטע פאַרבינדונגען פון דער היטלער־באַוועגונג מיט די קומענדיקע קוויזלינג־עלעמענטן דורך דער אַנטי־סעמיטישער נעץ, דורך דער אַנטיסעמיטישער פּרעסע, אַנטיסעמיטישע קאָנ־גרעסן, כלומרשטע אינטערנאַציאָנאַלע ספּאָרט־וועטן, וועלכע זיינען פּאַקטיש אויסגענוצט געוואָרן פאַר איינשטעלן אינטימערע קאָנטאַקטן מיט אַנטיסעמי־טישע קרייזן, די פּאָטענציעלע נאַציאָנאַלע פאַררעטער.

די איצטיקע מלחמה האָט אַזוי אויפגעטרייסלט די וועלט, אַז מען וועט געוויס נאָך צענדליקער יאָרן פאָרשן און טייטשן אירע אמת'ע סיבות און אַלע פאַרוויקלטע און קאָמפּליצירטע דערשיינונגען, וועלכע האָבן זי באַגלייט. איינע

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

פון די אינטערעסאַנטסטע דערשיינונגען אויף דעם געביט פון טייטשן און אויפקלערן די פאַקטאָרן, וועלכע האָבן אַרויסגערופן די מלחמה און אַלע יענע טיפע רעוואָלוציאָנער־געזעלשאַפטלעכע פאָלגן, וועלכע זי מוז ברענגען, באַשטייט אין דעם, וואָס אַפילו פיל געשוואָרענע מאַרקסיסטן האָבן אויפגעהערט אַרויסצורוקן אויפן ערשטן פלאַן די קלאַסן־מאָמענטן, נאָר מוזן מודה זיין, אַז דער נאַציאָנאַלער מאָמענט שפילט אַן אַנטשיידנדיקע ראָלע. פאַראַלעל מיטן נאַציאָנאַלן מאָמענט ווערן אַרויסגערוקט אַלגעמיינע עקאָנאָמישע סיבות, ווי דער רעוואָלט פון דעם קליינעם מענטשעלע, וועלכעס וויל מער ניט לעבן אין דחקות, בעת די שפע שלאָגט אין די אויגן און די פּאָטענציעלע שפע'ס זיינען אַזוי אומגעהייער; אויך אַלגעמיינע פּאָליטיש־אידעאָלאָגישע סיבות.

ס'איז ממש צו שטוינען, ווי ווייניק אויפמערקזאַמקייט מען גיט אָפּ דעם אַנטיסעמיטיזם הן אין די אינטערנאַציאָנאַלע פאָרש־אינסטיטוציעס און קאָמיסיעס, וועלכע האַלטן אין איין מערן זיך, און הן אין די נאַציאָנאַלע פאָרש־קאָמיסיעס פון איינצלנע רעגירונגען. און דאָס איז, בעת פּריוואַט זיינען אַלע מודה, אַז דער אַנטיסעמיטיזם האָט געשפּילט אַ פאַטאַלע ראָלע אין אַלע פאַזעס פון דער צוגרייטונג צו דער מלחמה, ווי אויך אין דער מלחמה גופא.

אויפדעקן אויף די ערטער, אין די הויפּטשטעט פון די באַפרייטע לענדער, אַלע פאַרפלעכטונגען און פאַרקניפּונגען צווישן דער דייטשער מלחמה־צענטראַלע מיט די נאַציאָנאַלע אַנטיסעמיטישע צענטערס, אויפווייזן מיט קאָנקרעטע פאַקטן פון דער פאַר־מלחמה־ און מלחמה־צייט די אינטימע קרובה־שאַפט צווישן דעם אַנטיסעמיטיזם און נאַציאָנאַלן פאַרראַט — דאָס איז אַ היסטאָרישע מיסיע פון ערשטן גראַד.

ס'זיינען אַוועק די צייטן, ווען אידן האָבן פּאַקטיש אומעטום געלעבט אין אַ גייסטיקן געטאָ און זיינען געווען אַזוי איזאָלירט און אָפּגעריסן פון אַלע קלאַסן פון דער אַרומיקער סביבה, אַז זיי האָבן ניט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט צו ווירקן אויף גרופּעס אָדער יחידים פון דער פרעמדער וועלט. אידן האָבן ניט געהאַט קיין שום פּאָליטישע אָדער סאָציאַלע קאָנטאַקטן מיט דער אַרומיקער וועלט, און ס'האָט זיך במילא באַקומען, אַז די גאַנצע אַרומיקע קריסטלעכע וועלט איז פיינדלעך צו אידן. און אַזוי ווי די אַרומיקע געזעל־

שאַפט איז געווען זייער אַ פּרימיטיווע, ניט־דיפערענצירטע, איז די באַציִ־אונג פון דער הערשנדיקער מאַכט אָדער קלאַסן־גרופע געווען פאַקטיש די באַציאונג פון דעם גאַנצן אַרום.

די לאַגע האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט פאַר די לעצטע 150 יאָר — גרויסע טיילן פון דער אידישער באַפעלקערונג זיינען געוואָרן פסיכיש און קולטורעל אָרגאַנישע טיילן פון דער אַרומיקער געזעלשאַפט. די לעצטע איז סאָציאַל, פּאָליטיש און גייסטיק זייער דיפערענצירט און איז זעלטן גע־אייניקט אין אַ פראַגע, אַפילו אינם אַנטיסעמיטיזם. די באַציאונג צו אידן איז לכן אויך אַ שטאַרק דיפערענצירטע. די קאַנאַלן, דורך וועלכע אידן קאָנען איצט באַאיינפלוסן די אַרומיקע געזעלשאַפט, באַקעמפן איינע און שטיצן אַנדערע, זיינען זייער פילאַרטיק און גענוג ווירקזאַם. פאַרשידענע אידישע גרופּעס זיינען סאָציאַל און פּאָליטיש־אָרגאַניזאַציאָנעל אַפילו פאַרבונדן מיט די שייכות׳דיקע שיכטן פון אַרום און קאָנען געוויס האָבן אַן איינפלוס אויף זיי.

אויב דער אַנטיסעמיטיזם האָט פאַראייניקט נאַציאָנאַלע פאַררעטער מיט היטלערן, האָט דער קאַמף קעגן היטלערן און זיינע היימישע נאָכפאָלגער פאַרבונדן אידן מיט די פּאַטריאָטישע עלעמענטן פון די לענדער. דער דאָ־זיקער געמיינזאַמער קאַמף קעגן אַ געמיינזאַמען בלוטיקן שונא האָט געמוזט לאָזן טיפע שפּורן און קאָן שפּילן גאָר אַ גרויסע ראָלע אינם נאָך־מלחמה׳דיקן קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם.

פון דעם נאָר־וואָס געזאָגטן פאָלגט ניט, אַז מיר זיינען בלויז פאַראינטע־רעסירט אין אויפדעקן די מאַכינאַציעס פונם אַנטיסעמיטיזם, נאָר אַז מיר זיינען נאָך מער פאַראינטערעסירט אין אויפדעקן דעם גאַנצן קאָמפּלעקס קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן אידן און ניט־אידן.

אין דעם מלוכה־בויגן פאַרנעמען דעריבער די פראַגעס פון די דאָזיקע קעגנזייטיקע באַציאונגען זייער אַ ברייט אָרט — די פראַגעס זיינען גענוג דעטאַליזירט, כדי מיר זאָלן זיך דערקלייבן צו די וואָרצלען פון די פיינדלעכע, ווי פריינדלעכע באַציאונגען פון דער אַרומיקער וועלט צו אונז. די פראַגעס רירן אָן ניט נאָר די פאַרגאַנגענהייט, נאָר אויך שוין די געגנוואַרט, די קורצע

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

צייט פון סוף מלחמה ביזן אָנהייב פאַרשונג. די ערשטע טריט הן פון די רע־גירונגען און הן פון דעם פאָלק פונם באַפרייטן לאַנד זיינען געוויס סימפּטאָ־מאַטיש און קאָנען אונז באַלערן וועגן די האָפענונגען און פּערספּעקטיוון, וועלכע מיר קאָנען זיך דערלויבן בנוגע אונזער צוקונפט אין די אייראָפּעאישע לענדער.

די צווייטע אויפגאַבע, וועלכע קאָן אויסגעפילט ווערן נאָר אין דער הויפּט־שטאָט, באַשטייט אין אַרויסבאַקומען אָפיציעלע מאַטעריאַלן וועגן אידישן לעבן — הן וועגן דער פאַר־מלחמה־צייט, הן וועגן דער מלחמה־צייט גופא.

אָפיציעלע מאַטעריאַלן, מעגן זיי האָבן די גרעסטע חסרונות, זיינען פונ־דעסטוועגן אין דער גרעסטער צאָל פאַלן זיכערער און קאָרעקטער פון פּרי־וואַטע פאָרשונגען, און שוין אַוודאי און אַוודאי פון שאַצונגען. אין די קאַנ־צעלאַריעס פון די פאַרשידענע מיניסטעריומס זיינען פאַראַן אַ סך מער מאַטע־ריאַלן וועגן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, באַזונדערס וועגן דער אידישער מינאָ־ריטעט, ווי מען שטעלט זיך געוויינלעך פאָר. אין די לענדער, וואו ביי די פאָלקציילונגען ווערט געפרעגט אויף רעליגיע אָדער פאָלק, ווערט די באַ־אַרבעטונג פון די מאַטעריאַלן אין קאָמבינאַציע מיט דעם דאָזיקן סימן אַ סך דעטאַליזירטער און ברייטער געמאַכט, ווי דאָס ווערט פאַרעפנטלעכט אין די סטאַטיסטישע אויסגאַבעס. אָפט צוליב עקאָנאָמיע־סיבות, אָבער אַמאָל אויך צוליב פּאָליטישע סיבות, ווערן ניט אַלע סעקטאָרן פון דער נאַציאָנאַלער אָדער רעליגיעזער סטאַטיסטיק פאַרעפנטלעכט. אָבער אַפילו אין די לענ־דער פון אייראָפּע, וואו דער רעליגיעזער אָדער נאַציאָנאַלער סימן ווערט ניט פעסטגעשטעלט ביי די פאָלקציילונגען, ווערן אָפט איינצלנע פּראָגעס אין שייכות מיט ספּעציעלע רעגירונג־אינטערעסן באַאַרבעט לויטן נאַציאָנאַלן סימן. באַזונדערס איז דאָס ריכטיק בנוגע דעם אידישן אָנטייל אין וויכ־טיקע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון לאַנד. אַגב־אורחא, זאָל באַמערקט ווערן, אַז אינם רוב לענדער פון אייראָפּע, באַזונדערס פון צענטראַל־, מזרח־ און דרום־אייראָפּע, ווערט דער נאַציאָנאַלער אָדער רעליגיעזער סימן פעסטגע־שטעלט ביי די פאָלקציילונגען, און דאָס הייסט, אַז וועגן 90 פּראָצענט פונם אייראָפּעאישן אידנטום זיינען פאַראַן גענוג אָפיציעלע דאַטעס, כדי צו באַקו־

## יעקב לעשצינסקי

מען אַן אַבסאָלוט קלאָר בילד איבער דער לאַגע פון אידן פאַר דער מלחמה.

אָבער אין די אַרכיוון פון די מיניסטעריומס זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע מאַטעריאַלן, חוץ פון די פאַלקציילונגען, וואָס קאָנען פאַר אונז זיין פון גאַר גרויסער וויכטיקייט. מיר ווייסן, ווי שווער ס׳איז צו באַקומען אַ קאָרעקט בילד וועגן די בודזשעטן פון די אידישע קהילות, וועגן זייערע פאַרמעגנס, וועגן די קאַטעגאָריעס פון זייערע הוצאות און הכנסות, וועגן די מקורים פון זייערע הכנסות. מיר פאַרמאָגן נאָר וועגן געציילטע לענדער מאַטעריאַלן, וועלכע גיבן אַ מעגלעכקייט צו מאַכן סומאַרישע אויספירן. אינם רוב לענדער פון אייראָפּע זיינען די קהילות געווען פאַרפליכטעט צוצושטעלן זייערע בודזשעטן צו באַשטעטיקונג דעם אינערן־ אָדער דעם מיניסטעריום, ביי וועמען ס׳איז געווען דער אָפּטייל, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט רעליגיעזע פראַגעס. מוזן אַלזאָ אין די דאָזיקע אַרכיוון פון די שייכות׳דיקע מיניסטעריומס זיין די גענויסטע דאַטעס וועגן אַלע קהילות פון די לענדער.

אינם רוב לענדער פון אייראָפּע איז געווען אַ מעלדונג־פליכט פאַר חברות, געזעלשאַפטן, עקאָנאָמישע, פּאָליטישע, קולטורעלע, צדקה׳שע און אַנדערע, און פון צייט צו צייט איז מען געווען מחויב אויך צוצושטעלן דער מלוכה־אינסטאַנץ אַ באַריכט פון דער טעטיקייט. אויף אַזאַ אופן קאָן זיך אַרויסווייזן, אַז מיר זאָלן אין די אַרכיוון פון די מיניסטעריומס געפינען מאַטעריאַלן, וועלכע זאָלן אונז געבן אַ מעגלעכקייט צו קומען צו אַ באַגרינדעטער שאַצונג וועגן דעם אידישן געזעלשאַפטלעכן פאַרמעגן פון די היטלער־לענדער.

ס׳קאָן אויך זייער זיין, אַז אין פיל לענדער זאָלן מיר געפינען אין די קאָנצעלאַריעס פון די פאַרשידענע מיניסטעריומס פולע אָדער טיילווייזע מאַטעריאַלן וועגן דעם לעבן פון אידן אין די אָקופּירטע לענדער בשעת דער מלחמה. ס׳איז ניט גענוג צו האָבן דעם טעקסט פונם געזעץ וועגן דער קאָנפיסקאַציע פון די אידישע פאַרמעגנס, כדי אויף דעם סמך צו באַקומען אַ קלאָרע פאַרשטעלונג וועגן דעם פאַרנעם פון דעם קאָנפיסקירטן פאַרמעגן, וועגן די עלעמענטן, וועלכע האָבן נהנה געווען פון די קאָנפיסקאַציעס, וועגן די באַדינגונגען, וועלכע האָבן באַגלייט די קאָנפיסקאַציעס און צענדליקער

אַנדערע קאָנקרעטע פראַגעס, וועגן וועלכע די אַרטיקע אינסטאַנצן האָבן זיך געוויס איבערגעשריבן מיט די העכערע אינסטאַנצן, און די לעצטע האָבן געוויס אַרויסגעגעבן פראַקטישע פאַראָרדענונגען און אָנווייזונגען, ווי צו טייטשן און דורכפירן אין לעבן דאָס געזעץ. דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן וועגן די געטאָס און וועגן אַלע איבעריקע געזעצן, וואָס האָבן דעם אידן באַנומען פון קאָפּ ביז פיס און אים שפּעטער פאַר׳משפט אויף טויט.

אויף וויפיל די דייטשן, די פראַ־דייטשע רעזשימען און די קוויזלינג־רעגירונגען האָבן ניט באַוויזן אָדער וועלן ניט באַווייזן אַרויסצופירן אָדער צו פאַרניכטן אַלע דאָקומענטן פון דער מלחמה־צייט, וועט מען געוויס געפינען גאַנץ גרויסע און קלאָרע שפּורן אויך וועגן אידישן לעבן און וועגן דער אידי־שער קאַטאַסטראָפע. אַזאַ מאַטעריאַל שטעלט מיט זיך פאָר אַ קאָלאָסאַלן ווערט — ער שפּיגלט געוויס אין זיך אָפּ די בלוטיקעווירקלעכקייט, בעת דאָס געזעץ אַליין איז אַן אַבסטראַקטע זאַך.

אין אַלע לענדער, וואָס קומען אַריין אין די גרענעצן פון דער פראַיעק־טירטער פאָרשונג, זיינען געווען אידישע קאָמיסאַריאַטן אָדער אידישע אַמטן, וועלכע האָבן געהאַט פיל אויפגאַבעס און איין ציל — צו פאַרניכטן דעם אידישן זכר. אין די אַרכיוון פון די דאָזיקע אויסראָטונג־אָרגאַנען, אויב זיי וועלן נאָר ערגעץ אין אַ לאַנד פאַרכאַפּט ווערן, וועט מען געפינען גענוג שפּורן פון די פּראָצעסן, דורך וועלכע דער עמלק פון אונזער עפּאָכע האָט געפירט די אידישע מאַסע צו דער שחיטה און בעטלעריי. באַזונדערס וויכטיקער מאַטעריאַל פון שטאַנדפּונקט פון פעסטשטעלן דעם צוגערויבטן אידישן פאַר־מעגן וועט געפינען ווערן אין די אַרכיוון פון די אַמטן, וועלכע האָבן געהאַט צו שאַפן איבער דער ליקווידאַציע פון אידישן עקאָנאָמישן לעבן. יעדע נאָ־טיץ, יעדעס באַשריבענע שטיקל פּאַפּיר פון די דאָזיקע אַמטן איז אַ בלוטי־קער עדות פון דעם גיהנום־וועג, דורך וועלכן ס׳זיינען געגאַנגען יאָרן העכער אַכט מיליאָן אידן. מיר זיינען דעריבער גאָר באַזונדערס אינטערעסירט אין דעם, אַז די דאָזיקע אַרכיוון זאָלן איינגעהיט ווערן און זאָלן שפּעטער גרינט־לעך שטודירט ווערן.

לאָמיר איצטער איבערגיין קאָנקרעט צום פראַגבויגן. מיר וועלן זיך

ניט אָפּשטעלן אויף איינצלנע פּראָגעס. מיר וועלן באַהאַנדלען די אָפּטיילן — דעם הויפּט־צוועק פון יעדן אָפּטייל און ווי צוצוגיין צו די פּראָגעס און מיט וועלכע וועגן מען קאָן קריגן דעם מאַקסימום נייטיקן מאַטעריאַל.

דער ערשטער אָפּטייל איז געווידמעט די באַפעלקערונג־פּראָגעס. דער ציל פון אָפּטייל איז גענוג קלאָר פון די פּראָגעס. מיר ווילן ניט נאָר פעסט־שטעלן דעם דירעקטן פאַרלוסט פון דער אידישער און ניט־אידישער באַפעל־קערונג, נאָר אויך דעם אומדירעקטן, דורך דעם אַרויספאַל פון די געבורטן. דעריבער ווילן מיר פעסטשטעלן די באַפעלקערונג־באַוועגונג פאַר די דריי יאָר וואָס פאַר דער מלחמה, כדי צו האָבן אַ יערלעכן דורכשניט־צוואוואַקס. אַפילו אין די לענדער, וואו ס'פלעגן רעגולער פאַרעפנטלעכט ווערן דאַטעס וועגן דער נאַטירלעכער באַפעלקערונג־באַוועגונג לויט באַזונדערע רעלי־גיעס אָדער פעלקער, האָט מען אינם רוב פון זיי ניט באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן די דאַטעס פון די גאָר לעצטע יאָרן פון ערב־מלחמה. אין די סטאַטיסטישע אַרכיוון זיינען אָבער די מאַטעריאַלן, אויב זיי זיינען ניט פאַרברענט געוואָרן פון באַמבאַרדירונגען, געוויס פאַראַן. מיר פאַרשפּאָרן צו דערקלערן, פאַרוואָס מיר זוכן ניט נאָר אידישע ציפערן, נאָר אויך וועגן דער אַלגעמיינער באַפעל־קערונג — יעדע סטאַטיסטישע ציפער געפינט איר אמת'ן תיקון ערשט, ווען זי ווערט פאַרגליכן.

דער הויפּט־צוועק פון דעם דאָזיקן אָפּטייל איז פעסטצושטעלן דעם אַלגעמיינעם באַלאַנס הן בנוגע די בכלל לעבן־געבליבענע אידן פון געגעבע־נעם לאַנד און הן בנוגע די לעבן־געבליבענע אין לאַנד גופא. ס'איז בלתי־ספק, אַז אין פיל לענדער וועלן מיר ניט געפינען קיין דאַטעס וועגן דער נאַטירלעכער באַוועגונג אין די מלחמה־יאָרן און מיר וועלן ניט קאָנען אויס־רעכענען דעם דעפיציט אויף דעם סמך. נאָך וויניקער איז צו האָפן, אַז מיר וועלן האָבן כאָטש קרוב לאמת'דיקע דאַטעס וועגן די דערמאָרדעטע און פאַרלענדטע. אַזוי ווי מיר האָבן אָבער אַ גאָר גרויסן אינטערעס פעסטצו־שטעלן כאָטש בערך ניט נאָר די אַלגעמיינע קרבנות, נאָר בפירוש די קאַטע־גאָריעס פון די פאַרלוסטן, וועלן מיר מוזן אָנקומען צו שאַצונגען. ס'איז אָבער אָנצונעמען, אַז די רעגירונגען פון די באַפרייטע לענדער וועלן אויך

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

זיין שטאַרק אינטערעסירט אין די אַלע נאָך־וואָס כאַראַקטעריזירטע פּראַ־געס — וועט פאַר אונז אָן ספק זיין דאָס ראַטזאַמסטע צו מאַכן אויך אונזערע שאַצונגען מיט דער הילף פון די באַאַמטע פון די אָפיציעלע סטאַטיסטישע אַמטן. מען דאַרף געדענקען, אַז באַאַמטע, וועלכע אַרבעטן איבער אַ געביט צענדליקער יאָרן, באַקומען אַ באַזונדערן חוש בנוגע די פּראַגעס, אין וועלכע זיי האָבן געווייקט יומם ולילה.

ס׳וועט אונז נאָך אויסקומען ניט איין מאָל אָנצואווייזן, אַז אונזער מלוכה־בויגן וועט קאָנען באַאַרבעט ווערן נאָר, אויב מיר וועלן האָבן דעם גוטן ווילן פון דער צענטראַלער רעגירונג און די פּאַקטישע הילף פון די באַאַמטע פון פאַרשידענע מיניסטעריומס. און הילף מיינען מיר דאָ — ניט נאָר שטעלן אין אונזער רשות ניט־פאַרעפנטלעכטע מאַטעריאַלן, נאָר אויך נעמען אַ דירעקטן אָנטייל אין אַנאַליזירן און אויפקלערן יענע פּראַגעס, אויף וועלכע מער ווי אַ שאַצונג־תשובה איז ניט צו דערוואַרטן.

מיר האָבן אין דאָזיקן אָפּטייל ניט אַריינגעשטעלט קיין שום פּראַגעס, וועלכע זאָלן אונז קאָנען געבן אַ בילד וועגן דער לעבן־געבליבענער אידישער באַפעלקערונג: איר צאָל; איר געשלעכט־ און עלטער־בוי; איר פיזישער און פּסיכישער צושטאַנד; איר פאַך־צוגעהעריקייט. דאָס זיינען אַלץ קאָלאָסאַל וויכטיקע פּראַגעס, אפשר די וויכטיקסטע פּראַגעס. וואָס דאַרפן אונז אינ־טערעסירן. מיר גלייבן אָבער ניט, אַז צום מאָמענט פון אונזער פאָרשונג, וועלכע, מיר האָפן, זאָל פאָרקומען ווי אַמגיכסטן, זאָלן שוין זיין אַפילו אין די צענטראַלע רעגירונגס־קאַנצעלאַריעס וועלכע ס׳ניט איז צופאַרלעסלעכע דאַ־טעס וועגן די דאָזיקע אַלע פּראַגעס. געוויס וועט יעדעס לאַנד דורכפירן ווי אַמפריסטן אַ פאָלקציילונג, אָבער דאָס ווערט ניט געמאַכט על רגל אַחת, און ביז די ערשטע רעזולטאַטן וועלן ווערן באַקאַנט, וועלן אַוועקגיין ניט חדשים, נאָר יאָרן. מען וועט מוזן אין אַ שפּעטערדיקן מאָמענט אויסנוצן די רעזול־טאַטן פון דער ערשטער נאָך־מלחמה׳דיקער פאָלקציילונג און צוגעבן די ידיעות.

מיר וועלן אָבער מוזן ווידמען גאָר גרויסע אויפמערקזאַמקייט די אַלע נאָך־וואָס אָנגעמערקטע פּראַגעס אין די בויגנס, וועלכע וועלן זיין באַשטימט

## יעקב לעשצינסקי

פאַר דער פאַרשונג אין איינצלנע פונקטן, און אויפן סמך פון די דאָזיקע דאַטעס אונטערפירן סך־הכל'ען פאַרן גאַנצן לאַנד. לײדער, איז די צאָל פון דער אידישער באַפעלקערונג אין איינצלנע פונקטן געפאַלן צו אַזאַ מדרגה, אַז ס'וועט ניט זיין שווער אַפילו דורכצופירן פולע ציילונגען און באַקומען אַן אַבסאָלוט ריכטיק און קלאָר בילד וועגן געשלעכט־ און עלטער־באַשטאַנד פון די לעבן־געבליבענע, וועגן זייער פיזישן און פסיכישן צושטאַנד, ווי אויך וועגן זייערע פאַך־קענטענישן. און וועט זיך אונז איינגעבן דורכצופירן אַ פאַרשונג, וואָס זאָל אַרומנעמען ניט ווייניקער פון 50 פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג, און דערביי באַקומען אַ באַדייטיקע צאָל אויסגעפילטע אינדיווידועלע בויגנס, וועלן מיר אויפן סמך פון אונזערע ניט־פולע מאַטע־ריאַלן קאָנען מאַכן פּראַקטישע אויספירן מיט אַ גרעסערער זיכערקייט, ווי אויפן סמך פון די דאַטעס פון די פאַלקציילונגען. די לעצטע טראָגן און מוזן טראָגן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער און קאָנען ניט אַריינגיין אין צו ווייטע פּרטים בנוגע דעם געזונט־צושטאַנד אָדער פאַך־ספּעציאַליטעט, בעת מיר וועלן דווקא אויף די דאָזיקע פּראָגעס שטעלן דעם טראָפּ און דאַטעס וועגן אַ העלפט פון אַ באַפעלקערונג זיינען איבער גענוג טיפּיש, כדי צו ציען שלוסן וועגן דער גאַנצער באַפעלקערונג.

מיר גייען איבער צום צווייטן אָפּטייל פון דעם מלוכה'שן פּרעגבויגן — צו דער „עקאָנאָמיק".

ס'איז גרינג צו מערקן, אַז דער דאָזיקער אָפּטייל צעפאַלט זיך אויף עטלעכע סוב־אָפּטיילן, וועלכע באַהאַנדלען גאַנצע, ציקלען פון פּראָגעס. אין דער ערשטער ריי קומען די פּראָגעס, וועלכע דאַרפן אונז אינפאָרמירן, פון איין זייט, וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער און סאָציאַלער פיזיאָנאָמיע פונם אידנטום אין געגעבענעם לאַנד און, פון דער צווייטער זייט, וועגן דער ראָלע און וואָג פון אידן אין אַרומיקן עקאָנאָמישן לעבן. גלייך נאָך דער דאָזיקער ריי פּראָגעס קומען די ליקווידאַציע־פּראָגעס — דער גאַנצער פּראָצעס פון דער דאָזיקער דערשיינונג דאַרף בולט און ווי מעגלעך דעטאַליזירטער אַרויס־טרעטן פאַר אונז. באַלד נאָך דער ליקווידאַציע קומט אַ בינטל פּראָגעס, וואָס דאַרף אונז אויפקלערן די אויסווירקונג פון דער עלימינירונג פון אידן פונם

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

אַרומיקן עקאָנאָמישן לעבן — די אויסווירקונג אין טאָפּלטן זין פון וואָרט:

1) אויף דער עקאָנאָמישער לאַגע פון לאַנד און זיין ווייטערע אַנט־ וויקלונג;

2) אויף דער פּסיכיק פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג, וועלכע איז הונדערטער יאָרן געוואוינט געוואָרן צו האַנדלען און ניט נאָר צו האַנדלען, נאָר אויך צו אַרבעטן ביי אידן, פאַר אידן, און צו באַ־ שטעלן ביי אידן אַרבעט.

ענדלעך קומען מיר צו אַ גרופּע פראַגעס, וועלכע דאַרף אונז ווייזן די עקאָנאָמישע ענדערונגען אין לאַנד אין רעזולטאַט פון דער מלחמה, — נאָר נאָך אַ ריכטיקער פאַרשטעלונג וועגן דער ניי־געשאַפענער סיטואַציע אין לאַנד וועט מען קאָנען אורטיילן וועגן די שאַנסן פון אידן אויף צוריק־איינגלי־ דערונג אין אַרומיקן עקאָנאָמישן לעבן און אין וועלכע פאָרמען און מאָסן.

בנוגע דעם ערשטן סוב־אַפּטייל איז נייטיק ראשית־כל אָנצואווייזן אויף פאָלגנדיקן וויכטיקן מאָמענט: מיט ציילן אַליין קאָן מען נאָך ניט גענוג ריכטיק אָפּשאַצן די ראָלע פון אידן אין אַרומיקן עקאָנאָמישן לעבן פון אַ לאַנד. ס'איז געוויס וויכטיק פעסטצושטעלן די פּראָפעסיאָנעלע און סאָ־ ציאַלע פיזיאָנאָמיע פון דער אידישער באַפעלקערונג פון לאַנד. ניט ווייני־ קער וויכטיק איז פעסטצושטעלן דעם קוואַנטיטאַטיוון אַנטייל פון אידן אין באַזונדערע ווירטשאַפט־צווייגן. אויב אידן האָבן אויסגעמאַכט, למשל, אין דייטשלאַנד (1925) 34.3% פון אַלע אייגנטימער פון די באַנקן און נאָר 2.94% פון אַלע אָנגעשטעלטע אין די בענק, איז דאָס געוויס אַ סטאַטיסטישע דאַטע פון גרויסן ווערט. מיטן פעסטשטעלן אָבער, אַז אידן האָבן אויסגעמאַכט העכער 34 פּראָצענט פון אַלע באַנקירן, איז נאָך ווייט ניט פעסטגעשטעלט געוואָרן די ראָלע פון אידן אינם דייטשן באַנק־וועזן. ווייל צווישן די גע־ ציילטע 4,385 באַנקירן אין דייטשלאַנד אין 1925 זיינען געווען באַנקירן פון פאַרשידענער וואָג — דער באַנקיר פון אַ שטעטל מיט אַ יערלעכן אומזאַץ פון אַ פּאָר מיליאָן מאַרק איז געציילט געוואָרן באַגלייך מיטן באַנקיר פון בערלין, וואָס האָט געמאַכט אַן אומזאַץ פון פיל הונדערטער מיליאָנען מאַרק. ערשט ווען מען גיט צו, אַז אין דער שפּיץ פון די דריי גרעסטע דייטשע בענק

(די דייטשע באַנק, די דרעזדענער און די דאַרמשטעטער), וועלכע האָבן אַליין געמאַכט אַ גרעסערן אומזאַץ, ווי אַלע איבעריקע בענק צוזאַמען גענומען, זיינען געשטאַנען דריי אידן, באַקומט מען די וואָג פון די אידן אין דער לייטונג פון אַרומיקן באַנק-וועזן. דאָס זעלבע איז, למשל, בנוגע דער ראָלע פון אידן אין דער וואַלד-אינדוסטריע און אינם וואַלד-האַנדל פון פּוילן — פון 83 וואַלד-אייגנטימער זיינען געווען בלויז 13 אידן, אַלזאָ ניט מער ווי 15.6% (לויט דער ציילונג פון 1931). אויב עמיצער וועט אָבער וועלן אויף דעם סמך מאַכן אַן אויספיר, אַז אידן האָבן אינם וואַלד-וועזן פון פּוילן געהאַט נאָר אַ זעקסט חלק, וועט ער געוויס מאַכן אַ שווערן טעות. די ראָלע פון אידן אינם פּוילישן וואַלד-וועזן — אין דער אינדוסטריע און נאָך מער אינם האַנדל — איז געווען פיל, פיל באַדייטיקער און וואָגיקער.

דער אויספיר איז קלאָר, אַז מען טאָר זיך ניט באַגרענעצן מיט דער קוואַנטיטאַטיווער זייט און גראָבן טיפער — ביז מען דערגראָבט זיך צו פאַקטן, וועלכע מאַכן די ציפערן קלאָרער און איבהאַלטרייכער, קאָנקרעטער און טרייער צו דער ווירקלעכקייט.

מיר האָבן מיט אונזערע פּאָר ביישפּילן שוין אויך געגעבן מוסטערן, ווי צו גראָבן טיפער, ווי אָנצופילן די אַבסטראַקטע ציפערן מיט קאָנקרעטן אינהאַלט. בנוגע די ערשטע 5 סוב-פּונקטן פון פּונקט 4 פון אַפּטייל ב („עקאָנאָמיק"), וועט די נאָר-וואָס אַרויסגערוקטע אויפגאַבע ניט זיין באַזונדערס שווער. די צאָל פון די לויתן-אונטערנעמונגען פון די דאָזיקע 5 סוב-פּונקטן איז כמעט אין יעדן אייראָפּעאישן לאַנד געווען ניט זייער גרויס, און וועגן די גאָר גרויסע לויתן-אונטערנעמונגען אין יעדער לויתן-גרופּע איז גאָר גרינג צו באַקומען גאַנץ גענויע דאַטעס. שטעלט מען פעסט דעם אַנטייל פון אידן צווישן די גאָר גרויסע לויתן-אונטערנעמונגען, באַקומט מען שוין אַ גאַנץ קרוב-לאמת׳דיק בילד וועגן דער וואָג פון אידן אין דער גאַנצערווירטשאַפט-בראַנזשע.

פיל שווערער וועט זיין מיט די לעצטע דריי סוב-פּונקטן פון פּונקט 4 (דער אַנטייל פון אידן אין דער מעדיצין, אין דער אַדוואָקאַטור און צווישן די פּראָפעסאָרן), כאָטש די דאָזיקע געביטן זיינען דאָך מער ראוי צו וואָג, ווי צו

צאָל, ווי האַנדל און אינדוסטריע. דער סוביעקטיווער עלעמענט ביים אָפּשאַצן די אָנגעזועענסטע מעדיצין־קאַפּאַציטעטן אָדער יוריסטן קאַרפּן־קעפּ קאָן דאָ שפּילן אַ גרעסערע ראָלע, ווי ביי די פריער דערמאָנטע עקאָנאָמישע בראַנזשעס, ביי וועלכע די וואָג ווערט דאָך אויך געמאָסטן מיט צאָלן. דאָך מיינען מיר, אַז אין יעדן לאַנד זיינען פאַראַן אין יעדן סעקטאָר פון גייסטיקן לעבן אַלגעמיין אָנערקענטע יחידי־סגולה, און דאָס קאָן מען פעסטשטעלן.

אינם רוב איראָפּעאישע לענדער ווערט די רעליגיע אָדער דאָס פאָלק אויפגענומען ביי די פאָלק־ציילונגען, און מען וועט קאָנען די גרונט־דאַטעס וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער און סאָציאַלער גלידערונג פון דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג אָדער וועגן טיילן פון אידן אין איינצלנע פּראָפעסיאָנעלע און סאָציאַלע גרופּעס און קלאַסן גרינג פעסטשטעלן אויפן סמך פון די רעגולער פאַרעפנטלעכטע סטאַטיסטישע אויסגאַבעס פון די צענטראַלע סטאַטיסטישע אַמטן. אין אייניקע לענדער, ווי אין רומעניע, אין יוגאָסלאַוויע, אין בולגאַריע, אויך אין האָלאַנד און דענעמאַרק און אין אייניקע אַנדערע לענדער ווערט די רעליגיע ביי די פאָלק־ציילונגען אויפגענומען, נאָר די מאַטעריאַלן ווערן דאָרטן ניט באַאַרבעט אין קאָמבינאַציע פון רעליגיע מיט באַשעפטיקונגען, אָדער זיי ווערן באַאַרבעט, נאָר ניט פאַרעפנטלעכט, און בלייבן ליגן אין די אַרכיוון פון די סטאַטיסטישע אַמטן. אויף אַזאַ אופן קאָן מען ביי געוויסע אָנשטרענגונגען באַקומען מאַטעריאַל וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער און סאָציאַלער גלידערונג פון אידן און ניט־אידן כמעט אין אַלע לענדער, מיט וועלכע אונזער פאָרשונג וועט זיך אינטערעסירן. אָבער אויך אין די לענדער, וואו די רעליגיע ווערט ניט געפרעגט ביי די פאָלק־ציילונגען, ווי למשל, אין פראַנקרייך, וועט מען אין צענטראַלן סטאַטיסטישן אַמט קאָנען געפינען טיילווייזע מאַטעריאַלן, וועלכע וועלן מאַכן גרינגער די שאַצונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער און סאָציאַלער גלידערונג פון דער אידישער באַפעלקערונג. למשל, ווען מען נעמט די רעזולטאַטן פון אַ פאָלק־ציילונג אין אַ געוויסן דיסטריקט פון פּאַריז, וואו דער פּראָצענט אידן איז הויך, און מען פאַרגלייכט זיי מיט די רעזולטאַטן פון דער זעלבער ציילונג אין אַ ריין־פראַנצויזישן ראַיאָן, קאָן מען אויסגעפינען דעם חילוק צווישן דער פּראָפעסיאָנעלער און

סאָציאַלער גלידערונג ביי אידן און ניט־אידן. אַזעלכע פּרואוון קאָן מען מאַכן נאָך אין אייניקע שטעט מיט גרעסערע אידישע קיבוצים, ווי אין שטראַס־בורג, אין נאַנסי און אין אַ פּאָר אַנדערע שטעט. אין אַלע דאָזיקע שטעט זיינען פאַראַן פאַקטיש „געטאָס״, וואו אידן זיינען ניט קיין פּשוט׳ע מערהייט, נאָר אַ גרויסע מערהייט.

אַלס צוגאָב צו די דאָזיקע טיילווייזע מאַטעריאַלן וועגן דיסטריקטן קאָן מען מוסיף זיין די רשימות פון די דאָקטוירים, פון די אַדוואָקאַטן, פּראָפע־סאָרן, ביי וועלכע פעסטשטעלן זייער רעליגיע איז ניט אַזוי שווער.

מיר האָבן ניט אויסגעשעפּט, נאַטירלעך, אַלע אומדירעקטע מעטאָדעס, וועלכע מען קאָן אויסנוצן אויף צו באַקומען אַ בערכ׳דיקע פאַרשטעלונג וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער און סאָציאַלער דיפערענציאַציע פון דער אידישער באַפעלקערונג אין לענדער, וואו ס׳איז ניט פאַראַן קיין טיילונג פון דער באַ־פעלקערונג לויט רעליגיע. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין באַראַטונגען מיט די מיטאַרבעטער פון די סטאַטיסטישע אַמטן, וועלכע זיינען פיל קאָנקרעטער באַקאַנט מיט די פאַראַנענע מאַטעריאַלן, וועלן זיך געפינען נאָך מער מעג־לעכקייטן אויף צו קומען צום אמת אין באַצוג פון דער באַהאַנדלטער פראַגע. דער עיקר איז, אַז אונזערע פאַרשער זאָלן נעמען די איניציאַטיוו אין די הענט און איינשפּאַנען די באַאַמטע אין דער דאָזיקער וויכטיקער אַרבעט.

קאָמפּליצירטער און פיל שווערער ווערט די אויפגאַבע ביים פעסטשטעלן די דעטאַלן הן פונם גאַנצן פּראָצעס פון דער ליקווידאַציע פון אידישן אַנטייל אינם עקאָנאָמישן לעבן און הן פון די גרופּעס, וועלכע האָבן נהנה געווען פון דער ליקווידאַציע דירעקט אָדער אומדירעקט. ווען מען געפינען די אַרכיוון פון די נאַצישע אָדער קוויזלינגשע אַמטן, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער אַרבעט, וועט געוויס זיין דאָס בילד גענוג קלאָר. אָט, למשל, אין רומעניע איז געוויס פאַראַן דער גאַנצער אַרכיוו פון דעם ליקווידאַציע־אַמט, און מען וואָלט געוויס געקאָנט מיט אַ גרויסער פּינקטלעכקייט ענטפערן אויף אַלע פראַגעס פון אונזער בויגן. מען וואָלט געקאָנט ניט נאָר פעסטשטעלן די צאָל און דעם ווערט פון די צוגערויבטע אין דער אָדער אַנדערער פאָרם אי־דישע פאַרמעגנס, נאָר מען וואָלט אויך געקאָנט פעסטשטעלן, אין וועמענס

הענט די פאַרמעגנס זיינען אַריינגעפאַלן, וואָסערע סאָציאַלע גרופּעס האָבן דירעקט און וואָסערע אומדירעקט זיך צעוואָרמט די הענט ביי דער ליקווידאַציע פון אידישן אַנטייל אין אַרומיקן עקאָנאָמישן לעבן. מיר האָבן מורא, אַז אין דער מערהייט לענדער וועלן מיר אָבער אַזאַ מאַטעריאַל ניט טרעפן אין צענטער — ס'איז אָבער מעגלעך, אַז אין פיל לאָקאַלע פונקטן וועלן פאַרבלייבן די אַרכיוון. דער צענטראַלער סטאַטיסטישער אַמט וועט מסתמא אַליין זיין אינטערעסירט אין פעסטשטעלן די צאָל ליקווידירטע און ניט־ליקווידירטע אונטערנעמונגען, די מדרגה פון פונקציאָנירונג פון אונטערנעמונגען פון פאַרשידענע בראַנזשעס און פון פאַרשידענע טיפּן. באַוועגן דעם סטאַטיסטישן אַמט, אַז ער זאָל ביי די דאָזיקע פאַרשונגען האַלטן אין אויג אויך די נאַציאָנאַלע זייט פון דער פראַגע, אַז ער זאָלביים צונויפשטעלן די פרעגבויגנס פאַר די פּראָווינציעלע אַמטן ניט נאָר ניט אַרויסלאָזן די פראַגעס, וועלכע אינטערעסירן אונז באַגלייך מיט אים, נאָר ער זאָל אויך צוגעבן די פראַגעס, וועלכע אינטערעסירן אויסשליסלעך אונז אַלס אידן — דאָס וועט זיין איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פון אונזערע פאַרשער.

דער זין פון זיצן אין דער הויפּטשטאָט פון אַ גרויסער גרופּע קוואַליפיצירטע פאָרשער וועט באַשטיין אין דער מיטאַרבעטערשאַפט מיט די צענטראַלע סטאַטיסטישע אַמטן און אין באַוועגן זיי אַריינצושטעלן ביי אַלע זייערע פאָרש־אונטערנעמונגען יענע ספּעציפישע פראַגעס, וועלכע זיינען וויכטיק פאַר אונזער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. דאָס איז נוגע ניט נאָר דער קאָנקרעטער פראַגע, וועגן וועלכער מיר רעדן אין איצטיקן מאָמענט — דאָס וועט זיך איבער׳חזר׳ן פיל מאָל אין פיל פאַלן, און מיר באַטאָנען דאָס דאָ, כדי ניט באַדאַרפן זיך אומקערן צו דער דאָזיקער פראַגע ווייטער.

אויף די פראַגעס, וואָס זיינען אַנטהאַלטן אין פונקט 30 פון דעם אָפּטייל ב („עקאָנאָמיק״), איז אוממעגלעך צו באַקומען סטאַטיסטישע תשובות — זיי קאָנען אויפגעקלערט ווערן נאָר אין די אינסטאַנצן, וועלכע פירן אָן מיט די שייכות׳דיקע געביטן פונםווירטשאַפטלעכן לעבן אין לאַנד. אינם דעפּאַרטמענט פאַר אויסלענדישן האַנדל וועט מען געוויס האָבן אַ גאַנץ קלאָרע פאַרשטעלונג, צי ס'פעלט די אידישע ענערגיע און די אידישע אונטערנעמעריש־

יעקב לעשצינסקי

קייט ביים אָרגאַניזירן פון ס׳ניי דעם עקספּאָרט און אימפּאָרט אָדער ביי די געענדערטע באַדינגונגען קאָן דער באַאַמטער פאַרבייטן די פּריוואַטע איניציאַטיוו בכלל און באַזונדערס די אידישע. אינם אַלגעמיינעם האַנדל־דעפּאַרטמענט וועט מען גאַנץ גוט וויסן, צי ס׳פעלט דער איד ביים איינשטעלן אַ נאָרמאַלן קאָנטאַקט צווישן שטאָט און דאָרף, אָדער צי ס׳איז שוין אויסגעוואַקסן אַ יורש, וועלכער קאָן די מלאָכה ניט ערגער פונם גע׳ירשנ׳טן, און צי דער אַרויספּאַל פונם אידן שטערט ניט דעם נאָרמאַלן אויסטויש צווישן שטאָט און דאָרף. דאָס זעלבע איז בנוגע דעם אַרויספּאַל פון די אידישע בעלי־מלאָכות, פון די אידישע דאָקטוירים, און אַזוי ווייטער.

די אַלע נאָר־וואָס באַריִרטע פראַגעס קאָנען אין צענטער בעסער שטודירט ווערן, ווי אויף די ערטער. דער צענטער איז, ראשית, אין די דאָזיקע פראַגעס פיל אָביעקטיווער, ווי די אָרטיקע שייכות׳דיקע אַמטן — ער גייט צו צו די פראַגעס פון אַ ברייטערן אַל־־לאַנדישן שטאַנדפּונקט, בעת די אָרטיקע באַאַמטע האָבן מער פאַר די אויגן די קאָנקרעטע אָרטיקע קאָנקורענץ־אינטערעסן. שנית, קאָן דער צענטער בעסער אורטיילן, ווייל ער האָט דאָך ידיעות פונם גאַנצן לאַנד.

די דאָזיקע אַלע פראַגעס זיינען אָבער פאַר אונז פון קאָלאָסאַלער וויכטיקייט. זיי באַשליסן אייגנטלעך דעם ווייטערדיקן גורל פון דער אידישער באַפעלקערונג אין אייראָפּע — גורל אין ברייטערן זין פון וואָרט: צי וועט בכלל זיין אַן אָרט אין דער נאָך־מלחמה׳דיקער אייראָפּעאישער עקאָנאָמיק פאַרן אידן, און אויב יאָ — אין וועלכעווירטשאַפט־צווייגן און אין וועלכע סאָציאַלע פּאָזיציעס?

אין ענגן צוזאַמענהאַנג מיט די נאָר־וואָס באַהאַנדלטע פראַגעס געפינען זיך די שכנות׳דיקע פּונקטן, וועלכע דאַרפן אויפקלערן די ערשטע שריט פון דער צענטראַלער מאַכט לגבי דער אידישער באַפעלקערונג: צי האָט די צענטראַלע רעגירונג זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז די אידישע באַפעלקערונג איז דער אמת׳ער יורש פון אַלע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, וועלכע די אידן פונם געגעבענעם לאַנד האָבן פאַרמאָגט, און אויב פיל אידישע אייגנטימער זיינען פיזיש אַרויסגעפאַלן, דאַרף די אידישע קהילה ווערן דער בעל־

הבית־יורש, ביז וואַנען ס'וועט זיך מעלדן אַ קרוב־יורש. און אין פאַל פון פעלן פון אַזאַ יורידישן יורש בלייבט די אידישע קהילה די יורש'טע פון דער אונטערנעמונג אָדער פון איר ווערט; אָדער, פאַרקערט, די מלוכה האַלט זיך באַרעכטיקט אויף ווערן די יורש'טע פון אַלע אידישע פאַרמעגנס, וועלכע האָבן ניט קיין יורידישע פרעטענדענטן? מיר האָבן אין די דאָזיקע פראַגעס זיך אָפגעשטעלט נאָר אויף גרויסע אונטערנעמונגען, ווייל פון די קליינע פאַבריקלעך אָדער וואַרשטאַטן, ווי פון די קליינע אידישע קראָמען און קרעמ־לעך איז דאָך געוויס קיין שפור ניט געבליבן, און דאָרט קאָן זיך האַנדלען נאָר וועגן קאָמפּענסאַציעס אָדער שטיצע־פאָנדן.

אַ גאַנצע גרופּע פראַגעס שטעלן זיך אָפּ אויף די אָביעקטיווע ענדערונ־גען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין לאַנד אין רעזולטאַט פון די מלחמה־געשעענישן — קלאָר, אַז די דאָזיקע פראַגעס קאָנען אויפגעקלערט ווערן בעסער און ברייטער אין צענטער, און נאָך קלאָרער איז, אַז די דאָזיקע ענדערונגען האָבן די אינטימסטע שייכות צו די אידישע שאַנסן אויף אַ צוקונפט אין געפּאָרשטן לאַנד. דאָ זיינען איבעריק וועלכע ס'ניט איז פירושים.

ווי ס'איז צו זען, שטעלן מיר זיך ניט אָפּ אויף טעכנישע פראַגעס, ווי אויך ניט אויף דער פּינקטלעכער אויסטייטשונג פון די איינצלנע פראַגעס — צו דעם איז נאָך צו ווייט. דאָס וועט זיין די אויפגאַבע פון די קאָנקרעטע אָנפירער פון דער פאָרשונג. אונזער אויפגאַבע באַשטייט אין פאָרמולירן די פּרינציפּן פון דער פאָרשונג און אָנווייזן אויף די מעטאָדעס און וועגן, דורך וועלכע מען קאָן דערגרייכן דעם מאַקסימום רעזולטאַטן.

דער 3טער טייל פונם מלוכה־בויגן טראָגט דעם נאָמען „פּאָליטיק" — אונ־טערן דאָזיקן באַגריף האָבן מיר אַריינגענומען, ראשית כל, דעם גאַנצן קאָמ־פּלעקס סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען צווישן אידן און ניט־אידן. אויפן ערשטן אָרט קומען די גרונט־פראַגעס, וועלכע זיינען באַרופן פעסט־צושטעלן דעם פּאָליטישן בונד פון אַלערליי פּראָ־נאַצישע שטרעמונגען מיטן אַנטיסעמיטיזם. די דאָזיקע יסודות־פראַגעס דאַרפן אויפדעקן דעם פאַק־טישן קנופּ צווישן דעם נאַציאָנאַלן פאַרראַט פון אַלע קוויזלינגשע רעגירונ־

גען און קאַלאַבאָראַטאָרישע שטרעמונגען מיטן אַנטיסעמיטיזם. ס׳איז אָבער ווייניק נאָר פעסטצושטעלן דעם צוזאַמענהאַנג פון דעם אַנטיסעמיטיזם מיט אַלע פאַררעטערישע שטרעמונגען — מיר קאָנען ניט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דאָ הערשן נאָר פערזענלעכע אינדיווידועלע קאַפּריזן, און איין מענטש איז אַן אַנטיסעמיט און אַ צווייטער איז דאָס ניט. מיר זיינען פאַראינטערעסירט אין פעסטשטעלן די סאָציאַלע גרופּעס, וועלכע דער אַנטיסעמיטיזם פאַרפירט אויפן וועג פון נאַציאָנאַלן פאַרראַט. דעריבער האָבן מיר פאָרמולירט פראַגעס, וועלכע דאַרפן פעסטשטעלן די סאָציאַלע פיזיאָנאָמיע ניט נאָר פון די אַקטיווע טרעגער פון די פּראָ־נאַצישע און ממילא אַנטיסעמיטישע שטרעמונגען, נאָר אויך פון די פּאַסיווע סימפּאַטיזירנדיקע גרופּעס.

נאָכדעם ווי ס׳וועלן אויפגעקלערט די וואָרצלען פון דער קרובה׳שאַפט צווישן די פּראָ־נאַצישע שטרעמונגען מיטן אַנטיסעמיטיזם, גייען מיר איבער אין דאָזיקן אָפּטייל צו די פראַגעס, וועלכע דאַרפן אונז קלאָר מאַכן די ירושה, וואָס דער נאַציזם האָט געלאָזט אינם געפאַרשטן לאַנד. צי איז דער אַנטיסעמיטיזם געוואַקסן אָדער, פאַרקערט, געפאַלן אַ דאַנק דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע און זייערע ווילדע מעשים? וואָסער כוח האָט שטאַרקער געווירקט: דער צוזי צו דער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע, צי דער אָפּשטויס פון די מאָרד־טאַטן פון די היטלער־באַנדעס?

אַזוי ווי די אַנטיסעמיטישע מעשים פון די נאַציס און פון זייערע אָרטיקע באַהעלפער זיינען באַשטאַנען פון גאַנץ פאַרשידענע אַקטן — פון עלימינירן אידן פון עקאָנאָמישן לעבן ביז פיזישער פאַרניכטונג מיט די ווילדסטע און אוממענטשלעכסטע מעטאָדעס — איז קלאָר, אַז מיר זיינען פאַראינטערעסירט אין אַ דיפערענצירטער אויפקלערונג פון דעם דאָזיקן גאָר ניט פּשוט׳ן קנויל דערשיינונגען. געוויסע סאָציאַלע גרופּעס קאָנען זיין קעגן מאָרד און אויסראָטונג פון אידן און זייער אַקטיוו סימפּאַטיזירן מיט דער ליקווידאַציע פון דער אידישער עקאָנאָמישער טעטיקייט. מיר האָבן דעריבער גענוג דעטאַליזירט פאָרמולירט די אַלע פראַגעס, וועלכע האָבן אַ שייכות צו דעם דאָזיקן קאָמפּלעקס דערשיינונגען, און שטרייכן אויך דאָ אונטער, אַז יעדער אַקט פון סימפּאַטיע אָדער אַנטיפּאַטיע צו דער אָדער יענער טייל־דערשיינונג פון

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

דער אַנטיסעמיטישער וואָקכאַנאַליע איז וויכטיק און דאַרף רעגיסטרירט ווערן. די דאָזיקע אַלע פּראָגעס וועלן געוויס ביז גאָר דעטאַליזירט געפֿאָרשט ווערן אין יעדן איינצלנעם פּונקט און אויך אין די אינדיווידועלע פּרעג־בויגנס. מיר האָבן אָבער געהאַלטן פֿאַר נייטיק אויך אין צענטער צו זאַמלען מאַטעריאַל וועגן די דאָזיקע פּראָגעס, ווייל, ראשית, האָבן די גלות־רעגירונגען אַנגעזאַמלט ניט ווייניק מאַטעריאַל, וואָס קאָן טיילווייז באַלייכטן די דאָזיקע פּראָגע. אָבער נאָך וויכטיקער איז דאָס, וואָס די אומלעגאַלע אַגענטן פֿון די גלות־רעגירונגען, וועלכע זיינען געווען אין לאַנד און האָבן געהאַט די אויפֿגאַבע צו אָבסערווירן און שטודירן דאָס לעבן ביי די היטלער־באַדינגונגען — אָט די דאָזיקע מענטשן, וועלכע זיינען די גאַנצע צייט געווען אין לאַנד און האָבן געהאַלטן אַן אָפֿן און אויפֿמערקזאַם אויג ניט נאָר אויף די אָקופּאַנטן און זייערע מעשים־תעתועים, נאָר אויך אויף די אָרטיקע אייגענע ברידער און שוועסטער און זייערע באַציאונגען צו די אָקופּאַנטן, און ממילא צו די אַנטיפּאָדן פֿון די דייטשן — צו די אידן, — אָט די דאָזיקע מענטשן קאָנען געבן אַן אַלגעמיין בילד, וואָס זאָל אויפֿקלערן די געשטעלטע פּראָבלעמען.

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז גראַד דער דאָזיקער קאָמפּלעקס פּראָגעס, וואו סוביעקטיווע מיינונגען און פּאָליטישע טענדענצן קאָנען גרינג אַראָפּפֿירן די אינפֿאָרמאַטאָרן פֿונם ריכטיקן וועג, מוז גרינטלעך קאָנטראָלירט ווערן מיטן מאַטעריאַל, וואָס וועט געזאַמלט ווערן אויף די ערטער און דורך די אינדיווידועלע ליסטעס. קאָנפֿראָנטירונגען וועלן בכלל שפּילן ניט קיין קליינע ראָלע אין דער אַרבעט פֿון די שפּעטערדיקע באַאַרבעטער און סינטעזירער פֿונם גאַנצן מאַטעריאַל — האָבן מיר דאָך צו טון מיט זייער פֿיל פּראָגעס, אויף וועלכע מיר באַקומען און מוזן באַקומען סוביעקטיווע תשובות. די סוביעקטיווקייט וועט געוויס זיין פֿון פֿאַרשידענע מדרגות, אָבער יעדע דערשיינונג, וואָס גייט דורך דורך אַ מענטשלעכער נערוון־סיסטעם, מוז האָבן אין זיך אַ שמץ פֿון סוביעקטיווער באַפֿאַרבונג.

צו דעם זעלבן ציקל פּראָגעס געהערן אויך די פּונקטן, וועלכע דאַרפֿן אויפֿקלערן, ווי ווייט ס׳גייט די ערנסטקייט פֿון די מאַכט־אָרגאַנען פֿון די

באַפּרייטע לענדער אין באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם: צי גייט מען אויסרייסן די וואָרצלען אָדער מען באַגניגנט זיך מיט רייסן בלעטער פון די צווייגן פונם אַנטיסעמיטישן סם־בוים? צי פילט די אינטעליגענץ, וואָס איז אַמשטאַרקסטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אַנטיסעמיטישער מגפה, עפּעס אַזוינס, וואָס מען וואָלט געקאָנט אָנרופן מיט די ווערטער „תשובה" און „חרטה"?

די פּאַקטישע זייט פון דער פראַגע וועגן די באַציאונגען צו אידן מצד דער אַרומיקער באַפעלקערונג אין אירע ברייטע מאַסן ווערט געשטעלט אין די פונקטן 62, 63 און 64, וואו ס'רעדט זיך וועגן אָנטייל פון די מאַסן אין די אַקטן קעגן אידן אָדער, פאַרקערט, אין העלפן אידן אויף אַזאַ אָדער אַנ־דער אופן זיך אַרויסדרייען פונם חלף פון דייטשן שוחט. ווידער אַמאָל מוזן מיר צוגעבן, אַז געוויס וועט מען אויף די ערטער קאָנען זאַמלען פיל אינטע־רעסאַנטערן און אויך פאַרלעסלעכערן מאַטעריאַל וועגן די דאָזיקע קאַרדינאַלע פראַגעס — דאָך איז וויכטיק צו הערן, וואָס די צענטראַלע מאַכט־ און די צענטראַלע געזעלשאַפט־פאַרטרעטער האָבן צו דערציילן וועגן די דאָזיקע זאַכן. אַז דאָס איז ניט קיין ריין־וויסנשאַפטלעכע פראַגע, נאָר אַ לעבנס־פּראָבלעם פון אונזער גאַנצער צוקונפט אין אייראָפּע, איז קלאָר אָן פירושים.

פון פונקט 65 אָן פון דריטן אָפּטייל פונם מלוכה־בויגן גייען מיר איבער צו אַ גאַנץ אַנדער קאַטעגאָריע פראַגעס — פון כלפּי־חוץ־פראַגעס גייען מיר איבער צו כלפּי־פנים־אינטערעסן. מיר הייבן אָן פון אַ פראַגע, וואָס דאַרף אונז אויפקלערן די אָרגאַניזירטקייט פונם אידנטום פון געגעבענעם לאַנד. זיינען אידן אין דאָזיקן לאַנד געווען ניט מער ווי צעשאָטענע יחידים, וואָס האָבן געהאַט לאָקאַלע קהילות פאַר די נויטווענדיקסטע רעליגיעזע הצטרכות'ן, אָדער זיי זיינען געווען אָן אָרגאַניזירטער קיבוץ, וואָס האָט געהאַט געמיינזאַמע לאַנד־אינטערעסן און האָט געהאַט אַ פאָרמעלע אָדער אַ פּאַקטישע צענטראַלע פאַרטרעטערשאַפט? זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מען דאַרף זיך ניט באַגרע־נעצן מיט די פראַגעס, וועלכע זיינען אין בויגן פאָרמולירט, און נאָר באַשרייבן דעם באַשטאַנד פון דער דאָזיקער פאַרטרעטערשאַפט. ס'איז וויכטיק און נייטיק צו געבן אַ גענויע באַשרייבונג פון די פונקציעס פון דער דאָזיקער פאַרטרעטערשאַפט, וועגן איר פאַרטייאישער פיזיאָנאָמיע, וועגן איר אויטאָ־

ריטעט הן לגבי דער אַרומיקער פּאָליטישער וועלט און הן לגבי אידן גופא.

נאַטירלעך, אַז באַלד נאָך די דאָזיקע פראַגן וועגן אינעווייניקסטער אָר־גאַניזירטקייט פונם אידנטום פאַר דער היטלער־הערשאַפט קומען די פראַ־געס, וועלכע דאַרפן אונז מאַכן קלאָר, ווי דאָס אידנטום פון גאַנצן לאַנד איז געווען אָרגאַניזירט אין דער היטלער־צייט. אַלע פראַגעס פון פונקט 67 ביז 72 בכלל פאַרנעמען זיך מיט אויפקלערן די נאָר־וואָס פאָרמולירטע פראַגע. מיר גייען דאָ איבער פון דער ברייטסטער אידישער פאַרטרעטערשאַפט (המשך פון דער פאַר־מלחמה׳דיקער אידישער צענטראַלער קערפּערשאַפט) צו אַן אָנ־געבונדענער פון דער מאַכט צענטראַלער אידישער קערפּערשאַפט, שטעלן זיך אָפּ אויף אַ צענטראַלער הילף־געזעלשאַפט, אַ מין סוראָגאַט פון אַ צענטראַלער אידישער קערפּערשאַפט, און דערגייען ביז אַ קאָמיסאַריאַט, אַלזאָ ביז אַ צענ־טראַלן מאַכט־אָרגאַן, וואָס שאַלטעט און וואַלטעט איבערן אידישן גורל.

ס׳איז איבעריק לאַנג צו ברייען, ווי וויכטיק די דאָזיקע פראַגעס זיינען — זיי דאַרפן אונז געבן אַ בילד, ווי ווייט די אידישע כוחות האָבן זיך געהאַלטן אַלס אַ קיבוץ, אָרגאַניזירט און ווירדיק לגבי די רודפים און פייניקער; ווי ווייט די אָרגאַניזירטקייט־ירושה פון פאַר דער מלחמה האָט געהאָלפן אין דער שפּע־טערדיקער זעלבסטשוץ און זעלבסטהילף; ווי די היטלער־מאַכט אָדער די קווויזלינג־הערשער האָבן אויסגענוצט די גרייטע אידישע אינסטיטוציעס אויף אויסצוזויגן דעם מאַרך פון די אידישע מאַסן, כדי נאָכדעם צו פאַרניכטן די אינסטיטוציעס צוזאַמען מיט די לעבעדיקע טרעגער פון די דאָזיקע אינסטי־טוציעס; ענדלעך, ווי ווייט די אויסראָטונג פון אידן, עקאָנאָמיש און שפּע־טער פיזיש, איז ניט געווען קיין פרייער קאַפּריז פון לאָקאַלע סאַטראַפּן, נאָר אַ פּלאַן, אויסגעאַרבעט אין צענטער און אָנגעפירט פון אַ צענטער אין יעדן לאַנד.

די לעצטע זעקס פראַגעס פון דעם אָפּטייל „פּאָליטיק" האָבן שוין צו טון מיט געגנוואַרט. דאָ ווילן מיר, ראשית, פעסטשטעלן, אין וועלכער ריכטונג גייט די פּאָליטיק פון די רעגירונגען אין די באַפרייטע לענדער — האָבן זיי זיך פון אָנהייב אָן געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז די אידישע גרופּע דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ ספּעציעל געליטענע און מוז דעריבער באַהאַנדלט ווערן

ספעציעל און אויסנאַמדיק, אָדער זיי איגנאָרירן דעם ספעציעלן אידישן מאָ־מענט און באַטראַכטן אידן ווי געוועלנלעכע געליטענע בירגער? דערביי שטעלן מיר זיך אויך אָפּ אויף דער פראַגע, צי זיינען שוין געשאַפן געוואָרן אַלגעמיינע געזעצן, וועלכע שטערן אָדער, פאַרקערט, באַגינציקן די איינגלידערונג פון אידן אין אַרומיקן עקאָנאָמישן לעבן? דאָ שטרעבן מיר צו דערגיין די אַנט־וויקלונג־טענדענצן אין יעדן באַזונדערן לאַנד, און אויף וויפיל זיי זיינען גינציק אָדער אומגינציק פאַר דער צוקונפט פונם אידנטום אין געגעבענעם לאַנד.

מיט אויפקלערן די אויסערלעכע באַדינגונגען קאָן מען אָבער ניט יוצא זיין, און די גאַר לעצטע פראַגעס פאַרנעמען זיך מיט אויפקלערן, אויף וויפיל דער געראַטעוועטער אידישער קיבוץ, אַ שטאַרק פאַרקלענערטער אין צאָל, אַ שטאַרק אָפּגעשוואַכטער פיזיש, עקאָנאָמיש, פּאָליטיש, קולטורעל־גייסטיק, איז מסוגל צו אַ נייעם קאָלעקטיוון לעבן, צו אַ זעלבסטשטענדיקער איניציאַטיוו אין זיך פון אָרגאַניזירן זיך פון ס׳ניי אין חברות לויט די אַלטע פאַר־מלחמה־דיקע מוסטערן.

אין אָפּטייל „ד" פון מלוכה־בויגן (אידישע קאָנצענטראַציעס — געטאָס, קעמפּן, לאַגערן) שטעלן מיר זיך פאַר אַ ציל צו באַקומען אַ בילד וועגן די אַלערליי וואוין־באַגרענעצונגען און צוואַנג־אַרבעטן אין מלוכה־מאַסשטאַב. געוויס וועט דאָס בילד, וואָס מיר וועלן באַקומען אויף די ערטער, זיין פיל קאָנקרעטער, פילווירקלעכקייט־טרייער. מיר קאָנען זיך אָבער ניט אָפּ־זאָגן פון אַ פּרואוו פעסטצושטעלן די אַלע צוימען און אַרבעט־שקלאַפעריי אין מלוכה־פאַרנעם. ווען מען געפינען די צענטראַלע אַרכיוון, באַזונדערס פון די אידישע קאָמיסאַריאַטן, וועט געוויס זיין אַ מעגלעכקייט פעסטצושטעלן ניט נאָר דעם פאַרנעם פון די אַלע פיין־אינסטיטוציעס און פיין־קאָנצענטראַציעס, נאָר אויך, אויף וויפיל די פאַרמען פון פייניקן און מאָרדן די פאַרשפּאַרטע מאַסן איז געוועזן אָנגעפירט פון די צענטראַלע מאַכט־אָרגאַנען. אָבער אין ערגסטן פאַל וועט מען אויך פונם צענטער גיכער און גרינגער קאָנען זאַמלען מאַטעריאַל וועגן גאַנצן לאַנד. מיר האָבן דאָך ניט קיין שום האָפענונגען אויף דורכפירן אונזער פאָרשונג אין אַלע פונקטן מיט אידישע קיבוצים, וועט

## די אידישע קאטאסטראפע

מען געוויס מוזן אנקומען צו א גאנצער ריי שריפטלעכע פארשונגען — דורך פרעגבויגנס אויסגעפילטע אין די פונקטן, וואו אונזערע פארשער וועלן ניט אריינקומען. אבער ס׳וועלן געוויס זיין ניט ווייניק פונקטן, וואו מיר וועלן אין די ערשטע חדשים אדער אפילו יארן ניט טרעפן קיין תחית־המתים־אויפגעשטאנענע אידישע קהילות אדער חברות — אין אזעלכע פונקטן מיט אונטערגעגאנגענע אידישע קהילות וועט מען מוזן אנקומען צו די ארטיקע אפיציעלע אינסטאנצן, כדי צו באקומען כאטש א וועלכע ס׳ניט איז פארשטעלונג וועגן דעם פראצעס פונם חורבן פון די דאזיקע קהילות. אז דאס קאן געטון ווערן נאר פון צענטער און נאר מיט דער הילף פון דער צענטראלער רעגירונג, איז קלאר.

די פראגע וועגן דער פארשונג פון די אונטערגעגאנגענע אידישע קהילות, אויף וויפיל די לעצטע וועלן מוזן געפארשט ווערן פון אונזערע ארגאנען און אויף וויפיל מען וועט מוזן אנקומען צו אלגעמיינע מלוכה־אינסטאנצן, וואסערע פראגעס מען קאן אויפקלערן דורך פרעגבויגנס, געשיקטע צו אלגעמיינע מלוכה־ארגאנען אדער צו די זעלבסטפארוואלטונגען, — די דאזיקע זייער וויכטיקע און שווערע פראגע וועט מוזן ענדגילטיק באשלאסן ווערן אויף די ערטער, נאכדעם ווי מיר וועלן אין יעדן לאנד צונויפשטעלן די רשימות פון די פונקטן, וועלכע וועלן באזוכט ווערן פון אונזערע פארשערס און נאכדעם ווי מיר וועלן פעסטשטעלן די פונקטן, וועלכע אונזערע פארשער וועלן ניט באזוכן. ערשט נאך די אלע פאראבעטן וועט מען קאנען צונויפשטעלן א רשימה פון שטעט, וואו מען וועט מוזן אנקומען צו די אלגעמיינע מלוכה־אדער זעלבסטפארוואלטונג־ארגאנען.

געוויס וועט מען קאנען אין די צעשיקטע פרעגבויגנס צו מלוכה־אינסטאנצן אריינשטעלן פראגעס אויך פון די פריערדיקע אפטיילן — ס׳איז אבער קלאר, אז בנוגע די פראגעס, וועלכע מיר באהאנדלען אין אפטייל „ד״, מוזן זיין ידיעות אין די שטאטישע מלוכה־ארגאנען. שוין צוליב דעם, וואס גראד אין די דאזיקע פראגעס האבן זיך די אידישע פיין־אינטערעסן אמ־נאענטסטן צוזאמענגעטראפן מיט די אינטערעסן פון דער ניט־אידישער באפעלקערונג. מען האט ניט געקאנט שאפן קיין געטא אין קיין שום שטאט

און ניט אַרויסיאָגן די קריסטלעכע באַפעלקערונג פון די גאַסן, וועלכע זיינען באַשטימט געוואָרן פאַר אַ געטאָ. מען האָט אויך ניט געקאָנט ווירקלעך איזאָלירן די אידן אין אַ באַשטימטער צאָל גאַסן אָן צוימען, ניט צווינגענדיק די ניט־אידישע באַפעלקערונג צו פאַרלאָזן די דאָזיקע אידן־גאַסן. קלאָר, אַז אין די זעלבסטפאַרוואַלטונגען מוזן זיין דאַטעס וועגן דער צאָל מענטשן — אידן און ניט־אידן — אין געגעבענעם פונקט פונם שטאָט־רוים פאַר די ביידע טיילן פון דער באַפעלקערונג. אָבער דאָרטן וועט מען שוין אויך קאָנען געפינען ידיעות וועגן אַזעלכע פראַגעס, ווי באַלייכטונג און גאַז־צוטייל פאַר די געטאָס אָדער אידן־גאַסן. ס׳קאָן אויך זיין, אַז אין די אָרטיקע זעלבסטפאַרוואַלטונגען וועלן זיין אויך ידיעות וועגן די שפּייז־פּאַרציעס און אין אייניקע לענדער אויך וועגן די שעה׳ן, ווען ס׳איז געווען דערלויבט אידן איינצוקויפן שפּייז־פּראָדוקטן. ס׳קאָן זיין, אַז אין איין לאַנד וועט זיין ריכ־טיק, אַז די צענטראַלע רעגירונג זאָל וועגן די אַלע פראַגעס מאַכן אָן אָנקעטע ביי אַלע אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען, און אין אַ צווייט לאַנד וועט מען אָנקומען אין דעם פּרט נאָר בנוגע די פּונקטן, וואו מיר וועלן אונזער פאָרשונג ניט דורכפירן. דאָס זיינען אַלץ טעכנישע פראַגעס, וועלכע וועלן באַשלאָסן ווערן ערשט ווען מען וועט זיך באַקענען אין יעדן לאַנד מיט די מאַטעריאַלן, וואָס זיינען געבליבן אין די צענטראַלע און אין די לאָקאַלע אַרכיוון.

בנוגע דעם דאָזיקן אַפּטייל ווילן מיר נאָך ווענדן די באַזונדערע אויפ־מערקזאַמקייט אויף דעם פעסטשטעלן דעם נאַציאָנאַלן באַשטאַנד פון די אויפ־זעער, פאַקטיש פייניקער. ס׳איז גענוג באַקאַנט, אַז די נאַציס האָבן אויס־גענוצט אָרטיקע אַנטיסעמיטן ניט נאָר אין די ערטער פון זייער וואוינאָרט, נאָר אויך אין פרעמדע פאַר זיי לענדער. אין פוילן האָט מען איינגעשפּאַנט ליטווינער, לעטן און אוקראַאינער ביים פייניקן די אידן אין די געטאָס און אויך אין די אַרבעט־לאַגערן. ס׳איז געוויס זייער וויכטיק פעסטצושטעלן די סיבות, פאַרוואָס די נאַציס האָבן אין וואַרשע, למשל, געמוזט אָנקומען צו ליטווינער און לעטן, און ניט געהאַט אָדער ניט געוואָלט האָבן קיין פּאָליאַקן פאַר דער דאָזיקער מערדערישער אַרבעט.

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

וואָס איז שייך די מאָרד־צענטראַלעס, האַלטן מיר, אַז וועגן זיי מוז די פאָרשונג אומבאַדינגט דורכגעפירט ווערן אויף די ערטער און לויט גאָר אַ ספּעציעלן פּלאַן. אַזעלכע מאָרד־צענטראַלעס זיינען געווען, דער עיקר, אין איין לאַנד — פּוילן, און זייער צאָל איז געווען ניט זייער גרויס. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס מיר האָבן אין דעם אָפּטייל וועגן קאָנצענטראַציעס קיין שום פראַגעס וועגן די מאָרד־צענטראַלעס ניט אַריינגעשטעלט.

דער גאַנצער אָפּטייל „ה" (אידישע אינסטיטוציעס) איז געווידמעט פראַגעס, וועלכע דאַרפן אונז געבן מאַטעריאַל וועגן אונזער מאַטעריעלן און קולטורעלן פאַרמעג פאַר דער מלחמה. דאָ גייט ניט נאָר אין פעסטשטעלן אונזער גרויסן מאַטעריעלן שאָדן, כדי צו קאָנען איינמאָנען אַנטשעדיקונג און קאָנען אויפשטעלן די קהילות און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן. דאָס איז געוויס וויכטיק. מיר מיינען אָבער, אַז ס'איז אויך וויכטיק צו מאַכן אַ חשבון פון דער נאַציאָנאַלער ענערגיע, וועלכע אידן האָבן אַריינגעלייגט אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אויסגעפילט די פונקציעס פון יענעם נאַציאָנאַלן אָרגאַניזירנדיקן און דיסציפּלינירנדיקן צעמענט, וואָס ביי נאָרמאַלע פעלקער פאַלט אויס אויפן שטאַט און אויף דער טעריטאָריע.

מיר האָבן אין די אַלגעמיינע אינסטרוקציעס שוין אָנגעוויזן דערויף, אַז אין די אַרכיוון פון פאַרשידענע מיניסטעריומס זיינען פאַראַן רייכע מאַטעריאַלן, וועלכע ווערן ניט פאַרעפנטלעכט צוליב פאַרשידענע סיבות. בנוגע די פראַגעס, וועלכע אינטערעסירן אונז אין אָפּטייל „ה", האָבן די מיניסטעריומס גאָרניט באַדאַרפט פאַרעפנטלעכן די מאַטעריאַלן — זיי האָבן זיך דאָרטן אָנגעזאַמלט אויפן סמך פון די עקזיסטירנדיקע געזעצן. וואָלטן מיר אין באַזונדערע לענדער געהאַט אידישע סטאַטיסטישע קאָמיסיעס אָדער קאָמיטעטן, וועלכע וואָלטן זיך רעגולער פאַרנומען מיט זאַמלען און באַאַרבעטן סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן וועגן פאַרשידענע זייטן פון אידישן לעבן, וואָלטן די באַריכטן, וואָס ווערן צוגעשטעלט פאַרשידענע מיניסטעריומס, געוויס געווען צווישן די וויכטיקסטע דאָקומענטן, וועלכע מען וואָלט באַדאַרפט אויסנוצן פאַרן דאָזיקן צוועק. ליידער, האָבן מיר ניט פאַרמאָגט קיין שום

## יעקב לעשצינסקי

סטאַטיסטישע אינסטיטוציעס, חוץ דעם סטאַטיסטישן ביוראָ אין דייטשלאַנד, וואָס האָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זייער ניט רעגולער פונקציאָנירט, און די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, ווי די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סעקציע פון ייוואָ, וועלכע האָט געהאַט פאַר איר ציל מער סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, און דערביי ניט נאָר פונם פוילישן אידנטום, נאָר פונם וועלט־אידנטום. די געפּלאַנטע פאָרשונג, אויב זי וועט דורכגעפירט ווערן אין דעם מאַסשטאַב, ווי עס ווערט פאָרויסגעזען, וועט אונז ערשט ווייזן, ווי גוט ס'וואָלט געווען, ווען אין יעדן לאַנד וואָלטן אידן געהאַט אַ סטאַטיסטישן אַמט, וואָס זאָל רעגולער זאַמלען און באַאַרבעטן מאַטעריאַל.

מען מוז קאָנסטאַטירן, אַז ס'איז כמעט אוממעגלעך פעסטצושטעלן ניט נאָר דעם מאַטעריעלן ווערט פון די אידישע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן, וועלכע זיינען חרוב געוואָרן, נאָר אַפילו די לויפנדיקע אויסגאַבעס פון די אידישע קהילות אין פיל לענדער. די געפּלאַנטע פאָרשונג וועט האָבן דאָ אַ פיינע מיסיע — אונטערצופירן אַ סך־הכל פון דער נעץ פון אידישע אינסטיטוציעס פון פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע געביטן און ווייזן דער וועלט און אידן גופא, ווי ווייט די אידישע זעלבסטשטענדיקייט איז געגאַנגען און וואָס פאַר אַ וויכטיקער פאַקטאָר די דאָזיקע אינסטיטוציעס זיינען געווען אין אונזער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלן קיום.

אַלס די קרוין פון דער גראַנדיעזער פאָרשונג־אונטערנעמונג דאַרף זיין דער אָפּטייל „ו" (אידישער ווידערשטאַנד) — ניט כדי צו באַרימען זיך פאַר די פעלקער און אויסבעטלען רעכט פאַר אידן אויפן סמך פון זייער פּאַטריאָטיזם. דער ציל איז אַ פיל העכערער און אַ מער אינטימער. מיר ווילן וויסן דעם מענטשן־חלק, וואָס מיר האָבן אַריינגעטראָגן אינם קאַמף קעגן דעם מאָנסטער פון דער מענטשלעכער געשיכטע און קעגן דעם גרעסטן המן פון אונזער אידישער געשיכטע. פאַר אונז איז וויכטיק פעסטצושטעלן די פּראָפּאָרציע צווישן אונזערע פאַרלוסטן אין אַקטיוון קאַמף קעגן אונזער גרעסטן שונא און די פאַרלוסטן־קרבנות אין די מאָרד־צענטראַלעס און אין אַנדערע מאָרד־פונקטן. פאַר אונז איז קאָלאָסאַל וויכטיק צו פאַרפיקסירן פאַר שפּעטערדיקע דורות די העלדנטאַטן פון אונזערע סאָלדאַטן און אַפּי־

צירן און נאָך מער פון אונזערע גערילאַ־קעמפער, פון די דאָזיקע חשמונאים פון אונזער עפּאָכע.

מאַטעריאַלן פאַר די ערשטע פראַגעס פון דעם דאָזיקן אָפּטייל מוזן זיך געפינען אין די אַרכיוון פונם מלחמה־מיניסטעריום פון יעדן לאַנד. ניט אין אַלע לענדער ווערט רעגיסטרירט די רעליגיע פון די אָנגעקומענע אין דער אַרמיי, אָבער מען קאָן תמיד געפינען מעטאָדעס פעסטצושטעלן דעם אידישן אָנטייל אויפן סמך פון די פאַראַנענע רשימות פון די געדינטע אין דער אַרמיי. וועט נאָר זיין דער גוטער ווילן פון די אָפיציעלע קרייזן, וועט אין די קאַנ־צעלאַריעס פון די מלחמה־מיניסטעריומס זיין איבערגענוג מאַטעריאַל אויף צו ענטפערן גענוג פּינקטלעך אַבסאָלוט אויף אַלע פראַגעס.

פיל שווערער וועט זיין צו ענטפערן אויף די צוויי וויכטיקסטע לעצטע פראַגעס: וועגן אונזער אָנטייל אין די אונטערערדישע אַרמייען און אין די גערילאַ־גרופּעס. נאָר אויב ס'איז ערגעץ פאַראַן וועלכער ס'ניט איז מאַ־טעריאַל, וועלכער וואָלט אונז געקאָנט אַרויסהעלפן אין דער דאָזיקער אַזוי וויכטיקער פאַר אונזער נאַציאָנאַלן כבוד פראַגע, איז דאָס געוויס נאָר אין צענטער, וואוהין ס'וועלן געוויס צונויפגעטראָגן ווערן אַלע דאָקומענטן און פּאַפּירן, וועלכע האָבן נאָר אַ וועלכע ס'ניט איז שייכות צו דעם דאָזיקן בלעטל געשיכטע פון די פעלקער פון אייראָפּע אין זייער קאַמף פאַר פרייהייט.

# III

# פרעגבויגן נומער 2
# (שטעט און שטעטלעך — באַפעלקערונג)

נאָמען פון שטאָט אָדער שטעטל ..........................

קרייז ...................... דיסטריקט ..........................

חודש און יאָר פון דער פאַרשונג ..........................

1) די גרייס פון דער באַפעלקערונג צו סעפּטעמבער 1939 (פאַר דייטשע שטעט — יאַנואַר 1933; פאַר עסטרייך — מערץ 1938; פאַר טשעכאָסלאָוואַקיע — סעפּטעמבער 1939):

א) די גאַנצע באַפעלקערונג ..................

ב) די אידישע באַפעלקערונג ..................

2) די גרייס פון דער באַפעלקערונג צום מאָמענט פון דער באַפרייאונג:

א) די גאַנצע באַפעלקערונג ..................

ב) די אידישע באַפעלקערונג ..................

3) די גרייס פון דער באַפעלקערונג צום אָנהייב פון דער פאַרשונג:

א) די גאַנצע באַפעלקערונג ..................

ב) די אידישע באַפעלקערונג ..................

4) אויסגעוואַנדערטע אידישע באַפעלקערונג פון אָנהייב מלחמה ביזן באַפרייאונג־טאָג:

א) קיין ארץ־ישראל ..................

ב) אין פאַרשידענע אַמעריקאַנער לענדער ..................

ג) אין נייטראַלע אייראָפּעאישע לענדער ..................

ד) אין פאַרשידענע אַנדערע לענדער ..................

5) אַנטלאָפענע אידישע באַפעלקערונג:

א) קיין סאָוועט־רוסלאַנד ..................

ב) אין נייטראַלע לענדער פון אייראָפּע ..................

ג) אין לענדער פון די עלאַיס ..................

ד) אין אַנדערע לענדער ..................

6) דעפּאָרטירט־געוואָרענע אידישע באַפעלקערונג (פון איין לאַנד אין אַ צווייטן):

א) קיין פוילן ................

ב) קיין דייטשלאַנד ................

ג) קיין טערעזיען־שטאָט ................

ד) אַנדערשוואו ................

7) עוואַקואירט־געוואָרענע אידישע באַפעלקערונג:

א) קיין סאָוועט־רוסלאַנד ................

ב) אַנדערשוואו ................

8) דעפּאָרטירט־געוואָרענע אידישע באַפעלקערונג (אין די גרענעצן פון זעלבן לאַנד):

א) וויפיל מאָל און אין וועלכע דאַטעס ................

ב) אין וויפיל פּונקטן (אויסרעכענען מעגלעכערוויז די צאָל פּונקטן) .........

9) די צאָל געבוירענע און געשטאָרבענע:

א) געבוירענע:

| יאָר | ביי אידן | ביי ניט־אידן |
|---|---|---|
| אין 1937 | | |
| 1938 „ | | |
| 1939 „ | | |
| 1940 „ | | |
| 1941 „ | | |
| 1942 „ | | |
| 1943 „ | | |
| 1944 „ | | |

ב) געשטאָרבענע:

| יאָר | ביי אידן | ביי ניט־אידן |
|---|---|---|
| אין 1937 | | |
| 1938 „ | | |
| 1939 „ | | |
| 1940 „ | | |
| 1941 „ | | |
| 1942 „ | | |
| 1943 „ | | |
| 1944 „ | | |

10) די צאָל געשטאָרבענע, וועלכע האָבן אָנגענומען אַ קריסטלעכע רע־ליגיע נאָך 1937:

| יאָר | |
|---|---|
| אין 1937 | |
| „ 1938 | |
| „ 1939 | |
| „ 1940 | |
| „ 1941 | |
| „ 1942 | |
| „ 1943 | |
| „ 1944 | |

11) די צאָל זעלבסטמאָרדן (מיט טויט־רעזולטאַט):

| יאָר | ביי אידן | ביי ניט־אידן |
|---|---|---|
| אין 1937 | | |
| „ 1938 | | |
| „ 1939 | | |
| „ 1940 | | |
| „ 1941 | | |
| „ 1942 | | |
| „ 1943 | | |
| „ 1944 | | |

12) די צאָל אומגעקומענע פון באָמבאַרדירונגען פאַר דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה:

א) אידן ................

ב) ניט־אידן ................

13) וויפיל מענטשן זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין געגעבענעם פונקט:

| | אידן | ניט־אידן |
|---|---|---|
| א) אין מאַסן־פּאָגראָמען: | | |
| 1) דורכגעפירט נאָר פון דייטשן (פון דער אַרמיי, פון אָרטיקע דייטשן) | | |
| 2) דורכגעפירט פון דייטשן מיט דער הילף פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג | | |
| ב) אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן | | |
| ג) אין פאַרשידענע קעמפּס | | |
| ד) פון ספּעציעלע דייטשע מאָרד־קאָלאָנעס | | |
| ה) פאַר׳משפּט׳ע צום טויט דורך געריכטן | | |
| ו) פון ספּאָראַדישע אָנפאַלן און איבערפאַלן: | | |
| 1) פון די דייטשן | | |
| 2) פון אָרטיקע איינוואוינער | | |

14) וויפיל מענטשן פון געגעבענעם פונקט זיינען געפאַלן אין די קאַמפן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג, פון די גערילאַס און אַנדערע פּאַטריאָטישע אָרגאַניזאַציעס:

א) אידן ................

ב) ניט־אידן ................

15) די צאָל גע׳שמד׳טע לויט יאָרן, געשלעכט, עלטער און פּראָפעסיע:

א) גע׳שמד׳טע מענער לויט עלטער:

| יאָר | יונגער פון 5 יאָר | 10—6 | 20—11 | 40—21 | 60—41 | עלטער פון 60 יאָר |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1) 1937 | | | | | | |
| 2) 1938 | | | | | | |
| 3) 1939 | | | | | | |
| 4) 1940 | | | | | | |
| 5) 1941 | | | | | | |
| 6) 1942 | | | | | | |
| 7) 1943 | | | | | | |
| 8) 1944 | | | | | | |
| צוזאַמען | | | | | | |

ב) גע׳שמד׳טע מענער לויט פּראָפעסיעס:

| יאָר | סוחרים און קרעמער | פאַבריקאַנטן | באַאַמטע און אָנגעשטעלטע | ליבעראַלע פּראָפעסיעס | האַנטווערקער | אַרבעטער | פאַרשידענע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1937 (1 | | | | | | | |
| 1938 (2 | | | | | | | |
| 1939 (3 | | | | | | | |
| 1940 (4 | | | | | | | |
| 1941 (5 | | | | | | | |
| 1942 (6 | | | | | | | |
| 1943 (7 | | | | | | | |
| 1944 (8 | | | | | | | |
| צוזאַמען | | | | | | | |

ג) גע׳שמד׳טע פרויען לויט עלטער:

| יאָר | יונגער פון 5 יאָר | 10—6 | 20—11 | 40—21 | 60—41 | עלטער פון 60 יאָר |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1937 (1 | | | | | | |
| 1938 (2 | | | | | | |
| 1939 (3 | | | | | | |
| 1940 (4 | | | | | | |
| 1941 (5 | | | | | | |
| 1942 (6 | | | | | | |
| 1943 (7 | | | | | | |
| 1944 (8 | | | | | | |
| צוזאַמען | | | | | | |

ד) געשמד'טע פרויען לויט פראפעסיעס (אייגענע אדער פון מאן):

| יאר | סוחרים און קרעמער | פאבריקאנטן | באאמטע און אנגעשטעלטע | ליבעראלע פראפעסיעס | האנטווערקער | ארבעטער | פארשידענע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1937 (1 | | | | | | | |
| 1938 (2 | | | | | | | |
| 1939 (3 | | | | | | | |
| 1940 (4 | | | | | | | |
| 1941 (5 | | | | | | | |
| 1942 (6 | | | | | | | |
| 1943 (7 | | | | | | | |
| 1944 (8 | | | | | | | |
| צוזאמען | | | | | | | |

**16) די צאל צוריקגעקערטע צום אידנטום לויט געשלעכט, עלטער און פראפעסיע:**

א) צוריקגעקערטע מענער לויט עלטער:

| יאר | יונגער פון 5 יאר | 10—6 | 20—11 | 40—21 | 60—41 | עלטער פון 60 יאר |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1937 (1 | | | | | | |
| 1938 (2 | | | | | | |
| 1939 (3 | | | | | | |
| 1940 (4 | | | | | | |
| 1941 (5 | | | | | | |
| 1942 (6 | | | | | | |
| 1943 (7 | | | | | | |
| 1944 (8 | | | | | | |
| צוזאמען | | | | | | |

ב) צוריקגעקערטע מענער לויט פּראָפעסיעס:

| יאָר | סוחרים און קרעמער | פאַבריקאַנטן | באַאַמטע און אָנגעשטעלטע | ליבעראַלע פּראָפעסיעס | האַנטווערקער | אַרבעטער | פאַרשידענע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1937 (1 | | | | | | | |
| 1938 (2 | | | | | | | |
| 1939 (3 | | | | | | | |
| 1940 (4 | | | | | | | |
| 1941 (5 | | | | | | | |
| 1942 (6 | | | | | | | |
| 1943 (7 | | | | | | | |
| 1944 (8 | | | | | | | |
| צוזאַמען | | | | | | | |

ג) צוריקגעקערטע פרויען לויט עלטער:

| יאָר | יונגער פון 5 יאָר | 10—6 | 20—11 | 40—21 | 60—41 | עלטער פון 60 יאָר |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1937 (1 | | | | | | |
| 1938 (2 | | | | | | |
| 1939 (3 | | | | | | |
| 1940 (4 | | | | | | |
| 1941 (5 | | | | | | |
| 1942 (6 | | | | | | |
| 1943 (7 | | | | | | |
| 1944 (8 | | | | | | |
| צוזאַמען | | | | | | |

ד) צוריקגעקערטע פרויען לויט פּראָפעסיעס (אייגענע אָדער פון מאַן):

| יאָר | סוחרים און קרעמער | פאַבריקאַנטן | באַאַמטע און אָנגעשטעלטע | ליבעראַלע פּראָפעסיעס | האַנטווערקער | ארבעטער | פאַרשידענע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1937 (1 | | | | | | | |
| 1938 (2 | | | | | | | |
| 1939 (3 | | | | | | | |
| 1940 (4 | | | | | | | |
| 1941 (5 | | | | | | | |
| 1942 (6 | | | | | | | |
| 1943 (7 | | | | | | | |
| 1944 (8 | | | | | | | |
| צוזאַמען | | | | | | | |

17) די צאָל פאַרגוואַלטיקטע פרויען:

א) אידישע ................

ב) ניט־אידישע ................

18) די צאָל פרויען פאַרשיקטע אין זונות־הייזער:

א) אידישע ................

ב) ניט־אידישע ................

19) דער געשלעכטלעכער באַשטאַנד פון דער פאַראַנענער אידישער באַפעלקערונג:

א) מענער ................

ב) פרויען ................

20) די עלטער־סטרוקטור פון דער פאַראַנענער אידישער באַפעלקערונג:

| עלטער־גרופּעס | מענער | פרויען |
|---|---|---|
| 1) יונגער פון 5 יאָר | | |
| 2) 6—10 | | |
| 3) 11—15 | | |
| 4) 16—20 | | |
| 5) 21—40 | | |
| 6) 41—50 | | |
| 7) 51—60 | | |
| 8) עלטער פון 60 יאָר | | |
| צוזאַמען | | |

21) וויפיל אידישע אַלמנ'ס און אַלמנות זיינען איצט פאַראַן אין שטאָט און זייער עלטער:

| יאָרן | אלמנ'ס | אלמנות |
|---|---|---|
| א) יונגער פון 25 יאָר | | |
| ב) פון 26 ביז 50 " | | |
| ג) פון 51 ביז 60 " | | |
| ד) עלטער פון 60 " | | |
| צוזאַמען | | |

22) וויפיל אידישע עגונים און עגונות זיינען פאַראַן אין שטאָט און זייער עלטער:

| יאָרן | עגונים | עגונות |
|---|---|---|
| א) יונגער פון 25 יאָר | | |
| ב) פון 26 ביז 50 " | | |
| ג) פון 51 ביז 60 " | | |
| ד) עלטער פון 60 " | | |
| צוזאַמען | | |

23) וויפיל זיכערע יתומים און יתומות — יונגער פון 16 יאָר — זיינען פאַראַן אין שטאָט:

| | אינגלעך | מיידלעך |
|---|---|---|
| א) גאַנצע יתומים | | |
| ב) אָן אַ פאָטער | | |
| ג) אָן אַ מוטער | | |
| צוזאַמען | | |

24) וויפיל קינדער — יונגער פון 16 יאָר, אינגלעך און מיידלעך — ווייסן ניט, צי זייערע עלטערן לעבן?

25) די עלטער־סטרוקטור פון די יתומים און יתומות:

| יאָרן | אינגלעך | מיידלעך |
| --- | --- | --- |
| א) יונגער פון 5 יאָר | | |
| ב) 6—10 יאָר | | |
| ג) 11—16 יאָר | | |
| צוזאַמען | | |

26) וויפיל אידישע אינוואַלידן (אַבסאָלוט ניט־אַרבעטפעאיקע) זיינען פאַראַן אין שטאָט און זייער עלטער:

| יאָרן | מענער | פרויען |
| --- | --- | --- |
| א) יונגער פון 16 יאָר | | |
| ב) 17—30 יאָר | | |
| ג) 31—50 " | | |
| ד) 51 און מער יאָר | | |
| צוזאַמען | | |

27) וויפיל האַלבע אינוואַלידן (אין געגעבענעם מאָמענט ניט־אַרבעט־פעאיק, אָבער קאָנען געזונט ווערן) זיינען פאַראַן אין שטאָט און זייער עלטער:

| יאָרן | מענער | פרויען |
| --- | --- | --- |
| א) יונגער פון 16 יאָר | | |
| ב) 17—30 יאָר | | |
| ג) 31—50 " | | |
| ד) 51 און מער יאָר | | |
| צוזאַמען | | |

28) וויפיל אידישע קאַליקעס זיינען פאַראַן אין שטאָט און זייער עלטער:

| יאָרן | בלינדע | | טויב־שטומע | | אָן ביידע פיס | | אָן איין פוס | | אָן ביידע הענט | | אָן איין האַנט | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | מ. | פ. | מ. | פ. | מ. | פ. | מ. | פ. | מ. | פ. | מ. | פ. |
| א) יונגער פון 16 י. | | | | | | | | | | | | |
| ב) 17—30 | | | | | | | | | | | | |
| ג) 31—50 | | | | | | | | | | | | |
| ד) 51 און מער | | | | | | | | | | | | |
| צוזאַמען | | | | | | | | | | | | |

29) דער בילדונג־מצב פון דער פאַראַנענער אידישער באַפעלקערונג לויט עלטער־גרופּעס:

א) אַלגעמיינע בילדונג:

א) מ ע נ ע ר

| בילדונג־מצב | יונגער פון 12 יאָר | 13—16 | 17—25 | עלטער פון 25 יאָר |
|---|---|---|---|---|
| 1) קיין שולע | | | | |
| 2) פאָלקס־שולע | | | | |
| 3) מיטל־שולע | | | | |
| 4) אוניווערזיטעט־פאַקולטעט | | | | |
| 5) טעכניקום־פאַקולטעט | | | | |
| 6) דענטיסטן־שולע | | | | |
| צוזאַמען מענער | | | | |

ב) אידישע בילדונג:

| בילדונג־ מצב | יונגער פון 12 יאָר | 13—16 | 17—25 | עלטער פון 25 יאָר |
|---|---|---|---|---|
| 1) קיין | | | | |
| 2) חדר | | | | |
| 3) תלמוד־תורה | | | | |
| 4) ישיבה | | | | |
| 5) מאָדערנע אידישע שולע | | | | |
| 6) מאָדערנע העברעאישע שולע | | | | |
| 7) לערער־סעמינאַר | | | | |
| 7) זונטאָג־שולע | | | | |
| צוזאַמען מענער | | | | |

## ב) פ ר ו י ע ן

א) אַלגעמיינע בילדונג:

| מצב בילדונג־ | יונגער פון 12 יאָר | 13—16 | 17—25 | עלטער פון 25 יאָר |
|---|---|---|---|---|
| 1) קיין שולע | | | | |
| 2) פאָלק־שולע | | | | |
| 3) מיטל־שולע | | | | |
| 4) אַקושערן־שולע | | | | |
| 5) דענטיסטן־שולע | | | | |
| 6) אוניווערזיטעט־פאַקולטעט | | | | |
| 7) טעכניקום־פאַקולטעט | | | | |
| צוזאַמען פרויען | | | | |

ב) אידישע בילדונג:

| בילדונג־ מצב | יונגער פון 12 יאָר | 13—16 | 17—25 | עלטער פון 25 יאָר |
|---|---|---|---|---|
| 1) קיין | | | | |
| 2) מאָדערנע אידישע שולע | | | | |
| 3) מאָדערנע העברעאישע שולע | | | | |
| 4) לערער־סעמינאַר | | | | |
| 5) זונטאָג־שולע | | | | |
| צוזאַמען פרויען | | | | |

30) שריפטיקייט („גראַמאַטנאַסט”) פון דער עלטערער אידישער באַ־פעלקערונג (עלטער פון 16 יאָר):

א) לייענען:

| | מענער | פרויען |
| --- | --- | --- |
| 1) קאָן גאָרניט | | |
| 2) אידיש | | |
| 3) העברעאיש | | |
| 4) לאַנד־שפּראַך | | |
| 5) אַנדערע שפּראַכן און וועלכע | | |
| צוזאַמען | | |

ב) שרייבן:

| | מענער | פרויען |
| --- | --- | --- |
| 1) קאָן גאָרניט | | |
| 2) אידיש | | |
| 3) העברעאיש | | |
| 4) לאַנד־שפּראַך | | |
| 5) אַנדערע שפּראַכן און וועלכע | | |
| צוזאַמען | | |

31) שריפטיקייט פון אידישע קינדער לויט איינצלנע יאָרן (10—16):

א י נ ג ל ע ך

א) לייענען:

| | 10 יאָר | 11 י. | 12 י. | 13 י. | 14 י. | 15 י. | 16 י. |
| --- | --- | --- | --- | --- | --- | --- | --- |
| 1) קאָן גאָרניט | | | | | | | |
| 2) אידיש | | | | | | | |
| 3) העברעאיש | | | | | | | |
| 4) לאַנד־שפּראַך | | | | | | | |
| 5) אַנדערע שפּראַכן און וועלכע | | | | | | | |
| צוזאַמען | | | | | | | |

ב) שרייבן:

| | 10 יאָר | 11 י. | 12 י. | 13 י. | 14 י. | 15 י. | 16 י. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1) קאָן גאָרניט | | | | | | | |
| 2) אידיש | | | | | | | |
| 3) העברעאיש | | | | | | | |
| 4) לאַנד־שפּראַך | | | | | | | |
| 5) אַנדערע שפּראַכן און װעלכע | | | | | | | |
| צוזאַמען | | | | | | | |

## מ י י ד ל ע ך

א) לייענען:

| | 10 יאָר | 11 י. | 12 י. | 13 י. | 14 י. | 15 י. | 16 י. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1) קאָן גאָרניט | | | | | | | |
| 2) אידיש | | | | | | | |
| 3) העברעאיש | | | | | | | |
| 4) לאַנד־שפּראַך | | | | | | | |
| 5) אַנדערע שפּראַכן און װעלכע | | | | | | | |
| צוזאַמען | | | | | | | |

ב) שרייבן:

| | 10 יאָר | 11 י. | 12 י. | 13 י. | 14 י. | 15 י. | 16 י. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1) קאָן גאָרניט | | | | | | | |
| 2) אידיש | | | | | | | |
| 3) העברעאיש | | | | | | | |
| 4) לאַנד־שפּראַך | | | | | | | |
| 5) אַנדערע שפּראַכן און װעלכע | | | | | | | |
| צוזאַמען | | | | | | | |

## אינסטרוקציעס צום פרעגבויגן נומער 2
## (באַפעלקערונג)

ווי אין די פריערדיקע אינסטרוקציעס צום בויגן נומער 1, וועלן מיר אויך דאָ זיך ניט אָפּשטעלן אויף איינצלנע פונקטן און וועלן זיך ניט פאַר־נעמען מיט דעטאַליזירטע טעכנישע פראַגעס, ווי אויסצופילן די בויגנס, נאָר מיר וועלן זיך באַגרענעצן מיט אַלגעמיינע פּרינציפּיעלע אָנווייזונגען.

דער בויגן וועגן דער באַפעלקערונג באַשטייט פון צוויי גרונט־טיילן: דער ערשטער טייל פאַרנעמט זיך מיט אויפקלערן דעם שטאַנד פון דער אידי־שער און טיילווייז פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג ערב דער מלחמה און וואָס ס'איז פאַרגעקומען מיט דער ערשטער און ווידער טיילווייז מיט דער צווייטער אין די קאַטאַסטראָפע־יאָרן. מיר פאַרנעמען זיך מיט דער ניט־אידישער באַפעלקערונג נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל דאָס איז אומבאַ־דינגט נייטיק אויף אויפצוקלערן און מאַכן בולט'ער די דאַטעס וועגן די אידן. מיר ווייסן זייער גוט, אַז די אידישע דאַטעס וואָלטן אַ סך געוואונען, ווען מיר וואָלטן געקאָנט ביי יעדער פאַרש־פראַגע זאַמלען מאַטעריאַל וועגן ביידע טיילן פון דער באַפעלקערונג און מאַכן פאַרגלייכן. מיר קאָנען אָבער ניט איבער־לאָדן די אַזוי אויך גענוג אָנגעלאָדענע פאָרש־אַרבעט. מיר קאָנען נאָר צו־געבן, אַז „וכל המרבה הרי זה משובח" — אויב איניקע פליסיקע פאָרשער אין קלענערע פונקטן וועלן געפינען פאַר מעגלעך צו פאַרברייטערן די אַר־בעט און אַריינצוציען אויך די ניט־אידישע באַפעלקערונג אַלס אָביעקט, וועט דאָס געוויס זיין אַ פּלוס, און אַ וויכטיקער פּלוס. דאָך, אין ערשטן טייל, וואָס באַהאַנדלט דעם צושטאַנד פון ערב־מלחמה און די געשעעענישן און זייע־רע רעזולטאַטן בעת מלחמה, ווערט די ניט־אידישע באַפעלקערונג באַהאַנדלט כמעט גלייך מיט דער אידישער אויסער די פונקטן וועגן עמיגראַציע, דעפּאָר־טאַציע, עוואַקואַציע און אַנטלויפן אומלעגאַל.

# די אידישע קאטאסטראָפע

מיר ווילן ווענדן די באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט אויף די פראַגעס, וועלכע באַהאַנדלען די שמד־מגפה.

ס׳איז געווען באַקאַנט, אַז אין אייניקע לענדער, ווי אין רומעניע, אין אונגאַרן, שפּעטער אויך אין איטאַליע און נאָך שפּעטער שוין אין פיל אַנדערע לענדער, האָט די שמד־מגפה פאַרכאַפּט געוואַלדיק ברייטע צאָלן אידן. אָנגעהויבן האָט זיך די מגפה נאָך אַ פּאָר יאָר פאַר דער מלחמה, ווען אין רומעניע און אין אונגאַרן האָט מען זיך גענומען איינפירן ניט די היטלעריסטישע ראַסן־געזעצן, נאָר פשוט באַגרענעצונגען פאַר אידן — פּראָצענט־נאָרמעס פאַר אידן אין ליבעראַלע און אַנדערע פּראָפעסיעס. דעמאָלט האָט די שמד־מגפה געטראָגן אַ כאַראַקטער פון עקאָנאָמישער זעלבסטשוץ. שפּעטער איז געקומען דער שמד אַלס פיזישע רעטונג. אין אַלע לענדער פון מערב־אייראָפּע, וואו זיך באַהאַלטן ביי קריסטן און, באַזונדערס, וואו אָפּגעבן קינדער אין קריסטלעכע הייזער איז געווען אַ סך גרינגער און דערפאַלגרייכער, ווי אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער, האָט דער שמד שוין פאַרכאַפּט אַ סך ברייטערע קרייזן, אַפילו אַזעלכע, וואָס צוליב עקאָנאָמישע אינטערעסן וואָלטן זיי זיך בשום אופן ניט אַנטשלאָסן אויף אַזאַ שריט. ניט ווייניק פון די גע׳שמד׳טע פון דער לעצטער קאַטעגאָריע זיינען געווען אמת׳ע אַנוסים, וועלכע האָבן אָפּט געקויפט דאָס טויף־צעטל נאָר, כדי צו באַקומען די מעגלעכקייט זיך אַריבער־צוכאַפּן פון אָקופּירטן טייל פראַנקרייך אין ניט־אָקופּירטן, אָדער כדי זיכערער זיך צו דערשלעפּן צו די פּונקטן, וואָס ליגן נאָענט צו דער גרענעץ. מען האָט גע׳שמד׳ט קינדער אין טיפן און אויפריכטיקן גלויבן, אַז מען וועט נאָך דער מלחמה זיי קאָנען באַקומען צוריק. ענדלעך האָט מען גע׳שמד׳ט קינדער, ווען מען האָט אַפילו ווייניק געגלויבט, אַז מען וועט אַליין בלייבן לעבן און מען וועט נאָך באַקומען צוריק די קינדער. דער מוטערס האַרץ האָט זיך אַנטשלאָסן אויף דעם שרעקלעכסטן שריט, אַבי אָפּצוראַטעווען דעם נפש פונם קינד.

וויפיל ס׳ניט איז אויפכאַפּן די דאָזיקע אַלע דערשיינונגען און באַקומען מאַטעריאַל אויף צו קאָנען כאָטש שאַצן די מאַסשטאַבן פון דער דאָזיקער שמד־מגפה אין אַלע אירע געשטאַלטן — איז איינע פון די הייליקסטע פליכטן

## יעקב לעשצינסקי

פון דער פאָרשונג. דאָס איז ביז גאָר אַ שווערע אויפגאַבע — דאָך האָפן מיר, אַז צווישן אונזערע פאָרשער וועלן זיך געפינען ניט ווייניק בריות, וועלכע וועלן גובר זיין אַלע שוועריקייטן און וועלן אַרויסקריגן דעם געזוכטן מאַטע־ריאַל.

די פּראָגעס וועגן שמד דאַרפן פעסטשטעלן דעם אַנטוויקלונג־פּראָצעס פון דער דאָזיקער מגפה, און דעריבער האָבן מיר אָנגעהויבן פונם יאָר 1937. פאַר פיל לענדער פאַרמאָגן מיר אָפיציעלע דאַטעס וועגן די שמד'ן אויך פאַר די יאָרן פון פאַר 1937 און מען וועט קאָנען מאַכן פאַרגלייכן נאָך מיט פריערדיקע יאָרן און פעסטשטעלן, צי איז מיטן וואוקס פונם היטלעריסטישן אַנטיסעמיטיזם געוואַקסן דער שמד, אָדער פאַרקערט. מיר האָבן דעריבער גענומען ביידע זייטן פון דער שמד־דערשיינונג — שמד און צוריקקער.

ס'איז אָבער קלאָר, אַז ניט ווייניק גע'שמד'טע, באַזונדערס קינדער, זיינען געשטאָרבן. און ווילן מיר האָבן אַ ריכטיקע פאָרשטעלונג וועגן דעם וואוקס פון דער שטאַרביקייט ביי אידן אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה, און באַזונדערס אין די מלחמה־יאָרן, מוזן מיר נעמען אין אַכט דעם דאָזיקן פאַקטאָר — די שטאַרביקייט פון די גע'שמד'טע. נעמען מיר ניט אין אַכט דעם דאָזיקן פאַקטאָר, בלייבן די ציפערן פון פונקט 9 פון זעלבן בויגן ניט פולע, ניט קאָרעקט. מיר האָבן דעריבער אַריינגעשטעלט פונקט 10, וועלכער דאַרף ממלא זיין די ציפערן פון פונקט 9 און זיי קאָרעגירן.

די לעצטע פּראָגעס מיט אַ סך סוב־פּראָגעס פאַרנעמען זיך דער עיקר מיט אויפקלערן די פיזיאָגנאָמיע פון דער אידישער באַפעלקערונג אין פאַרש־מאָמענט. דאָ האָבן מיר שוין געמוזט אינגאַנצן אַרויסלאָזן די ניט־אידישע באַפעלקערונג, ווייל דאָס וואָלט געמאַכט די פאַרש־אַרבעט אַ סך קאָמפּליציר־טער. בעת בנוגע די פּראָגעס פון ערשטן טייל פאַרנעמען מיר זיך מיט „געשיכטע" און מיר מוזן שעפּן מאַטעריאַל מן המוכן, פון דאָקומענטן, נאָטיצן, טאָג־ביכער און פון שמועסן מיט לעבעדיקע מענטשן, וועלן מיר אין צווייטן טייל מוזן אַליין שאַפן מאַטעריאַל, דורכפירן ציילונגען. לײדער וועט עס דאָס מאָל ניט זיין זייער שווער, ווייל די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך שטאַרק פאַרקלענערט. אינם רוב קליינע און אַפילו מיטעלע שטעט וועלן מיר האָבן

צו טון מיט הונדערטער נפשות, און אין די גרעסערע פונקטן — מיט טויזנ־טער, און גאָר זעלטן — מיט צענדליקער טויזנטער. ס'איז זייער וואַרשיינ־לעך, אַז אין 90 פּראָצענט פּונקטן, אויב ניט אין נאָך מער, וועלן מיר האָבן צו טון מיט אַזעלכע קליינע צאָלן אידן, אַז ס'וועט זיין גאָר גרינג זיי פּשוט איבערצושרייבן און צו באַקומען אַבסאָלוט אויטענטישע דאַטעס וועגן זייערע יאָרן, זייער פיזישן צושטאַנד, זייערע פּראָפעסיעס, זייער בילדונגס־מדרגה, און אַזוי ווייטער.

מיר ווילן דאָ גאַנץ באַזונדערס באַטאָנען, אַז אַלע פראַגעס פון צווייטן טייל פון פּרעגבויגן נומער 2 זאָלן פאַרענטפערט ווערן נאָר דורך ציילונגען און ניט שאַצונגען אַפילו אין די גרעסערע פּונקטן, וואו מען וועט שוין מוזן אָרגאַניזירן אַ גרעסערע גרופּע ציילער, וועלכע זאָלן באַזוכן די אידן אין זייערע היימען. דער דאָזיקער טייל פון פרעגבויגן איז דאָך סוף־כל־סוף דער סאַמע וויכטיקסטער. דער דאָזיקער צווייטער טייל פון פרעגבויגן באַ־האַנדלט דאָך עלעמענטאַרע פּראַגעס, ווי דאָס געשלעכט און דעם עלטער־צושטאַנד, דעם געזונט־צושטאַנד, דעם קולטור־מצב און דאָס גלייכן.

דער וויכטיקסטער מקור פאַר מאַטעריאַל פאַר די פראַגעס, וואָס זיינען שייך צו דער מלחמה־צייט און טיילווייז אויך צו דער פאַר־מלחמה־צייט גופא, זיינען די שטאָט־ראַטן. די גרעסערע שטעט האָבן אומעטום אייגענע סטאַ־טיסטישע אַמטן, וועלכע פירן רעגיסטראַציעס וועגן דער נאַטירלעכער באַפעל־קערונג־באַוועגונג, וועגן דער מעכאַנישער באַפעלקערונג־באַוועגונג און וועגן פיל אַנדערע פראַגעס. ס'איז קלאָר, אַז ניט בנוגע אַלע פראַגעס און ניט בנוגע דער גאַנצער צייט, וועלכע אינטערעסירט אונז, וועלן מיר באַקומען אָפיציעלע דאַטעס. אָבער די סטאַטיסטישע אַמטן פון די שטאָט־ראַטן קאָ־נען געבן דעם מאַקסימום, אויף וואָס מיר קאָנען האָפן.

פאַר די יאָרן פון מאַסן־מאָרדן וועט געוויס ניט זיין קיין מאַטעריאַל אויך אין די שטאָט־ראַטן. פאַר די ערשטע יאָרן אָבער פון דער מלחמה וועלן מיר געוויס געפינען גאַנץ גוטן מאַטעריאַל וועגן די אידישע געבורטן, געשטאָרבענע, וועגן זעלבסטמאָרדן, ווי וועגן פיל אַנדערע פראַגעס.

שווער וועט זיין מיט די פּראָגעס וועגן דעפּאָרטאַציעס און עוואַקואַציעס. בנוגע די אַלע פּראָגעס וועט מען קיין מאַטעריאַל אין די שטאָט־ראַטן געוויס ניט געפינען. ס׳איז אָבער מעגלעך, אַז אין פיל פונקטן וועלן בלייבן די אַרכיוון פון די דייטשע אָדער קוויזלינגשע אַמטן, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט די דאָזיקע ענינים־עינויים. וועט דאָס געוויס זיין דער בעסטער מקור. אין פאַל, ווען דער דאָזיקער מקור וועט אויך פעלן, דאַן וועט זיך שוין פאָדערן די דערפינדערישקייט און ענערגיע פונעם פאָרשער ווי ס׳ניט איז אַרויסצובאַקומען שאַצונגען פון מענטשן, וועלכע האָבן אַליין דורכגעמאַכט די דעפּאָרטאַציעס אָדער די עוואַקואַציעס און זיינען על־פּי־נס לעבן־געבליבן און געפינען זיך גראָד אין געגעבענעם אָרט; אָדער פון מענטשן, וועלכע האָבן געלעבט די גאַנ־צע צייט אין דאָזיקן פונקט און האָבן זיך אינטערעסירט מיט דעם, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען מיט אידן און האָבן אָדער נאָטירט אָדער באַהאַלטן אין זכרון די בערך׳דיקע צאָלן פון די דעפּאָרטירטע אָדער עוואַקואירטע.

פון פיל לענדער איז געגאַנגען אַ לעגאַלע עמיגראַציע, אויף וויפיל זי איז דעמאָלט מעגלעך געווען, שוין בעת דער מלחמה, ווי למשל, פון רומעניע, פון אונגאַרן, פון עסטרייך און פון פיל אַנדערע לענדער — ס׳וועט דעריבער ניט זיין שווער פעסטצושטעלן די דאַטעס לויט אָפיציעלע קוועלן.

פאַרשטייט זיך, אַז וועגן פוילן וועלן מיר וועגן אַזעלכע פראַגעס קיין אָפי־ציעלע דאַטעס ניט פאַרמאָגן — פון פוילן איז אָבער קיין לעגאַלע אויסוואַנ־דערונג כמעט ווי ניט געווען פונעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה. פון דאָרטן איז געגאַנגען די גאַנצע צייט אַן אומלעגאַלער שטראָם אין פאַרשידענע ריכטונ־גען, און וועגן דער דאָזיקער דערשיינונג וועט מען זיך מוזן באַגניגענען מיט צופעליקע דאַטעס, וועלכע צופעליקע מענטשן וועלן קאָנען געבן.

בנוגע דעם פעקל פראַגעס, וואָס האָבן צו טון מיט די געזונטהייט־פּראָ־בלעמען, וועט מען מוזן אָנקומען צו דער הילף פון דאָקטוירים. וויל מען די דאָזיקע פראַגע ערנסט באַהאַנדלען — און דאָס מוז מען טון — וועט מען מוזן אין אַ געוויסער צאָל פונקטן דורכפירן גאָר אַ גרינטלעכע און אַן אַלגעמיינע אונטערזוכונג דורך אַ גרופּע דאָקטוירים, כדי צו באַקומען פאַרטרויענסווערטע

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

מאַטעריאַלן. אין קלענערע פונקטן, וואו מיר וועלן טרעפן אַ פּאָר הונדערט אידישע נפשות, וועט אַוודאי זיין ניט שווער דורכצופֿאָזן די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג דורך אַ מעדיציניִשע אונטערזוכונג. אין די גרעסערע שטעט וועט מען מוזן אַסיגנירן דעריף ספּעציעלע סומעס און מען וועט מוזן אַנשטעלן דאָקטוירים, וועלכע זאָלן ווידמען דער דאָזיקער אַרבעט ספּעציעלע צייט.

# IV

# פרעגבויגן נומער 3
# (שטעט און שטעטלעך — עקאָנאָמיק)

נאָמען פון שטאָט, שטעטל ..................................

קרייז .......................... דיסטריקט ..................

חודש און יאָר פון פאָרשונג ...............................

## א) אומבאַוועגלעכע גיטער:

1) די צאָל אידישע בנינים אין שטאָט פאַר דער מלחמה (פריוואַטע און קהל'שע):

א) הייזער ................

ב) קלייטן ................

ג) פאַבריקן ................

ד) וואַרשטאַטן ................

ה) אַנדערע ................

2) פעסטשטעלן דעם ווערט פאַר דער מלחמה (אויפן סמך פון די פאַר־זיכערונגען אָדער שטייער):

א) פון די הייזער ................

ב) פון די קלייטן ................

ג) פון די פאַבריקן ................

ד) פון די וואַרשטאַטן ................

ה) פון די אַנדערע ................

3) פעסטשטעלן די צאָל אַבסאָלוט גאַנץ־געבליבענע ביז איצט:

א) הייזער ................

ב) קלייטן ................

ג) פאַבריקן ................

ד) וואַרשטאַטן ................

ה) אַנדערע ................

4) פעסטשטעלן די צאָל אידישע געשעדיקטע אומבאַוועגלעכע גיטער, אָבער נאָך נוצבאַרע אין געגעבענעם מאָמענט:

א) הייזער .................
ב) קלייטן .................
ג) פאַבריקן .................
ד) וואַרשטאַטן .................
ה) אַנדערע .................

5) אין וועמענס רשות געפינען זיך אין געגעבענעם מאָמענט די גאַנץ־ און האַלב־נוצבאַרע אידישע אומבאַוועגלעכע גיטער פון פאַרשידענע קאַטע־גאָריעס:

א) אין קיינעמס רשות?
ב) איבערגענומען פון דער שטאַט־מאַכט?
ג) איבערגענומען פון דער צענטראַלער מאַכט?
ד) אין רשות פון אָרטיקע דייטשן מיט אָדער אָן פאָרמעלע רעכט?
ה) אין רשות פון אָרטיקע ניט־אידן (אָנגעבן די נאַציאָנאַליטעט) מיט אָדער אָן פאָרמעלע רעכט?
ו) אין רשות פון פריערדיקע אידישע אייגנטימער אָדער פון זייערע לעגיטימע יורשים?
ז) אין רשות פון נייע אידישע אייגנטימער מיט אָדער אָן פאָרמעלע רעכט?

6) וויפיל פון די פאַרשידענע קאַטעגאָריעס אומבאַוועגלעכע גיטער זיינען פאַרברענט אָדער פאַרניכטעט געוואָרן צוליב מלחמה־אינטערעסן?.....

7) וויפיל אידישע אומבאַוועגלעכע גיטער זיינען פון אידן אַליין „פאַר־קויפט" געוואָרן אין משך פון די מלחמה־יאָרן:

א) כדי מקדים צו זיין די גזירה פון קאָנפיסקאַציע .................
ב) ווייל זיי זיינען דערצו געצוואונגען געוואָרן .................

8) וויפיל פון די אידישע „פאַרקויפערס" אָדער זייערע לעגיטימע יורשים זיינען איצט פאַראַן אין שטאָט און זיינען גרייט צו מאָנען זייערע „פאַרקויפטע" גיטער?.................

9) וויפיל אידישע אומבאַוועגלעכע גיטער האָט די מאַכט פאַרקויפט אין די מלחמה־יאָרן פאַר ניט־איינגעצאָלטע שטייערן?..............

10) ווי גרויס קאָן געשאַצט ווערן דער שאָדן פון די אידן, וועלכע האָבן בשעת דער מלחמה „פאַרקויפט" זייערע אומבאַוועגלעכע גיטער און זיינען אין געגעבענעם מאָמענט ניט פאַראַן אויף צו מאָנען זייערע פאַרמעגנס? ......

11) פעסטשטעלן אויפן סמך פון די פאַר־מלחמה׳דיקע פאַרדינג־באַדינ־גונגען די פאַרלוסטן פון די אידישע אייגנטימער פון פאַרשידענע קאַטעגאָריעס אומבאַוועגלעכע גיטער פאַר די יאָרן פון קאָנפיסקאַציע, אַריאַניזאַציע, וכדומה.

12) אויב מעגלעך, פעסטשטעלן דעם סאָציאַלן באַשטאַנד און די פּאָלי־טישע סימפּאַטיעס פון יענע ניט־אידן, וועלכע האָבן אַליין פאַרנומען, „גע־קויפט", באַקומען געשענקט פון די אָקופּאַנטן אידישע אומבאַוועגלעכע גיטער, און וועלכע.

## ב) באַוועגלעכע גיטער:

13) אויף וויפיל ס׳איז מעגלעך, פעסטשטעלן דעם פאַרמעגן פון דער אידישער באַפעלקערונג פון געגעבענעם פּונקט אין באַוועגלעכע גיטער:

א) גאָלד־ און זילבער־חפצים.
ב) מזומן־געלט.
ג) דעפּאָזיטן אין די בענק.
ד) אַקציעס און אָבליגאַציעס.
ה) ווערטפולע קונסט־זאַכן.
ו) מעבל און אַנדערע שטוב־זאַכן.
ז) פאַרשידענע זאַכן.

## ג) האַנדל:

14) פעסטשטעלן אויפן סמך פון די האַנדלס־פּאַטענטן, וואו אַזעלכע זיינען איינגעפירט, אָדער אויפן סמך פון די שטייער־ליסטעס די צאָל אידישע קראָמען פאַר דער מלחמה:

א) הורט־קראָמען.
ב) מיטל־קראָמען.
ג) דעטאַיל־קראָמען.

15) פעסטשטעלן אויפן סמך פון די שטייער־ליסטעס אָדער אויף אַן אַנדער אופן דעם יאָרלעכן אומזאַץ פון יעדער קאַטעגאָריע קראָמען.

16) פעסטשטעלן דורך שמועסן מיט עקספּערטן און מיט קרעמער פון יעדער קאַטעגאָריע די רעלאַציע צווישן דעם יאָרלעכן אומזאַץ און דעם סחורה־פאַרמעגן.

17) פעסטשטעלן דורך שמועסן מיט עקספּערטן און מיט קרעמער פון יעדער קאַטעגאָריע דעם בערכ׳דיקן ווערט פונם אינווענטאַר אין אַ קראָם פון יעדער גרייס־קאַטעגאָריע.

18) זיינען געבליבן אין אידישע הענט וועלכע ניט איז קראָמען די גאַנצע צייט פון דער אָקופּאַציע אָדער פון דער הערשאַפט פון דער היטלער־סימפּאַטיזירנדיקער מאַכט?

19) אויב יאָ, אויפצייכן דעטאַליזירט יעדע קראָם, דעם נאָמען פון בעל־הבית, די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען דערצו.

20) וויפיל פון די אידישע קראָמען פון פאַר דער מלחמה פונקציאָנירן אין געגעבענעם מאָמענט:

א) הורט־קראָמען ................

ב) מיטל־קראָמען ................

ג) דעטאַיל־קראָמען ................

21) וויפיל פון די אידישע קראָמען פון פאַר דער מלחמה האָבן פונקציאָנירט די גאַנצע צייט פון דער מלחמה:

א) הורט־קראָמען ................

ב) מיטל־קראָמען ................

ג) דעטאַיל־קראָמען ................

22) אין וועמענס הענט געפינען זיך די איצט פונקציאָנירנדיקע אידישע קראָמען פון יעדער קאַטעגאָריע:

א) אין די הענט פון די פאַר־מלחמה׳דיקע אידישע בעלי־בתים אָדער זייערע יורשים?

ב) אויב יאָ, פון וועמען האָבן זיי זיי באַקומען און אין וואָסער צושטאַנד — מיט סחורה, אָן סחורה, מיט אָפּצאָל, אָן אָפּצאָל, ניי געעפנט.

ג) אין די הענט פון ניט־אידן:

1) פון דייטשן.

2) פון אָרטיקע ניט־אידן (נאַציאָנאַליטעט).

# יעקב לעשצינסקי

**23) אין וועמענס הענט האָבן זיך געפונען די אידישע קראָמען, וועלכע האָבן פונקציאָנירט אין די מלחמה־יאָרן:**

א) אין די הענט פון דייטשן:
1) פון אָרטיקע דייטשן.
2) פון צוגערייזטע דייטשן.

ב) אין די הענט פון אָרטיקע ניט־אידישע איינוואוינער (אָנגעבן די נאַציאָנאַליטעט):
1) אין די הענט פון ניט־אידן — הענדלער פון דער זעלבער בראַנזשע.
2) אין די הענט פון ניט־אידן פון אַנדערע קלאַסן, און פון וועלכע.

**24) ווי אַזוי האָבן די דייטשן באַקומען בשעת מלחמה די אידישע קראָמען:**

א) געקויפט פון דער הערשנדיקער מאַכט?
ב) באַקומען בתור מתנה פון דער מאַכט?
ג) „געקויפט" פון אידן?

**25) ווי אַזוי האָבן די אַנדערע ניט־אידן באַקומען די אידישע קראָמען פון דער מאַכט:**

א) געקויפט און האָבן פאָרמעלע רעכט?
ב) באַקומען געשענקט און פאַרוואָס?
ג) „געקויפט" פון די אידישע בעלי־בתים?

**26) וויפיל אידישע קראָמען זיינען געווען ביזן סוף מלחמה ליקווידירט פון די אָקופּאַנטן, און וועלכע?**

**27) פעסטשטעלן דורך שמועסן מיט פאָרטרעטער פון דער אָרטיקער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג:**

א) ווי ווייט ס'האָט געפעלט דער אידישער האַנדל־סעקטאָר אין די מלחמה־יאָרן?
ב) צי פעלט איצט דער אידישער האַנדל־סעקטאָר אין שטאָט?
ג) אויף וויפיל האָבן די ניט־אידישע עלעמענטן, וועלכע האָבן איבערגענומען די אידישע האַנדלס־פונקציעס, זיך אַרויסגעוויזן פעאיק און באַרופן אויסצופילן די דאָזיקע פונקציעס?
ד) אויף וויפיל די נייע עלעמענטן אין האַנדל האָבן זיך שוין איינגעוואָרצלט אין דעם דאָזיקן ווירטשאַפט־צווייג און וועלן שוין בלייבן שטענדיק קאָנקורענטן?

28) אויפקלערן די סיבות פון דער פאַרקלענערונג פון דעם דיסטריבו־ציע־אַפּאַראַט, אויב אַזאַ איז פעסטגעשטעלט:

א) אָרגאַנישע:

1) וואוקס פון דער אומזאַץ־סומע אויף איין האַנדל־איינס?
2) וואוקס פון דער נעץ פון קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון?
3) דירעקטערע פאַרבינדונג צווישן פּראָדוצענט און קאָנסומענט דורך דעם וואוקס פון פויערשע פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון?
4) אויפקויף דורך דעם שטאַטלעכן אַפּאַראַט פון לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן?

ב) צופעליקע און צייטווייליקע:

1) ירידה פון אומזאַץ צוליב דער מלחמה?
2) ירידה פון אומזאַץ דורך דער פאַרערמקייט פון דער באַפעלקערונג?

## ד) באַנק־וועזן:

29) וויפיל ריין־אידישע בענק זיינען געווען אין שטאַט פאַר דער מלחמה?

30) וויפיל האָט באַטראָפן זייער גרונט־קאַפּיטאַל?

31) וויפיל געמישטע בענק זיינען געווען אין שטאַט פאַר דער מלחמה און ווי גרויס איז געווען בערך דער אידישער קאַפּיטאַל־אַנטייל?

32) וויפיל פון די אידישע בענק זיינען ליקווידירט געוואָרן און וואָס איז געוואָרן מיט זייערע קאַפּיטאַלן?

33) וויפיל פון די געמישטע בענק זיינען ליקווידירט געוואָרן און וואָס איז געוואָרן מיט די קאַפּיטאַלן פון די שותפים?

34) וויפיל פון די אידישע בענק זיינען קאָנפיסקירט געוואָרן און אין וועמענס רשות זיינען זיי איבערגעגאַנגען:

א) אין רשות פון פּריוואַטע אָקופּאַנטישע הענט?
ב) אין פּריוואַטע אָרטיקע הענט פון אַלטע ניט־אידישע באַנקירן?
ג) אין פּריוואַטע אָרטיקע נייע ניט־באַנקירישע הענט?
ד) אין מלוכה־הענט?

(35 וויפיל פון די געמישטע בענק זיינען קאָנפיסקירט געוואָרן און אין וועמענס רשות זיינען זיי איבערגעגאַנגען:
א) אין רשות פון די ניט־אידישע שותפים?
ב) אין רשות פון פּריוואַטע הענט פון די אָקופּאַנטן?
ג) אין רשות פון דער מלוכה?
(36 ווער האָט גע׳ירש׳נט די אידישע קאַפּיטאַלן פון די קאָנפיסקירטע אידישע בענק:
א) די אָקופּאַציע־מאַכט?
ב) די אָרטיקע מאַכט?
ג) די נייע פּריוואַטע בעלי־בתים?
(37 ווער האָט גע׳ירש׳נט דעם אידישן קאַפּיטאַל פון די געמישטע בענק:
א) די אַלטע ניט־אידישע שותפים?
ב) די אָקופּאַציע־מאַכט?
ג) נייע ניט־אידישע שותפים?
(38 וועלכע אידישע בענק פונקציאָנירן אין געגעבענעם מאָמענט און אין וועמענס רשות געפינען זיי זיך?
(39 ווי גרויס זיינען געווען די דעפּאָזיטן אין אַלע אידישע בענק?
(40 פּרוּאוון פעסטשטעלן דעם בערכ׳דיקן פּראָצענט פון די אידישע דעפּאָזיטן אין דער אַלגעמיינער דעפּאָזיטן־סומע פון די אידישע און געמישטע בענק.
(41 וויפיל אידישע קאָאָפּעראַטיווע קאַסעס זיינען געווען אין שטאָט?
(42 ווי גרויס איז געווען דער אייגענער פאַרמעגן פון אַלע קאַסעס?
(43 ווי גרויס זיינען געווען די דעפּאָזיטן אין די קאַסעס?
(44 ווי גרויס זיינען געווען די חובות צו די קאַסעס?
(45 וואָס איז געוואָרן מיטן פאַרמעגן פון די קאַסעס?
(46 וויפיל גמילת־חסדים־קאַסעס זיינען געווען אין שטאָט?
(47 ווי גרויס איז געווען דער אייגענער פאַרמעגן פון די ג״ח־קאַסעס?
(48 ווי גרויס זיינען געווען די חובות צו די ג״ח־קאַסעס?
(49 ווי זיינען די קאַסעס ליקווידירט געוואָרן און וואָס איז געוואָרן מיט זייער פאַרמעגן?

## ה) אינדוסטריע:

50) וויפיל אידישע פאַבריקן זיינען געווען אין שטאָט פאַר דער מלחמה און פון וועלכע בראַנזשעס:

א) גרויסע (מיט מעכאַנישער קראַפט און ניט ווייניקער פון 20 אַרבעטער)?
ב) מיטעלע (מיט מעכאַנישער קראַפט, נאָר מיט ווייניקער פון 20 אַרבעטער)?
ג) קליינע (מיט ווייניקער פון 5 אַרבעטער)?

51) פעסטשטעלן אויפן סמך פון די דאַטעס פון די שטייער־אַמטן אָדער אַרבעט־אינספּעקציע דעם יאָרלעכן אומזאַץ פון יעדער קאַטעגאָריע פאַבריקן.

52) פעסטשטעלן די רעלאַציע צווישן דעם יאָרלעכן אומזאַץ און דעם פאַרמעגן פון רויע מאַטעריאַלן און סחורה־זאַפּאַסן אין יעדער קאַטעגאָריע פאַבריקן.

53) פעסטשטעלן דעם בערכ׳דיקן ווערט פונם אינווענטאַר אין אַ פאַ־בריק פון יעדער קאַטעגאָריע.

54) צי זיינען געבליבן אין אידישע הענט וועלכע ס׳ניט איז פאַבריקן די גאַנצע צייט פון דער אָקופּאַציע אָדער פון הערשאַפט פון אַ סימפּאַטיזירנ־דיקער מיטן היטלעריזם מאַכט?

55) אויב יאָ, אויפציילן דעטאַליזירט יעדע פאַבריק, דעם נאָמען פון בעל־הבית, די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען דערצו.

56) וויפיל פון די אידישע פאַבריקן פון פאַר דער מלחמה פונקציאָנירן אין געגעבענעם מאָמענט:

א) גרויסע און פון וועלכער בראַנזשע?
ב) מיטעלע און פון וועלכער בראַנזשע?
ג) קליינע און פון וועלכער בראַנזשע?

57) וויפיל פון די אידישע פאַבריקן האָבן פונקציאָנירט די גאַנצע צייט פון דער מלחמה:

א) גרויסע און פון וועלכער בראַנזשע?
ב) מיטעלע און פון וועלכער בראַנזשע?
ג) קליינע און פון וועלכער בראַנזשע?

## יעקב לעשצינסקי

58) אין וועמענס הענט געפינען זיך די איצט פונקציאָנירנדיקע אידישע פאַבריקן:

א) אין די הענט פון די פאַר־מלחמה׳דיקע אידישע בעלי־בתים?
ב) אויב יאָ, פון וועמען האָבן זיי זיי באַקומען און ווי אַזוי?
ג) אין וועלכן צושטאַנד האָבן זיי זיי באַקומען:
1) זיינען צוגעקומען נייע מאַשינען אָדער ניין?
2) זיינען די אַלטע מאַשינען געבליבן און זיינען נאָך גוט צו דער אַרבעט אָדער ניין?
3) וועלכע נייע מעטאָדעס פון אַרבעט האָט מען איינגעפירט?
ד) האָבן די אַלטע בעלי־בתים געמוזט באַצאָלן פאַר זייערע פאַבריקן און וועמען?

59) וויפיל אידישע פאַבריקן פון יעדער קאַטעגאָריע פון פאַר דער מלחמה געפינען זיך אין געגעבענעם מאָמענט אין ניט־אידישע הענט:

א) ביי דייטשן?
ב) ביי אַנדערע ניט־אידן (אָנרופן די נאַציאָנאַליטעט)?

60) אין וועמענס הענט האָבן זיך געפונען די אידישע פונקציאָנירנדיקע פאַבריקן די גאַנצע צייט פון דער מלחמה:

א) אין די הענט פון אָרטיקע דייטשן?
ב) אין די הענט פון צוגערייזטע דייטשן?
ג) אין די הענט פון אָרטיקע ניט־אידן פון דער זעלבער פאַבריקאַציע־בראַנזשע?
ד) אין די הענט פון אָרטיקע ניט־אידן פון אַנדערע קלאַסן און פון וועלכע?

61) ווי אַזוי האָבן די דייטשן באַקומען בשעת דער מלחמה די אידישע פאַבריקן:

א) געקויפט פון דער הערשנדיקער מאַכט און האָבן פאָרמעלע רעכט?
ב) באַקומען געשענקט פון דער מאַכט?
ג) „געקויפט” פון אידן?

62) ווי אַזוי האָבן די אַנדערע ניט־אידן באַקומען פון דער הערשנדיקער מאַכט די אידישע פאַבריקן:

א) „געקויפט” און באַקומען פאָרמעלע רעכט?
ב) באַקומען געשענקט פון דער מאַכט?
ג) „געקויפט” ביי אידן?

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

63) וויפיל אידישע פאַבריקן זיינען געווען ביזן סוף פון דער מלחמה ליקווידירט און וועלכע?

64) וואוהין האָט די דייטשע מאַכט אָדער די אָרטיקע היטלערישע רעגי־רונג איבערגעטראָגן די מאַשינען און אַנדערן אינווענטאַר פון די ליקווידירטע אידישע פאַבריקן:

א) אין אָרטיקע אידישע פאַבריקן?
ב) אין אָרטיקע ניט־אידישע פאַבריקן?
ג) אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד?

65) וויפיל אידישע פאַבריקן זיינען פאַרברענט אָדער פאַרניכטעט גע־וואָרן צוליב מלחמה־סיבות?

66) וויפיל אידישע פאַבריקן זיינען פאַרניכטעט געוואָרן פון די דייטשן אָן שום סיבה?

67) וויפיל שותפות'דיקע פאַבריקן פון אידן און ניט־אידן זיינען געווען אין שטאָט, פון וועלכע בראַנזשעס און פון וועלכע גרייס־קאַטעגאָריעס?

68) וואָס איז געוואָרן מיט די אידישע חלקים אין די שותפות'דיקע פאַבריקן:

א) די אידן זיינען געווען געצוואונגען צו „פאַרקויפן" צו די ניט־אידישע שותפים?
ב) די אידן האָבן „פאַרקויפט", כדי מקדים צו זיין די גזירה פון קאָנפיס־קאַציע?
ג) די שותפים האָבן פשוט צוגענומען?
ד) די שותפים האָבן באַקומען פון דער מאַכט די אידישע ירושה?
ה) די מאַכט האָט קאָנפיסקירט לטובתה?

69) איז די אינדוסטריע אין געגעבענעם פונקט פאַר די לעצטע 5 יאָר געוואַקסן אָדער געפאַלן?

70) אין וועלכע צווייגן איז די אָרטיקע אינדוסטריע געשטיגן און אין וועלכע איז זי געפאַלן?

71) אויפקלערן גענוי די סיבות פוןביידע דערשיינונגען און ציווירקן די זעלבע סיבות ווייטער?

72) איז די אָרטיקע אינדוסטריע בכלל ראַציאָנאַליזירט און קאָנצענ־טרירט געוואָרן אָדער פאַרקערט?

(73 באַשרייבן גענוי די קאָנצענטראַציע און ראַציאָנאַליזאַציע, אויב אַזעלכע זיינען פאָרגעקומען.

(74 צי פּראָדוצירן די צוגעקומענע פאַבריקן נאָר מיליטערישע זאַכן אָדער זיי קאָנען פּראָדוצירן אויך פאַר ציווילע נויטן?

(75 צי איז דער טעכנישער ניוואָ פון די קריסטלעכע אַרבעטער אין די מלחמה־יאָרן געשטיגן אָדער געפאַלן?

(76 ווי גרויס איז געווען די צאָל אידישע אַרבעטער אין די אַרטיקע פאַבריקן פאַר דער מלחמה:

א) אין די גרויסע פאַבריקן.
ב) אין די מיטעלע פאַבריקן.
ג) אין די קליינע פאַבריקן.

(77 ווי גרויס איז איצט די צאָל אידישע אַרבעטער אין שטאָט, וועלכע האָבן פאַר דער מלחמה געאַרבעט אין פאַבריקן?

(78 וואָסערע שאַנסן האָבן זיי צו באַקומען צוריק זייערע פלעצער?

(79 צי זיינען פאַראַן אין שטאָט אידישע טעכנישע אָדער אַפּיס־אַנגע־שטעלטע, וועלכע האָבן פאַר דער מלחמה געאַרבעט אין די אַרטיקע פאַבריקן, און ווי גרויס איז זייער צאָל?

(80 ווי גרויס זיינען די שאַנסן פון די דאָזיקע אַנגעשטעלטע צו באַ־קומען צוריק זייערע פאַר־מלחמה׳דיקע שטעלעס?

(81 ווי גרויס זיינען די שאַנסן פון נייע אידישע אַרבעטער צו באַקו־מען אַרבעט אין אינדוסטריע?

(82 ווי גרויס זיינען די שאַנסן פון נייע אידישע אַנגעשטעלטע צו באַ־קומען אַרבעט אין אינדוסטריע?

(83 ווי רעאַגירן די קריסטלעכע אַרבעטער אויף די פלענער אומצו־קערן די אידישע אַרבעטער אויף זייערע אַלטע פלעצער?

(84 ווי רעאַגירן די ניט־אידישע אַנגעשטעלטע אויף די פלענער אומ־צוקערן די אידישע אַנגעשטעלטע אויף זייערע אַלטע פלעצער?

(85 אויפקלערן דורך שמועסן מיט אַרטיקע אידן און ניט־אידן, אויף

וויפיל דער אַרויספאַל פון אידן פון דער אינדוסטריע האָט זיך געפילט און צי האָט די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע געליטן דערפון?

86) אויפקלערן דורך שמועסן מיט אָרטיקע אידן און ניט־אידן, אויף וויפיל די וויטערע אַנטוויקלונג פון דער אָרטיקער אינדוסטריע נייטיקט זיך אין אידישער ענערגיע, אין אידישער איניציאַטיוו, אָדער ניט?

87) ווי גרויס זיינען די שאַנסן פון אויפלעבן די קליין־אינדוסטריע, אין וועלכער ס'איז געווען פאַרנומען דער גרעסטער טייל אידישע אַרבעטער?

88) צי זיינען די אינדוסטריע־צווייגן, אין וועלכע ס'האָט פאַר דער מלחמה געהערשט די קליין־פּראָדוקציע, קאָנצענטרירט און ראַציאָנאַליזירט געוואָרן?

ו) האַנטווערק:

89) וויפיל אידישע האַנטווערקער זיינען געווען אין שטאָט פאַר דער מלחמה און פון וועלכע צווייגן (פעסטשטעלן דורך דער האַנטווערקער־קאַמער)?

90) וויפיל פון זיי און פון וועלכע צווייגן האָבן געאַרבעט די גאַנצע צייט פון דער מלחמה?

91) וויפיל פון די, וואָס האָבן געאַרבעט בשעת דער מלחמה, קאָנען איצט פאָרזעצן זייער אַרבעט אָן געזעלשאַפטלעכער הילף?

92) וויפיל אידישע בעלי־מלאָכות און פון וועלכע צווייגן זיינען איצט פאַראַן אין שטאָט, וועלכע זיינען געווען אָפּגעריסן פון זייער פאַך און זיינען פעאיק זיך אומצוקערן צו זייער פאַך־אַרבעט?

93) וויפיל אידישע האַנטווערק־אַרבעטער און אין וועלכע פאַכן זיינען געווען פאַר דער מלחמה?

94) וויפיל אידישע האַנטווערק־אַרבעטער זיינען איצט פאַראַן אין שטאָט, וועלכע זיינען פעאיק זיך אומצוקערן צו זייער פאַך־אַרבעט?

95) וויפיל אידישע האַנטווערק־אַרבעטער זיינען געווען בעת דער מלחמה פאַרנומען אין אַנדערע פאַך־צווייגן און זיינען איצט פעאיק אויפצונע־מען זייער נייעם פאַך?

96) האָט זיך אין שטאָט געפילט דער אַרויספאַל פון די אידישע בעלי־מלאָכות בעת דער מלחמה?

97) פילט זיך איצט דער חסר פון די אידישע בעלי־מלאָכות און אין וועלכע פאַכן?

98) איז געוואַקסן די צאָל ניט־אידישע בעלי־מלאָכות אין משך פון דער מלחמה און אין וועלכע פאַכן?

99) איז געוואַקסן אָדער געפאַלן דער טעכנישער ניוואָ ביי די ניט־אידישע בעלי־מלאָכות אין משך פון דער מלחמה?

100) האָבן די ניט־אידישע בעלי־מלאָכות זיך שטאַרק פאַרפעסטיקט אין די איבערגענומענע אידישע פּאָזיציעס פונם האַנטווערקערטום?

101) איז אין משך פון דער מלחמה געוואַקסן די צאָל פּראָפעסיאָנעלע שולן אין דער שטאָט אָדער געפאַלן?

ז) אַגריקולטור:

102) צי זיינען געווען אין שטאָט אָדער שטעטל אידישע לאַנדווירטן אָדער גערטנער און וויפיל?

103) וויפיל לאַנד האָבן זיי פאַרמאָגט?

104) וואוהין האָבן זיי פאַרקויפט זייערע פּראָדוקטן פאַר דער מלחמה און וואָסערע פּראָדוקטן זיינען דאָס געווען?

105) וויפיל אידישע לאַנדווירטן אָדער גערטנער זיינען געבליבן די גאַנצע צייט פון מלחמה אויף זייער באָדן?

106) צי זיינען די אידישע לאַנדווירטן אָדער גערטנער געבליבן לענגער אין אַ זיכערער לאַגע, ווי די איבעריקע אידישע באַפעלקערונג פון געגעבענעם פונקט?

107) צי זיינען אַלע אידישע לאַנדווירטן און גערטנער אין איין צייט פאַרטריבן געוואָרן פון זייער באָדן אָדער טיילווייז?

108) פון וועמען זיינען די אידישע לאַנדווירטן אָדער גערטנער פאַרטריבן געוואָרן פון זייער באָדן:

א) פון דער אָקופּאַציע־מאַכט?

ב) פון דער אַרטיקער מאַכט?
ג) פון די אַרטיקע פויערים?

109) וועמען איז פאַרטיילט געוואָרן דאָס אידישע לאַנד:
א) דייטשע קאָלאָניסטן?
ב) שכנ׳ישע פויערים?
ג) צוגעוואַנדערטע פויערים פון דער מערהייט־באַפעלקערונג?

110) וויפיל אידישע פויערים אָדער גערטנער זיינען איצט פאַראַן אין שטאָט?

111) האָבן די אידישע פויערים באַקומען צוריק זייער לאַנד?

112) האָבן יורשים פון די אומגעקומענע אידישע לאַנדווירטן געפּרואווט באַקומען דעם באָדן פון די אומגעקומענע און וואָס איז געווען דער רע־זולטאַט?

113) ווי פאַרהאַלט זיך די רעגירונג צום אומקער פון לאַנד צו די אידישע בעלי־בתים אָדער צו זייערע יורשים?

114) ווי רעאַגירט די ניט־אידישע פויערשע באַפעלקערונג אויף דעם צוריקקער פון אידישע לאַנדווירטן אָדער גערטנער?

115) זיינען פאַראַן מעגלעכקייטן צוצוקויפן לאַנד אין ראַיאָן און פאַר־גרעסערן דעם אידישן באַזיץ?

116) ווערט אין לאַנד דורכגעפירט אַן אַגראַר־רעפאָרם און ווי ווערן באַהאַנדלט די אידישע פויערים און גערטנער?

117) צי זיינען געווען אין געגעבענעם פונקט אָדער אינם נאָענטן ראַ־יאָן אידישע גרויסע און מיטעלע לאַנד־באַזיצער (מיט מער פון 50 העקטאַר לאַנד)?

118) וויפיל לאַנד האָבן זיי פאַרמאָגט?

119) האָט מען פון דער אָקופּאַציע־ אָדער אַרטיקער מאַכט קאָנפיסקירט דאָס אידישע לאַנד אָדער די פויערים האָבן עס פרייוויליק צעטיילט צווישן זיך?

120) האָט די רעגירונג גענומען דאָס לאַנד אין איר רשות?

121) האָט די רעגירונג דאָס צעטיילט צווישן די פויערים אָדער פאַר־פאַכטעט?

## יעקב לעשצינסקי

122) זיינען אויפן פּלאַץ פאַראַן פריערדיקע אידישע לאַנד־באַזיצער אָדער זייערע יורשים?

123) האָבן זיי געפּרואווט צוריקצובאַקומען זייער לאַנד, און ווי האָט מען רעאַגירט דערויף:

א) די מאַכט־אָרגאַנען?

ב) די פּויערים, וואָס האָבן באַזעצט דאָס לאַנד?

124) זיינען אין שטאָט פאַראַן אידישע עלעמענטן, וועלכע וואָלטן געוואָלט זיך באַזעצן אויף דעם לאַנד פון די אידישע לאַנד־באַזיצער, אויב די לעצטע זיינען ניטאָ מער און אויך קיין יורשים האָבן זיך ניט געמאָלדן?

125) זיינען געמאַכט געוואָרן פּרואוון אין דער דאָזיקער ריכטונג, און ווי איז געווען די רעאַקציע:

א) פון די מאַכט־אָרגאַנען?

ב) פון די פּויערים, וועלכע זיצן אויף די דאָזיקע לענדערייען?

ג) פון שכנ׳ישע פּויערים?

126) איז אין ראַיאָן בכלל פאַרגרעסערט געוואָרן דער שטח קולטיווירט לאַנד און אויף וויפיל?

127) ווער האָט דורכגעפירט די פאַרגרעסערונג פון קולטיווירטן לאַנד:

א) די אָקופּאַציע־מאַכט?

ב) די אָרטיקע מאַכט?

128) מיט וועמענס שווייס איז די פאַרגרעסערונג פונם קולטיווירטן לאַנד דורכגעפירט געוואָרן:

א) אויסשליסלעך מיט אידישער אַרבעט?

ב) טיילווייז מיט אידישער אַרבעט?

ג) גאָר אָן אידישער אַרבעט?

129) צי איז געוואַקסן די פּויערשע קאָאָפּעראַציע?

130) אויב יאָ, צי איז דער וואוקס נאָר אַן אויסערלעכער, אָן אָנגעבונדענער פון דער מאַכט אָדער ער איז אין פּראָצעס פון אַנטוויקלונג געוואָרן אָרגאַניש?

131) מערקט זיך אַן אָפּשטאַרבן פון די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס די אָקופּאַציע־מאַכט האָט אָנגעפלאַנצט פאַר אירע צילן, אָדער זיי ווערן פאַרפעסטיקט:

א) פון דער נייער פרייער מאַכט?

ב) פון דער פרייער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג?
ג) פון דער פויערשער זעלבסטטעטיקייט?

132) צי איז געווען אין דער מלחמה־צייט אַן אָפּשטראָם פון דער באַ־פעלקערונג פון שטאָט אין דאָרף?

133) אויב יאָ, ווי גרויס איז ער געווען און צי גייט ער איצט צוריק אין שטאָט אַריין?

## ח) ליבעראַלע פּראָפעסיעס:

134) וויפיל אידישע דאָקטוירים זיינען געווען אין שטאָט פאַר דער מלחמה?

135) וויפיל פון זיי זיינען די גאַנצע צייט געבליבן אין זעלבן אָרט און פּראַקטיצירט:

א) נאָר צווישן אידן?
ב) צווישן אידן און ניט־אידן?
ג) געדינט אין מיליטער פון די אָקופּאַנטן אָדער אין מיליטער פון די באַ־הערשטע פעלקער?

136) וויפיל אידישע דאָקטוירים זיינען איצט פאַראַן אין שטאָט?

137) וויפיל אידישע דאָקטוירים זיינען דערמאָרדעט געוואָרן דאָ אין שטאָט?

138) וויפיל אידישע דאָקטוירים האָבן פאַר דער מלחמה פאַרנומען עפנטלעכע שטעלעס און וואָסערע?

139) זיינען די זעלבע אָדער אַנדערע אידישע דאָקטוירים נאָך דער באַפרייאונג אָנגענומען געוואָרן אויף די אייגענע אָדער אַנדערע עפנטלעכע שטעלעס?

140) וויפיל אידישע אַדוואָקאַטן זיינען געווען פאַר דער מלחמה אין שטאָט?

141) וויפיל אידישע אַדוואָקאַטן זיינען איצט פאַראַן אין שטאָט?

142) וויפיל אידישע אַדוואָקאַטן זיינען דערמאָרדעט געוואָרן דאָ אין שטאָט?

143) ווי גרויס זיינען די שאַנסן פון די אידישע אַדוואָקאַטן צוריקצו־באַקומען זייער פּראַקטיק?

144) וויפיל אידישע ריכטער זיינען געווען אין שטאָט און וויפיל זיינען איצט פאַראַן?

145) וויפיל אידישע פּראָקוראָרן זיינען געווען אין שטאָט און וויפיל זיינען איצט פאַראַן?

146) וויפיל אידישע באַטאָרן זיינען געווען אין שטאָט און וויפיל זיינען איצט פאַראַן?

147) וויפיל אידישע שטאָטלעכע און שטאָטישע באַאַמטע זיינען געווען אין שטאָט און פון וועלכע קאַטעגאָריעס און מדרגות?

148) וויפיל פון די לעצטע פיר קאַטעגאָריעס זיינען לעבן־געבליבן און צי געפינען זיי זיך אין שטאָט?

149) אויב יאָ, צי האָבן זיי צוריקבאַקומען זייערע שטעלעס?

150) וויפיל אידישע לערער זיינען געווען פאַר דער מלחמה אין שטאָט:

א) אין עפנטלעכע אַלגעמיינע שולן?

ב) אין אידישע געזעלשאַפטלעכע שולן?

ג) אין פּריוואַטע שולן?

151) וויפיל פון זיי זיינען לעבן־געבליבן און געפינען זיך אין שטאָט?

152) וויפיל פון זיי האָבן ווידער באַקומען אַרבעט:

א) אין עפנטלעכע שולן?

ב) אין אידישע געזעלשאַפטלעכע שולן?

153) וויפיל רבנים זיינען געווען אין שטאָט און וויפיל זיינען איצט פאַראַן?

154) איז באַקאַנט דער גורל פון אַלע פעלנדיקע רבנים?

155) אויב יאָ, אויסרעכענען אויספירלעך.

# אינסטרוקציעס צום פרעגבויגן נומער 3
# (עקאָנאָמיק)

דער דאָזיקער פרעגבויגן, וועלכער פאַרמאָגט 155 פראַגעס, און מיט די סוב־פראַגעס — העכער 300, איז דער גרעסטער און אויך דער וויכטיקסטער. ער באַשטייט פון דריי גרויסע אָפּטיילן, וועלכע נעמען אַרום אַלע זייטן פון אידישן עקאָנאָמישן לעבן און פונם פאַרמעגן פון דער אידישער באַפעלקערונג.

דריי גרונט־פראַגעס ווערן באַהאַנדלט אין יעדן אָפּטייל: 1) דאָס אידישע פאַרמעגן און די אידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פאַר דער מלחמה; 2) די אַנטוויקלונג אין די יאָרן פון דער מלחמה און די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין משך פון די דאָזיקע יאָרן אין זין פון שינויים אין די אָביעקטיווע באַדינגונגען פונם עקאָנאָמישן אַרום און אינם זין פון איבערגאַנג פון די אידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אין ניט־אידישע הענט; 3) די סאָציאַל־פּראָפעסיאָנעלע פיזיאָנאָמיע פון דער צאָל אידן, וואָס געפינען זיך אין געגעבענעם מאָמענט אינם געפאָרשטן פונקט, זייערע שאַנסן אויף זיך איינגלידערן צוריק אין זייערע אַלטע פּראָפעסיעס און פּאָזיציעס אָדער זיך צופּאַסן צו נייע באַשעפטיקונגען.

ביים פאָרמולירן די פראַגעס האָבן מיר זיך געשטעלט פאַר אַ ציל וואָס מער אויסצומיידן סוביעקטיווע מאָמענטן און וואָס מער צו שטרעבן צו אָביעקטיווע דאַטעס אָדער כאָטש אָביעקטיווע שאַצונגען.

ביי די דאַטעס וועגן די אידישע אומבאַוועגלעכע גיטער האָבן מיר אומעטום אָנגעוויזן, אַז מען זאָל שעפּן מאַטעריאַל פון אָפיציעלע קוועלן — פון די פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן, פון די שטייער־אַמטן, פון די קאָמערץ־, אינדוסטריע־ און האַנטווערק־קאַמערן. דאָרטן וואו מיר מוזן אָנקומען צו שאַצונגען, ווי למשל, וועגן די אינווענטאַרן אין די קראָמען און פאַבריקן, וועגן די סחורה־זאַפּאַסן אין די קראָמען און פאַבריקן וכדומה, האָבן מיר זיך

געשטעלט אויפֿן שטאַנדפּונקט, אַז די דורכשניטן פֿאַר פֿאַרשידענע קאַטעגאָריעס אונטערנעמונגען פֿון האַנדל און פֿאַבריקאַציע וועלן אין רעזולטאַט געבן אַ פֿיל מער קרוב־לאמת׳דיקן מאַטעריאַל, ווי דאַטעס, געזאַמלטע פֿון פֿאַראינטערעסירטע פּערזאָנען.

ס׳ליגט אין דער נאַטור פֿון די גרונט־פּראָבלעמען פֿון בויגן נומער 3, אַז וואָס מער מיר קומען צו צו דער געגנוואַרט, אַלץ מער דערווייטערן מיר זיך פֿון די געביטן, וועגן וועלכע מיר קאָנען באַקומען אָביעקטיוון ציפֿער־מאַטעריאַל און מיר דערנענטערן זיך אַלץ מער צו געביטן, ביי וועלכע דער סוביעקטיווער מאָמענט און די פֿעאיקייטן פֿונם פֿאָרשער אָפּצושאַצן ריכטיק די סיטואַציעס און מיינונגען וועלן שפּילן אַ גרעסערע ראָלע.

וועגן דעם אידישן אַנטייל אין דעם אָרומיקן עקאָנאָמישן לעבן פֿאַרמאָגן מיר אינם רוב אייראָפּעאישע לענדער אָפֿיציעלע דאַטעס. וואָס עס פֿעלט אין די סטאַטיסטיקס פֿון די פֿאָלק־ציילונגען, דאָס קאָן מען ממלא זיין פֿון די מאַטעריאַלן, וועלכע געפֿינען זיך אין די פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. לויט די רשימות פֿון די דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן, למשל, איז גרינג פֿעסטצושטעלן דעם פּראָצענט אידן אין די דאָזיקע פּראָפֿעסיעס. לויט די דאַטעס פֿון די קאָמערץ־, אינדוסטריע־ און האַנטווערק־קאַמערן קאָן מען ווידער פֿעסטשטעלן די ראָלע פֿון אידן אין די דאָזיקע ווירטשאַפֿט־צווייגן. אינם רוב לענדער זיינען אויך פֿאַראַן אָרגאַניזאַציעס פֿון אינזשעניערן, כעמיקער, שוישפּילער און אַזוי ווייטער. די דאַטעס פֿון די איינצלנע פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס וועלן באַזונדערס גוט צונוצקומען אין די לענדער, וואו ביי די פֿאָלק־ציילונגען ווערט ניט אויפֿגענומען די רעליגיע־ און פֿאָלק־צוגעהעריקייט.

די דאַטעס פֿון די איינצלנע פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס זיינען אָבער אויך זייער וויכטיק אין די לענדער, פֿאַר וועלכע מיר האָבן גענויע דאַטעס וועגן דער פּראָפֿעסיאָנעלער און סאָציאַלער גלידערונג פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג. מיר האָבן שוין פֿריער אָנגעוויזן, אַז דער אַנטייל פֿון אידן אין אָרומיקן עקאָנאָמישן לעבן קאָן ניט נאָר געציילט ווערן — ער דאַרף אויך געוואויגן ווערן. די דאַטעס וועגן איינצלנע פּראָפֿעסיעס, באַזונדערס לויט

# די אידישע קאטאסטראפע

די רשימות פון די פראפעסיאנעלע ארגאניזאציעס, זיינען מער אינדיווידועל און מער קאנקרעט ווי די דאטעס פון די פאלק־ציילונגען. די באאמטע פון די פראפעסיאנעלע ארגאניזאציעס קאנען געבן זייער וויכטיקע ידיעות בנוגע דער וואג אין דער פראפעסיע פון איינצלנע מיטגלידער אדער פון באזונדערע פאלק־גרופעס.

וועגן דער ערשטער גרופע פראגעס — די פאר־מלחמה־לאגע — וועלן מיר זיין אנגעוויזן כמעט איינגאנצן אויף די מאטעריאלן, וועלכע מיר וועלן זאמלען אויף די ערטער, ווייל אין צענטער וועלן מיר, ווארשיינלעך, ניט האבן קיין שום ידיעות וועגן דער צאל פארשידענע קאטעגאריעס בעלי־בתים, וואס אידן האבן פארמאגט אין לאנד, אדער אפילו וועגן דער צאל פאבריקן, וועלכע אידן האבן פארמאגט, ווייל די פאלק־ציילונגען גיבן דאך ניט קיין איינצלנע אונטערנעמונגען, נאר פערזאנען. דאטעס וועגן דעם אנטייל פון אידן אין גרעסערע און קלענערע אונטערנעמונגען קאן מען אוודאי ניט באקומען פון די פאלק־ציילונגען, חוץ פוילן, וואו ביי דער לעצטער פאלק־ציילונג איז די דאזיקע פראגע אויפגענומען און באארבעט געווארן אין קאמבינאציע מיט רעליגיע.

בנוגע דער גרופע פראגעס פון דער צווייטער קאטעגאריע — די אנטוויקלונג אין די יארן פון דער מלחמה און דער איבערגאנג פון די אידישע עקאנאמישע פאזיציעס אין ניט־אידישע הענט — איז שוין די לאגע א גאנץ אנדערע. וועגן דעם ערשטן טייל פון דער דאזיקער גרופע פראגעס — וועגן די ענדערונגען אין לאנד בכלל — וועלן מיר געוויס באקומען די ווערטפולסטע מאטעריאלן אין צענטער. זיי זיינען אבער פאר אונזערע צילן ניט גענוג. ערשטנס, ווייל זיי וועלן זיין צו אבסטראקט און וועלן אונז ווייניק באלערן וועגן די קאנקרעטע לאגעס, וועלכע האבן זיך געשאפן אויף די ערטער, אין באזונדערע ראיאנען, אין באזונדערע וויכטיקע אינדוסטריע־פונקטן. שנית, און דאס איז נאך פיל וויכטיקער, ביי אונז איז די פראגע וועגן דער עקאנאמישער אנטוויקלונג פונם לאנד אין די מלחמה־יארן און די ענדערונגען, וואס זיינען פארגעקומען אין צוזאמענהאנג מיט דער דאזיקער אנטוויקלונג, פארבונדן מיט דער פראגע וועגן דעם איבערגאנג פון די אידישע פאזיציעס אין

ניט־אידישע הענט. די לעצטע פראבלעם קאן דער עיקר שטודירט ווערן אויף די ערטער, וואו מיר קאנען באקומען א קאנקרעט בילד, ווער די יורשים פון די אידן זיינען, ווי ווייט גייען זייערע פעאיקייטן אויף איבערנעמען די אידישע פונקציעס ניט צייטווייליק און בשעת הדחק, נאר סטאביל און אויף תמיד. אין דעם ציקל פראגעס פון דאזיקן אפטייל גייען אויך אריין די וויכטיקע פראבלעמען, ווי רעאגירן די ניט־אידישע יורשים פון די אידישע עקאנאמישע פאזיציעס אויף דעם צוריקקער פון אידן — ס'איז געוויס וויכטיק די אביעקטיווע לאגע, וועלכע שאפט א נויט אין אידישע פונקציעס אין האנדל און אינדוסטריע אדער פארקערט, אבער מיר האבן שוין געזען, אז ניט ווייניקער וויכטיק איז אויך די באציאונג פון די אנטשפרעכנדיקע קלאסן צום אידישן קאנקורענט.

קלאר, אז דא טרעטן מיר שוין אריין אין א געביט, וואו אביעקטיווער מאטעריאל איז אוממעגלעך. מיר וועלן ניט קאנען מאכן קיין אנקעטעס ביי ניט־אידן, כדי אויפצוקלערן, ווי די קריסטלעכע קרעמער פארהאלטן זיך צום צוריקקער פון די אידישע קרעמער, צי ווי פארהאלט זיך דאס פויערטום צום צוריקקער פון אידן אלס תבואה־אויפקויפער און אזוי ווייטער. מיר וועלן דא מוזן זיך באגניגענען מיט שמועסן מיט פראפעסיאנעלע גרופעס, אידישע ווי ניט־אידישע, און אויף דעם סמך בויען אונזערע אויספירן. זעלבסטפארשטענדלעך, אז די פארשער וועלן דא דארפן זיין זייער פארזיכטיק און פיל מאל אפוועגן, איידער זיי וועלן פארמולירן זייערע אויספירן.

אבער אויך בנוגע די נאר־וואס אנגערירטע דעליקאטע פראגעס וועט מען מוזן פאררעגעסטרירן יעדע אביעקטיווע אויסערונג פון באציאונג — אפגערעדט פון קלארע סימנים פון אומצופרידנקייט, ווי אנפאלן אויף נייגעעפנטע אידישע קראמען אדער אנדערע קאנקרעטע נעגאטיווע פארמען פון אויסערונגען מצד די ניט־אידישע טיילן פון די אנטשפרעכנדיקע קלאסן, מוז מען זיך גוט צוהערן צו דער מיינונג פון דער ארטיקער פרעסע, צו די מיינונגען, ארויסגעזאגטע פון פארשידענע פראפעסיאנעלע גרופעס אויף פארזאמלונגען.

די דריטע גרופע פראגעס — די סאציאל־פראפעסיאנעלע פיזיאנאמיע

פון די פּאַראַנענע אין שטאָט אידן און זייערע שאַנסן אויף איינצוואָרדענען זיך אין זייערע פריערדיקע פּאָזיציעס אָדער אין נייע פאַכן אוןווירטשאַפט־צווייגן — באַשטייט אויך, ווי די גאָר־וואָס באַהאַנדלטע גרופּע פראַגעס, פון אַ טייל, וואו מיר קאָנען בויען אויף אָביעקטיווע דאַטעס, און אַ צווייטער טייל, וואו מיר וועלן האָבן צו טון מיט מענטשלעכע ווילנס און השגות, מיט סוביעקטיווע מאָמענטן, אַלזאָ.

פעסטשטעלן די סאָציאַל־פּראָפעסיאָנעלע פיזיאָנאָמיע פון דער פּאַראַנע־נער אידישער באַפעלקערונג וועלן מיר מוזן דורך פולע ציילונגען פון די איינצלנע אידן. פאַר דעם דאָזיקן ציל וועט מען אין באַזונדערע לענדער דאַרפן צוגרייטן באַזונדערע עקסטרא־פרעגבויגנס, צוגעפּאַסט צו דער פאַר־מלחמה׳דיקער פּראָפעסיאָנעלער גלידערונג פון די אידן פון געגעבענעם לאַנד. ס׳איז איבעריק, למשל, צו קומען צו אידן פון בעלגיע מיט אַ פרעג־בויגן, וואָס פאַרמאָגט אַ סך פונקטן וועגן לאַנדווירטן און גערטנער, ווי ס׳איז אוממעגלעך צו קומען צו פּוילישע אידן מיט אַ פרעגבויגן, וואָס זאָל אַנט־האַלטן אַ סך קאָנקרעטע פראַגעס וועגן דיאַמאַנטן־שלייפעריי. ערשט אויפן סמך פון אַזעלכע דעטאַליזירטע און צוגעפּאַסטע צו די אידנשאַפטן פון באַזונ־דערע לענדער פאָרשונגען וועט מען קאָנען פאַרפילן דעם בויגן, וואָס מיר באַהאַנדלען איצט.

דאָס אַלץ רעדט זיך, פאַרשטייט זיך, נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל געוויסע טיילן פונם אייראָפּעאישן אידנטום וועלן בכלל שטרעבן צו בלייבן ווייטער אין אייראָפּע, אָדער אויף וויפיל זיי וועלן זיין געצוואונגען דאָס צו טון.

בנוגע דעם דאָזיקן טייל פונם פרעגבויגן — די סאָציאַל־פּראָפעסיאָנעלע פיזיאָנאָמיע פון דער פּאַראַנענער אידישער באַפעלקערונג — איז כדאַי צו ווענדן די אויפמערקזאַמקייט אויף דעם פונקט, וואָס רירט אָן די פראַגע וועגן געביטענע פאַכן אין דער צייט פון דער מלחמה. מיר ווייסן, אַז מערסטנטייל האָבן די דייטשן קוואַליפיצירטע אידישע אַרבעטער געשטעלט צו פּשוט׳ער שוואַרץ־אַרבעט. ס׳איז אָבער מעגלעך, אַז ס׳זיינען אויך געווען פאַרקערטע פאַלן — ווען דייטשן האָבן דעקלאַסירטע אידן, געוועזענע קרעמערלעך,

מאַרק־מענטשן, כלי־קודש, געשטעלט צו געוויסע אַרבעטן, וועלכע קאָנען ווערן אַ פאַך. אין פוילן, למשל, זיינען פאַר דער מלחמה גאָרניט געווען קיין אידישע מינען־אַרבעטער — נאָך דער מלחמה וועלן מיר אפשר האָבן צענדליקער טויזנטער מינען־אַרבעטער.

אונזער בויגן אַנטהאַלט ווייניק פראַגעס בנוגע די מעגלעכקייטן אָדער די וואונטשן פון די פּאַראַנענע אידן אין געגעבענעם פּונקט, ווי זיך איינצוּאָרדענען — דאָס מוז ווערן די אויפגאַבע פון די געזעלשאַפטן, וועלכע וועלן זיך פאַרנעמען מיט עקאָנאָמישער רעקאָנסטרוקציע. מיר האָבן די דאָזיקע טעמעס אָנגערירט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זיי מאַכן קלאָרער די סאָציאַל־פּראָפעסיאָנעלע סטרוקטור פון דער פּאַראַנענער אידישער באַפעלקערונג.

V

# פרעגבויגן נומער 4
# (שטעט און שטעטלעך —
# רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס)

נאָמען פון שטאָט, שטעטל ..................................

קרייז ..................... דיסטריקט ..................

חודש און יאָר פון פאָרשונג ...............................

## א) קהילות:

1) צי איז געווען אין שטאָט פאַר דער מלחמה אַן עפנטלעך־אַנערקענטע קהילה?

2) אויב ניט, וואָס פאַר אַן ערזאַץ האָט עקזיסטירט?

3) ווי גרויס איז געווען די צאָל אידן, וועלכע זיינען געשטאַנען אויסער די ראַמען פון דער קהילה (קאָנפעסיאָנלאָזע, אָפּן אַרויסגעטראָטענע פון דער קהילה).

4) ברענגען דעם בודזשעט פון דער קהילה פאַר די יאָרן:

| | 1937 | 1938 | 1939 |
|---|---|---|---|
| א) הכנסות: | | | |
| 1) פון שטייערן | | | |
| 2) פון פאַרמעגן־הייזער, פאָנדן, אַנד. | | | |
| 3) פון חברה־קדישא | | | |
| 4) פון שחיטה | | | |
| 5)פאַרשידענע | | | |
| ב) הוצאות: | | | |
| 1) אויף רעליגיעזע הצטרכות׳ן | | | |
| 2) אויף בילדונג־אינסטיטוציעס | | | |
| 3) מעדיצינישע אַנשטאַלטן | | | |
| 4) אַדמיניסטראַציע־אויסגאַבעס | | | |
| 5) פאַרשידענע הוצאות | | | |

5) פעסטשטעלן בערך דאָס פאַרמעגן פון דער קהילה:
א) אייגענע בנינים: וואוינהייזער, קלייטן צו פאַרדינגען, שפּיטאָלן, שול־בנינים, סינאַגאָגעס, מרחצים, אַנדערע.
ב) ביבליאָטעקן, אַרכיוון, מוזייען, אַנדערע.
ג) ווערט־פּאַפּירן און אַנדערע.

6) וואָס איז דער ווערט פון די בנינים, וועלכע זיינען פאַרניכטעט געוואָרן?

7) צי איז די קהילה ליקווידירט געוואָרן און ווען?

8) צי איז באַשאַפן געוואָרן אַ אידישער ראַט און ווען?

9) צי האָט דער ראַט פאַרביטן די קהילה און איבערגענומען אירע פונקציעס אָדער ער איז געשאַפן געוואָרן ניט אָפּהענגיק פון דער ליקווידאַציע פון דער קהילה?

10) אויב די קהילה האָט נאָך פונקציאָנירט בעת דער אָקופּאַציע, אָנגעבן צי אינם אַלטן באַשטאַנד אָדער געענדערטן און ווי אַזוי?

11) אויב ס'איז געווען אַ אידישער ראַט אין שטאָט, אויסרעכענען זיינע מיטגלידער מיט די נעמען, מיט גענויע דאַטעס וועגן זייערע פּראָפעסיעס, פּאַרטיי־צוגעהעריקייט, בילדונג־מצב וכדומה.

12) ווער האָט באַשטימט די מיטגלידער פונם ראַט:
א) די אָקופּאַציע־מאַכט אַליין?
ב) נאָך אַ באַראַטונג מיט אידישע פאַרטרעטער און מיט וועלכע?

13) אויסרעכענען גענוי די פונקציעס פונם אידישן ראַט, זיינע בורדזשעטן, זיין טעטיקייט־פאַרנעם, די מקורים פון זיינע מיטלען, די באַאַמטע, זייער צאָל, זייערע פונקציעס.

14) איז געווען אין שטאָט אַ אידישער קאָמיסאַריאַט?

15) אויב יאָ, אָנרופן די נעמען פון אַלע זיינע באַאַמטע, באַשרייבן די טעטיקייט פון יעדן באַזונדער, כאַראַקטעריזירן די באַציאונג צו אידן פון יעדן, באַשרייבן אויספירלעך די פונקציעס פאַר דער גאַנצער צייט פון דער אָקופּאַציע.

16) צי איז מעגלעך אויפצולעבן די אַלטע קהילה אָדער גרינדן אַ נייע

אויפן סמך פון אַ נייעם געזעץ און צי איז פאַראַן אַ געזעצלעכע קאָנטינואיטעט צווישן דער אַלטער און נייער קהילה?

17) צי זיינען געמאַכט געוואָרן קאָנקרעטע פּרואוון צו אָרגאַניזירן אַ נייע קהילה און וואָס איז דערגרייכט געוואָרן אין דעם פּרט?

## ב) רעליגיעזע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן:

18) וויפיל סינאַגאָגעס און בתי־מדרשים זיינען געווען אין שטאָט:

א) אייגנטום פון דער קהילה.

ב) פון פּריוואַטע חברות אָדער פּערזאָנען.

19) וויפיל פון זיי:

א) געמויערטע.

ב) הילצערנע.

20) וויפיל זיץ־פּלעצער זיינען געווען בערך אין אַלע בתי־תפילות?

21) וויפיל בתי־תפילות פונקציאָנירן אין געגעבענעם מאָמענט?

22) וויפיל און וועלכע (געמויערטע, הילצערנע) בתי־תפילות זיינען פאַרניכטעט געוואָרן צוליב אַלגעמיינע מלחמה־סיבות?

23) וויפיל פון די בתי־תפילות זיינען פאַרניכטעט געוואָרן:

א) פון די דייטשן? פון אַנדערע אָקופּאַנטן?

ב) פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג? (אָנרופן די נאַציאָנאַליטעט.)

24) זיינען בתי־תפילות געשענדעט געוואָרן:

א) פון די דייטשן? פון אַנדערע אָקופּאַנטן?

ב) פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג (נאַציאָנאַליטעט)?

25) זיינען בתי־תפילות געברויכט געוואָרן פאַר פּראָפאַנע צילן און פאַר וועלכע:

א) פון די דייטשן? פון אַנדערע אָקופּאַנטן?

ב) פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג (נאַציאָנאַליטעט)?

26) זיינען געווען וועלכע ניט איז רעאַקציעס קעגן די שענדונגען פון תפילה־הייזער:

א) מצד דייטשן? מצד אַנדערע אָקופּאַנטן? פון וועלכע?

ב) מצד אָרטיקע עלעמענטן (נאַציאָנאַליטעט)? פון וועלכע?

27) וויפיל און וועלכע בתי־תפילות זיינען געבליבן גאַנץ?

28) פעסטשטעלן דעם בערכ׳דיקן ווערט פון שאָדן פון די פאַרניכ־טעטע און געשעדיקטע געבעט־הייזער.

29) וויפיל ספרי־תורות זיינען געווען בערך אין אלע בתי־תפילות?

30) וויפיל ספרי־תורות זיינען פאַרברענט געוואָרן אַן דער שולד פון מענטשן?

31) וויפיל ספרי־תורות זיינען פאַרברענט געוואָרן דורך מענטשן:

א) דורך דייטשן? אַנדערע אָקופּאַנטן?

ב) דורך אָרטיקע עלעמענטן (נאַציאָנאַליטעט)?

32) זיינען געווען שענדונגען פון ספרי־תורות:

א) פון דייטשן? אַנדערע אָקופּאַנטן?

ב) פון אָרטיקער באַפעלקערונג (נאַציאָנאַליטעט)?

33) זיינען געווען רעאַקציעס קעגן די שענדונגען פון די ספרי־תורות:

א) מצד דייטשן און אַנדערע אָקופּאַנטן און פון וועלכע עלעמענטן (מיליטער־לייט, גייסטלעכע, אַנדערע)?

ב) מצד אָרטיקע (נאַציאָנאַליטעט) און פון וועלכע (מיליטער־לייט, גייסטלעכע, אַנדערע)?

34) זיינען געווען פאַלן פון אידישער מסירת־נפש ביים ראַטעווען ספרי־תורות? (באַשרייבן גענוי יעדן פאַל.)

35) פעסטשטעלן דעם בערכ׳דיקן ווערט פון די פאַרניכטעטע ספרי־תורות.

36) זיינען געווען טייערע חפצים אין די סינאַגאָגעס און בתי־מדרשים (מנורות, לאָמפּן, פּרוכת׳ן)?

37) וואָס איז געוואָרן מיט די טייערע חפצים:

א) פאַרניכטעט?

ב) פאַרשלעפּט קיין דייטשלאַנד? אין אַנדערע אַקס־לענדער?

ג) צוגענומען פון אָרטיקע ניט־אידן (נאַציאָנאַליטעט)?

ד) געבליבן אין אידישע הענט?

38) פעסטשטעלן דעם בערכ׳דיקן ווערט פון די פעלנדיקע חפצים.

39) קאָן מען אַרויסבאַקומען וועלכע ניט איז חפצים:

א) דורך דירעקטער הילף פון דער מאַכט?

ב) דורכן געריכט?
ג) דורך אויסקויף?

## ג) בילדונגס־אינסטיטוציעס פאַר דער מלחמה:

40) וויפיל אידישע געזעלשאַפטלעכע און קהילה־שולן זיינען געווען אין שטאָט:

א) פאָלק־שולן?
ב) מיטל־שולן?
ג) פּראָפעסיאָנעלע שולן?
ד) אַנדערע לערן־אַנשטאַלטן?

41) זיינען געווען ישיבות אין שטאָט און וויפיל?

42) צי זיינען געווען מאָדערנע אינסטיטוציעס פאַר אידישע וויסנ־שאַפטן?

43) זיינען געווען תלמוד־תורות אין שטאָט און וויפיל?

44) זיינען געווען אין שטאָט ספּעציעלע בילדונגס־אינסטיטוציעס פאַר יתומים און יתומות?

45) זיינען געווען ספּעציעלע אידישע בילדונגס־אינסטיטוציעס פאַר טויב־שטומע?

46) זיינען געווען ספּעציעלע אידישע בילדונגס־אינסטיטוציעס פאַר דעפעקטיווע קינדער?

47) וויפיל קינדער האָבן זיך געלערנט אין יעדער קאַטעגאָריע שולן?

48) וויפיל און וועלכע פון די אויסגערעכנטע טיפּן שולן האָבן געהאַט אייגענע געביידעס:

א) געמויערטע?
ב) הילצערנע?

49) וויפיל בנינים אייגענע, חוץ די וואָס געהערן צו דער קהילה, פון אַלע טיפּן שולן זיינען פאַרניכטעט געוואָרן און ווי אַזוי:

א) דורך די דייטשן? דורך אַנדערע אָקופּאַנטן?
ב) דורך אָרטיקע עלעמענטן (נאַציאָנאַליטעט)?

50) פעסטשטעלן דעם ווערט פון אַלע פאַרניכטעטע טיפּן בנינים, חוץ יענע, וועלכע געהערן צו דער קהילה.

## יעקב לעשצינסקי

(51 וויפיל שול־בנינים זיינען צוגענומען געוואָרן פאַר ניט־אידישע צוועקן און פאַר וועלכע?

(52 זיינען די דאָזיקע לעצטע געביידעס שוין אָפּגעגעבן געוואָרן צוריק די אידישע אייגנטימער:

א) פרייוויליק?

ב) דורך די מאַכט־אָרגאַנען?

ג) דורכן געריכט?

(53 וויפיל בערך איז ווערט געווען דער אינווענטאַר פון אַלע אידישע טיפּן בילדונגס־אינסטיטוציעס?

(54 וויפיל אידישע ביבליאָטעקן זיינען געווען אין שטאָט און וויפיל ביכער האָבן זיי אַלע פאַרמאָגט?

(55 וואָס איז געוואָרן מיט די ביכער?

א) פאַרברענט און וואַסערע?

ב) איבערגעשיקט קיין דייטשלאַנד אָדער אין אַנדערע אַקס־מלוכות און וועלכע?

ג) איבערגעגעבן אין אָרטיקע ניט־אידישע ביבליאָטעקן און וועלכע?

ד) געבליבן גאַנץ און וועלכע?

(56 אויב ס'זיינען געבליבן גאַנץ ביכער פון אידישע ביבליאָטעקן, אָנגעבן, אין וועלכע שפּראַכן און וויפיל?

(57 וויפיל פון די אידישע ביבליאָטעקן האָבן געהאַט אייגענע בנינים (די זעלבע פראַגעס ווי ביי די אייגענע שול־בנינים)?

(58 איז געווען אַ אידישער מוזיי און וואָס איז געוואָרן פון אים:

א) פאַרניכטעט און פון וועמען?

ב) איבערגעשיקט קיין דייטשלאַנד און אַנדערע אַקס־מלוכות?

ג) אויספאַרקויפט?

ד) איבערגעגעבן אין ניט־אידישע מוזייען?

ה) געבליבן גאַנץ? טיילווייז גאַנץ?

(59 געבן אַ באַשרייבונג פונם פאַרמעגן פון מוזיי און דעם בערך'דיקן ווערט פון די זאַכן.

(60 זיינען געווען אידישע טעאַטערס אין שטאָט און וויפיל?

(61 האָבן זיי געהאַט אייגענע בנינים און וואָס איז געוואָרן מיט זיי?

ד) סאציאל־מעדיצינישע אנשטאלטן:

62) וויפיל מושב־זקנים׳ס זיינען געווען אין שטאט און אויף וויפיל מענטשן?

63) וויפיל פון זיי האבן געהאט אייגענע געביידעס:
א) געמויערטע?
ב) הילצערנע?

64) וואס איז געווארן מיט די אלטע לייט פון די מושב זקנים׳ס:
א) דערמארדעט אויפן ארט און ווי אזוי? (געבן גענויע באשרייבונגען.)
ב) געשטארבן פון הונגער און עפידעמיעס?
ג) געשטארבן מיט א נאטירלעכן טויט?
ד) באגאנגען זעלבסטמארד?
ה) דעפארטירט געווארן, וואוהין און צי איז באקאנט זייער גורל?
ו) געבליבן לעבן, וויפיל, ווי אזוי?

65) וואס איז געווארן מיט די געביידעס פון די מושב זקנים׳ס (די זעלבע פראגעס וואס ביי די שולן — זע אויבן).

66) וויפיל אידישע שפיטאלן זיינען געווען אין שטאט:
א) וויפיל בעטן האבן זיי געהאט?
ב) וויפיל ספעציעלע אפטיילן, ווי רענטגען־קאבינעטן, עלעקטראטעראפיע א.ד.גל.?
ג) וויפיל דאקטוירים האבן זיי באדינט?
ד) וויפיל שוועסטער זיינען געווען אין אלע שפיטאלן?

67) זיינען געווען אין שטאט ספעציעלע אידישע אנשטאלטן פאר בלינדע, שטומע און שוואכזיניקע:
א) וויפיל אנשטאלטן?
ב) מיט וויפיל בעטן?
ג) מיט וויפיל שוועסטער?

68) צי זיינען געווען היילט־ און דערהאלונגס־היימען פאר דערוואקסענע אדער קינדער:
א) וויפיל אנשטאלטן?
ב) מיט וויפיל בעטן?
ג) מיט וויפיל שוועסטער?

69) צי זיינען געווען היימען פאר היימלאזע (פאר דורכוואנדערער און פליכטלינגע):

א) וויפיל אַנשטאַלטן?
ב) מיט וויפיל בעטן?

70) צי זיינען געווען ספּעציעלע אידישע אַנשטאַלטן פאַר קינפּעטאָרינס און זויג־קינדער:
א) וויפיל אַנשטאַלטן?
ב) וויפיל בעטן פאַר מוטערס?
ג) וויפיל בעטן פאַר קינדער?
ד) וויפיל דאָקטוירים האָבן באַדינט די דאָזיקע אַנשטאַלטן?
ה) וויפיל שטענדיקע שוועסטער זיינען געווען?

71) וויפיל יתומים־ און יתומות־הייזער זיינען געווען:
א) וויפיל אַנשטאַלטן?
ב) מיט וויפיל בעטן?

72) זיינען געווען אין שטאָט אידישע פאָלקס־קיכן?
א) וויפיל אַנשטאַלטן?
ב) אויף וויפיל מיטאָגן אַ טאָג?

73) פעסטשטעלן אַלע אַנדערע קהל׳שע, געזעלשאַפטלעכע און פריוואַטע צדקה־אינסטיטוציעס.

74) צו אַלע פראַגעס פון 66 ביז 73 אין כלל:
א) וויפיל פון די אַנשטאַלטן האָבן געהאַט אייגענע געביידעס, געמויערטע אָדער הילצערנע?
ב) וואָס איז געוואָרן מיט די געביידעס:
1) פאַרניכטעט?
2) איבערגעגעבן ניט־אידישע אינסטיטוציעס?
3) געבליבן גאַנץ און געשלאָסן?
4) געבליבן אָפן און פונקציאָנירן די גאַנצע צייט פון דער מלחמה?
ג) פעסטשטעלן דעם ווערט פון אַלע פאַרניכטעטע געביידעס.
ד) פעסטשטעלן דעם ווערט פונם אינווענטאַר פון יעדן אַנשטאַלט און וואָס איז געוואָרן פון אים?
ה) פעסטשטעלן דעם בודזשעט פון יעדן מין אַנשטאַלט.
ו) פעסטשטעלן, וועלכע פון די אויסגערעכנטע אינסטיטוציעס זיינען געניצט געוואָרן אין צייט פון דער מלחמה פון די דייטשן און אַנדערע אָקופּאַנטן, אָדער פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג און צי זיינען זיי איצט פריי, צי זיי זיינען נייטיק דער אידישער באַפעלקערונג, צי רעכענען זיי זיך אין רשות פון דער אידישער קהילה אָדער פון אַן אַנדערער אידישער אָרגאַניזאַציע.

## ה) פּאָליטישע פּאַרטייען און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס:

75) אויסרעכענען אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען פון דער שטאָט פאַר דער מלחמה, די צאָל מיטגלידער פון יעדער, די צאָל פאַרטרעטער אין עפנטלעכע אינסטיטוציעס, ווי שטאָט־ראָט, קהילה און אַנדערע.

76) פעסטשטעלן דאָס פאַרמעגן פון יעדער פּאַרטיי פאַר דער מלחמה אין אייגענע בנינים, אין אינווענטאַר אין די פּאַרטיי־קלובן, אין אַנדערע ווערטן.

77) באַשרייבן גענוי די צייט פון דער ליקווידאַציע פון יעדער פּאַרטיי — פון אָפיציעלער ליקווידאַציע און פון פאַקטישער.

78) באַשרייבן גענוי, וועלכע פּאַרטייען פונקציאָנירן איצט אין שטאָט, ווען האָט יעדע פון זיי ווידער אָנגעהויבן איר טעטיקייט, כאַראַקטער פון דער טעטיקייט פון יעדער פּאַרטיי, צאָל מיטגלידער א. אַ. וו.

79) צי איז געווען אין שטאָט:

א) אַ סוחרים־פאַראיין?
ב) אַ קליין־קרעמער־פאַראיין?
ג) אַ האַנטווערקער־פאַראיין?
ד) אַרבעטער־פאַראיינען און וועלכע?
ה) פאַראיינען פון פאַרשידענע ליבעראַלע פּראָפעסיעס און וועלכע?
ו) אַנדערע פאַראיינען און אָרגאַניזאַציעס.

80) באַשרייבן די ליקווידאַציע פון יעדן פון די אויסגערעכנטע פאַר־איינען, די צייט, וועלכע מאַכט, א. אַ. וו.

81) וועלכער פון די אויסגערעכנטע פאַראיינען און אָרגאַניזאַציעס פונקציאָנירט אין געגעבענעם מאָמענט, ווען ווידער אָנגעהויבן, כאַראַקטער פון דער טעטיקייט, די צאָל מיטגלידער א. אַ. וו.?

# אינסטרוקציעס צום פרעגבויגן נומער 4
# (רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס)

דער דאָזיקער בויגן האָט אַ גאָר באַזונדערע באַדייטונג אין דער פאָרשונג — זיין ציל איז, פון איין זייט, פעסטצושטעלן אונזער געזעלשאַפטלעך פאַרמעגן ערב דער מלחמה און, פון דער צווייטער זייט, פעסטצושטעלן די רעשטן פונם דאָזיקן פאַרמעגן, צי זיינען פאַרבליבן וועלכע ס׳ניט איז טראַדיציאָנעלע וואָרצלען, וועלכע מען וועט קאָנען אויסנוצן פאַרן אויפבוי פון אַ ניי אידיש געזעלשאַפטלעך לעבן, און צי האָבן די לעבן־געבליבענע אידן שוין אַרויסגעוויזן איניציאַטיוו און חשק אויסצונוצן די דאָזיקע רעשטן.

דער בויגן שטרעבט פעסטצושטעלן די פיל אינסטיטוציעס, וועלכע אידן האָבן אומעטום פאַרמאָגט, און אויף אַזאַ אופן אַרויסצובאַקומען די אָביעקטיווירטע אידישע געזעלשאַפטלעכע ענערגיע, וועלכע איז געקומען צום אויסדרוק אין אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן. איז דאָס געוויס ריכטיק. מען מוז אָבער פונדעסטוועגן געדענקען, אַז ווי פול ס׳זאָלן ניט זיין אונזערע ידיעות וועגן דער צאָל אינסטיטוציעס און וועגן דעם פאַרנעם פון זייער אַרבעט — זיי קאָנען ניט איבערגעבן דאָס בילד אין זיין גאַנצער פילפאַרביקייט און פילגעשטאַלטיקייט. דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז פיל רייכער, ווי אינסטיטוציעס שפיגלען דאָס אָפּ. און דאָ וועט זיין די אויפגאַבע פון די פאָרשער אַרויסצובאַקומען ניט נאָר טרוקענעם מאַטעריאַל, ניט נאָר צאָלן און דאַטעס, נאָר אויך לעבעדיקע באַשרייבונגען פון געזעלשאַפטלעכע אָנשטרענגונגען, פון חבלי־לידה פון נייע מאָדערנע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן באַדאַרפט בייקומען ניט נאָר אויסערלעכע באַגרענעצונגען און שטערונגען, נאָר אָפּט אויך אינעווייניקסטע אינערציע־פוילקייט אָדער פאַלשע אויסטייטשונג פון טראַדיציעס און גלויבונגען.

דאָס אויבן־געזאָגטע איז שייך צו אַלע טיילן פון דעם פרעגבויגן נומער 4. אויפן ערשטן אָרט גייט ביי אונז די קהילה — די צענטראַלע טראַדיציאָנעלע

אינסטיטוציע, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ וואונדערבאַרע פעאיקייט פון צופּאַ־סונג צו די פאַרשידנסטע היסטאָרישע באַדינגונגען און צו די פאַרשידנסטע לענדער־סיטואַציעס. און ווי אין אַלע פריערדיקע פרעגבויגנס, שטרעבן מיר אויך דאָ אַרויסצובאַקומען ניט נאָר דעם מצב ערב דעם חורבן און דעם פּראָ־צעס פונם חורבן גופא, נאָר אויך דעם צושטאַנד בעת דער פאַרשונג און די סימנים פון קומען צו זיך, פון אויפלעבונג. דער דאָזיקער מעטאָד איז דורכ־געפירט דורך אַלע פראַגעס און מיר וועלן אויף אַזאַ אופן באַקומען אויך אַן ענטפער אויף דער פראַגע, צי וועט זיך מערקן ביי דער לעבן־געבליבענער אידישער באַפעלקערונג אַ טענדענץ צו צענטראַליזאַציע, צו זאַמלען די גע־בליבענע ווייניקע כוחות אַרום דעם היסטאָרישן קעמערל פון אידישער נאַציאָ־נאַלער אָרגאַניזירטקייט, אַרום דער קהילה, אָדער מען וועט ווייטער צעברעק־לען די כוחות און שאַפן אַ סך חברות און געזעלשאַפטן.

מיר וועלן זיך ניט אָפּשטעלן אויף איינצלנע פונקטן, ווי מיר האָבן עס ניט געטאָן ביז איצט, אָבער בנוגע איין פונקט האַלטן מיר פאַר ביז גאָר וויכ־טיק צו ווענדן די באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט פון די פאָרשער — מיר האָבן אין אויג דעם אָנטייל פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג אין שענדן אידישע בתי־מדרשים, ספרי־תורות און אַנדערע הייליקייטן, ווי אויך, פאַרקערט, די רעאַקציע פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג קעגן די דאָזיקע באַרבאַרייען. דאָס איז איינער פון די פונקטן, וועלכע דאַרפן אונז קלאָר מאַכן, ווי ווייט די ניט־אידישע באַפעלקערונג האָט זיך אָנגעשטעקט מיט די האַס־טעאָריעס און מאָרד־מעטאָדעס פון די נאַציס, אָדער פאַרקערט, ווי ווייט זי האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון די דאָזיקע ווילדע מעשים.

בנוגע די מעטאָדעס פון אַרויסבאַקומען מאַטעריאַל אויף אויספילן דעם געננוג גרויסן און פילזייטיקן פרעגבויגן, איז קלאָר, אַז דער בעסטער מאַטע־ריאַל איז דער אָפיציעלער אין ברייטן זין פון וואָרט — דער מאַטעריאַל, וואָס געפינט זיך אין די אָרטיקע שטאָט־ראַטן, וואו ס׳מוזן זיין רעגיסטרירט אַלע סינאַגאָגעס, אַלע געבעט־הייזער, אַלע בילדונג־אינסטיטוציעס און אַזוי וויי־טער. און אין פיל פאַלן וועט מען מסתמא געפינען אויך די בודזשעטן פון פיל אידישע אינסטיטוציעס אין די אַרכיוון פון די שטאָט־ראַטן. אין פיל

## יעקב לעשצינסקי

לענדער האָבן אידישע אינסטיטוציעס באַקומען אָדער געקעמפט פאַר באַקומען סובסידיעס פון די שטאָט־ראַטן פאַר אידישע רעליגיעזע, קולטורעלע און מע־דיצינישע אַנשטאַלטן, און צוליב דעם פלעגן זיי מוזן צושטעלן זייערע בו־דזשעטן. אָבער אויך די אַרכיוון פון די קהילות זיינען מסתמא ניט אַלע פאַרניכטעט און מעגלעך, אַז אויך די אַרכיוון פון פיל אַנדערע געזעלשאַפטן און חברות זיינען געבליבן גאַנץ. איז דעריבער דער חוב פון די פאַרשער אָנצוואָווענדן אַלע כוחות אויף צו באַקומען דעם שריפטלעכן מאַטעריאַל. און ערשט ווען דאָס וועט זיך אַבסאָלוט ניט איינגעבן, וועט מען מוזן אָנקומען צו לעבעדיקע מענטשן, ביי וועלכע מען וועט דאַרפן אַרויסבאַקומען ידיעות. אין לעצטן פאַל, פאַרשטייט זיך, וועט דער מאַטעריאַל ניט האָבן דעם ווערט, וואָס מיר וואָלטן געוואָלט.

# VI
# פרעגבויגן נומער 5
# (שטעט און שטעטלעך —
# אידישע צוואַנג־קאָנצענטראַציעס)

נאָמען פון שטאָט, שטעטל ..................................

קרייז ......................... דיסטריקט ..................

חודש און יאָר פון פאָרשונג ....................................

## א) געטאָס און געטאָ־ענלעכע קאָנצענטראַציעס:

1) ווען איז איינגעפירט געוואָרן די געטאָ אין דער געגעבענער שטאָט?

2) באַמיען זיך צו באַקומען דעם טעקסט פונם באַפעל וועגן איינפירן די געטאָ.

3) ווי גרויס איז געווען די געטאָ ביים איינפירן זי?

(גענוי באַשרייבן די גאַסן, כאַראַקטעריזירן דעם ראַיאָן פון סאַניטאַר־היגיענישן שטאַנדפונקט.)

4) אויב די געטאָ איז עטלעכע מאָל געענדערט געוואָרן, באַשרייבן יעדע ענדערונג אין זין פון גרייס, פון איזאָלירונג פון דער ניט־אידישער באַפעל־קערונג, פון סאַניטאַר־היגיענישן שטאַנדפונקט, א. אַ. וו.

5) ווי גרויס איז געווען די אידישע באַפעלקערונג אין שטאָט ערב דער איינפירונג פון געטאָ?

6) האָט מען פון דער דאָזיקער שטאָט עוואַקוּאירט אידן אין אַנדערע שטעט, אידער מען האָט איינגעפירט די געטאָ?

7) אויב יאָ, אויסרעכענען די שטעט, וואוהין מען האָט עוואַקוּאירט און וויפיל אידן זיינען געבליבן פאַר דער איינגעפירטער געטאָ.

8) זיינען די ענדערונגען פון דער גרייס פון דער געטאָ אַרויסגערופן געוואָרן פונם פאַלן פון דער צאָל אידן אין געטאָ:

א) פון גרויסער שטאַרביקייט?

ב) פון עוואַקוּאַציעס אין אַנדערע שטעט?

9) אויב פון עוואַקואַציעס אין אַנדערע שטעט, באַשרייבן גענוי, ווי אַזוי די עוואַקואַציעס זיינען פאָרגעקומען, וויפיל מען האָט יעדעס מאָל עוואַקואירט, אין וועלכע שטעט מען האָט עוואַקואירט.

10) ווי גרויס איז געווען ביים איינפירן די געטאָ די אידישע באַפעלקערונג אין די גאַסן, וועלכע זיינען צוערשט באַשטימט געוואָרן פאַר אַ געטאָ, און וויפיל אין אַלע איבעריקע טיילן פון שטאָט?

11) זיינען אַרום דער געטאָ געווען צוימען און וואַסערע:
א) פון שטאַכל־דראָט? ווי הויך?
ב) פון מויערן? ווי הויך?
ג) אַנדערע פאָרמען פון איזאָלאַציע?

12) ביים איזאָלירן די אידן ניט אין אָפּגעצוימטע געטאָס, נאָר אין באַזונדערע שטאָט־טיילן, באַשרייבן גענוי און אויספירלעך, ווי די איזאָלירונג איז דורכגעפירט געוואָרן.

13) אַלע אויבן און אויך ווייטער געשטעלטע פראַגעס זיינען שייך אויך צו די געטאָ־ענלעכע קאָנצענטראַציעס.

14) צי זיינען געווען אין געטאָ משומדים און וויפיל?

15) אויב יאָ, אָנגעבן בערך די פאַרטיילונג לויט געשלעכט, עלטער, פּראָפעסיעס, בילדונג, געזעלשאַפטלעכער לאַגע.

16) ווי האָבן זיך פאַרהאַלטן צו אידן פאַרשידענע גרופּעס משומדים:
א) עלטערע און אינגערע? מענער און פרויען?
ב) אינטעליגענץ און אַנדערע פּראָפעסיעס?
ג) היגע משומדים און געבראַכטע פון אַנדערע לענדער (אָנווייזן פון וועלכע לענדער)?

17) ווי האָבן זיך די משומדים געהאַלטן לגבי די מאַכט־פאַרטרעטער?

18) ווי האָט די מאַכט באַהאַנדלט די משומדים:
א) גלייך מיט אידן?
ב) בעסער ווי אידן?
ג) ערגער ווי אידן?

19) ווי זיינען די משומדים באַהאַנדלט געוואָרן פון די אידישע קהילה־אָדער ראַט־אָרגאַנען?
א) זיינען זיי געשפּייזט געוואָרן אין באַזונדערע קיכן?

ב) האבן זיי באקומען שטיצע באגלייך מיט אידן?
ג) אין אנדערע פרטים?

20) זיינען די זעלבסטמאָרדן צווישן די משומדים געווען גרעסער, ווי צווישן אידן?

21) זיינען געווען פאלן פון צוריקקער צום אידנטום?

(באשרייבן גענוי די פאלן מיט אויספירלעכע כאראקטעריסטיקס פון די פערזאנען.)

22) ווי זיינען געווען די קעגנזייטיקע באציאונגען צווישן די אידן און די משומדים:

א) האט מען זיך געהאלטן צעטיילט?
ב) זיינען געווען אפטע קאנפליקטן?

23) ווי האבן אידן ליקווידירט זייערע וואוינונגען אין די טיילן שטעט, פון וואנען זיי האבן געמוזט אריבער אין געטא:

א) וויפיל טעג איז זיי געגעבן געוואָרן אויף ליקווידאציע פון זייערע וואוינונגען?
ב) וועלכע זאכן און וויפיל האבן זיי געמעגט מיטנעמען פון דער אלטער וואוינונג?
ג) וועלכע זאכן האבן זיי געמוזט לאזן אין די פארלאזטע וואוינונגען?
ד) וועלכע זאכן האבן זיי געהאט רעכט צו פארקויפן זייערע ניט־אידישע שכנים?
ה) ווי איז געגאנגען פאקטיש די ליקווידאציע פון די פארלאזטע וואוינונגען?

24) וואסערע רעכט האבן באהאלטן אידישע הויז־באזיצער איבער די הייזער, וועלכע זיינען געבליבן אויסער דער געטא?

25) ווי איז געגאנגען די ליקווידאציע פון די אידישע קראמען פון אויסער דער געטא:

א) וויפיל טעג איז געגעבן געוואָרן אויף דער ליקווידאציע?
ב) האבן די אידישע קרעמער געהאט רעכט מיטצונעמען זייערע סחורות און וויפיל?
ג) האבן זיי געהאט רעכט צו פארקויפן זייערע סחורות די ניט־אידישע שכנים און וויפיל?
ד) וועלכע סחורות האבן זיי געמוזט לאזן אין די פארלאזטע קראמען?
ה) אין וועמענס רשות זיינען אריבער די סחורות, וועלכע האבן געמוזט געלאזט ווערן אין די פארלאזטע קראמען?
ו) וועלכע רעכט האבן באהאלטן די אידישע קרעמער איבער זייערע סחורות, ווען ס'זיינען באשטימט געוואָרן קאמיסארן אין זייערע קראמען אויסער דער געטא?

ז) ווי איז פאַקטיש דורכגעפירט געוואָרן די ליקווידאַציע פון די אידישע קראָמען אין די גאַסן, וועלכע אידן האָבן געמוזט פאַרלאָזן?

26) ווי איז געגאַנגען די ליקווידאַציע פון די אידישע פאַבריקן און וואַרשטאַטן פון די גאַסן פון אויסער דער געטאָ?

27) האָבן די אידישע בעלי־בתים געהאַט רעכט מיטצונעמען אין געטאָ אַריין די מאַשינען און אינסטרומענטן?

28) צי האָבן די אידישע בעלי־בתים געהאַט רעכט מיטצונעמען די רוי־מאַטעריאַלן און די גרייטע סחורות?

29) צי האָבן די אידישע בעלי־בתים געהאַט רעכט צו פאַרקויפן די בנינים, די מאַשינען, די אינסטרומענטן, די גרייטע סחורות?

30) באַשרייבן גענוי, ווי ס׳איז ווירקלעך געגאַנגען די ליקווידאַציע פון די אידישע פאַבריקן און וואַרשטאַטן.

31) ווי איז געגאַנגען די ליקווידאַציע פון די ניט־אידישע וואוינונגען אין די געטאָ־גאַסן?

32) ווי איז געגאַנגען די ליקווידאַציע פון די ניט־אידישע קראָמען אין די געטאָ־גאַסן?

33) ווי איז געגאַנגען די ליקווידאַציע פון די ניט־אידישע פאַבריקן און וואַרשטאַטן פון די געטאָ־גאַסן?

34) באַשרייבן גענוי די שפּייז־באַדינגונגען אין געטאָ אין פאַרשידענע צייט־פּונקטן (ביים גרינדן די געטאָ, אין 1942, אין 1943, אין 1944 און אין די גאָר לעצטע וואָכן פאַר דער באַפרייאונג):

א) די פּאַרציעס פאַר אידן פון ברויט, פלייש, פעטס און אַנדערע פּראָדוקטן אין פאַרגלייך מיט דער ניט־אידישער באַפעלקערונג.

ב) די צוגעלאָזטע מעגלעכקייטן פון אייגענער פּראָדוקציע אין געטאָ.

ג) די שוואַרץ־מאַרק־באַדינגונגען אין געטאָ אין פאַרגלייך מיט דער איבעריקער באַפעלקערונג.

35) פון וואַנען האָבן אידן באַקומען די באַשטימטע פאַר דער געטאָ שפּייז־פּראָדוקטן:

א) פון דער מלוכה־מאַכט?

ב) פון דער מיליטער־מאַכט?

ג) פון פּריוואַטע פּערזאָנען?

36) ווי איז געוואָרן געצאָלט פאַר די שפייז־פּראָדוקטן פון דער געטאָ:
א) דורך אידישער אַרבעט?
ב) דורך גרייטע סחורות אויסגעאַרבעטע אין געטאָ?
ג) אַנדערע אופנים?

37) ווי האָט די געטאָ אָרגאַניזירט די פאַרטיילונג פון די שפייז־פּראָ־דוקטן צווישן דער אידישער באַפעלקערונג:
א) דורך די אַלגעמיינע געלט־ווערטן?
ב) דורך ספּעציעלע באָנעס?
ג) דורך אַרבעט־שעה׳ן?

38) באַשרייבן געענוי דיביידע אַפּאַראַטן: דעם ניט־אידישן אַפּאַראַט, וואָס האָט צוגעשטעלט פּראָדוקטן אין געטאָ אַריין, און דעם אידישן אַפּאַ־ראַט, וואָס האָט פאַרטיילט די פּראָדוקטן צו די אידישע יחידים.

39) ווי זיינען געווען די סאַניטאַר־היגיענישע באַדינגונגען אין געטאָ:
א) האָט די שטאָט־גאַזאָווניע ווייטער באַדינט די געטאָ באַגלייך מיט אַלע אַנ־דערע טיילן פון שטאָט?
ב) האָט די געטאָ באַקומען ליכט באַגלייך מיט אַנדערע שטאָט־טיילן?
ג) זיינען געבליבן אין קראַפט אַלע סאַניטאַרישע פאָרשריפטן, וועלכע זיינען מחייב די שטאָט־פאַרוואַלטונג, אויך לגבי די געטאָ־גאַסן?
ד) זיינען געבליבן די אידישע מעדיציניש אַנשטאַלטן אין געטאָ?
ה) זיינען די אידישע מעדיציניש אַנשטאַלטן פון אויסער די געטאָ־גאַסן אי־בערגעפירט געוואָרן אין געטאָ אַריין?
ו) צי זיינען די אידישע אַפּטייקן פון די געטאָ־גאַסן געבליבן אין געטאָ?
ז) צי זיינען די אידישע אַפּטייקן פון אויסער די געטאָ־גאַסן אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין געטאָ?

40) וויפיל אידישע קראַנקע האָבן פונקציאָנירט אין געטאָ:
א) ביים מאַקסימום אידישער באַפעלקערונג?
ב) ביים מינימום אידישער באַפעלקערונג?

41) האָבן די אידישע קראַנקע געהאַט צו צעטיילן נאָר די שפייז־פּראָ־דוקטן, אָדער אויך אַנדערע סחורות?

42) האָבן די אידישע קראַנקע געהאַט נאָר סחורות צוגעשטעלטע פון די מאַכט־אָרגאַנען אָדער אויך פריי־אויסגעאַרבעטע אין געטאָ גופא?

43) באַשרייבן אויספירלעך דעם שוואַרץ־מאַרק־האַנדל אין געטאָ און

## יעקב לעשצינסקי

פונם געטאָ מיט דער דרויסנדיקער וועלט, און די ראָלע פונם שוואַרץ־מאַרק אין דעם לעבן פון געטאָ אין פאַרשידענע צייט־פונקטן.

44) וויפיל אידישע פאַבריקן האָבן פונקציאָנירט אין געטאָ:

א) ביי מאַקסימאַלע באַשטעלונגען פון די דייטשן? פון אַנדערע אָקופּאַנטן?

ב) ביי מינימום באַשטעלונגען פון די דייטשן? פון אַנדערע אָקופּאַנטן?

45) פון וועמען אָדער דורך וועמען האָבן די אידישע פאַבריקן באַקומען די באַשטעלונגען:

א) דירעקט פון דער מיליטערישער אָקופּאַציע־מאַכט?

ב) דירעקט פון דייטשע פּריוואַטע אונטערנעמער?

ג) דורך דער קהילה?

46) פון וועמען פלעגן זיי באַקומען די נייטיקע רוישטאָפן:

א) דירעקט פון די באַשטעלער פון סחורות?

ב) דורך דער קהילה?

47) ווי אַזוי פלעגן זיי זיך אָפּרעכענען מיט די באַשטעלער?

48) באַשרייבן גענוי און אויספירלעך די גאַנצע פּראָצעדור פון דער געטאָ־אינדוסטריע.

49) וויפיל אידישע בעלי־מלאָכות זיינען געווען אין געטאָ:

א) ביים מאַקסימום אידישער באַפעלקערונג?

ב) ביים מינימום אידישער באַפעלקערונג?

50) אויב מעגלעך, אָנגעבן די פאַרטיילונג פון די אידישע בעלי־מלאָכות לויט פאַכן פאַר פאַרשידענע צייט־פונקטן.

51) ווי איז געווען די פאַרטיילונג פון דער אַרבעט פון די אידישע בעלי־מלאָכות:

א) פאַרן געטאָ גופא?

ב) פאַר אויסער דער געטאָ?

52) אַלע פראַגעס פון 45 ביז 48 דאַרפן אויסגעפילט ווערן אויך בנוגע די בעלי־מלאָכות.

53) ווי גרויס איז געווען די צאָל קאָאָפּערירטע אידישע בעלי־מלאָכות:

א) די מאַקסימאַלסטע צאָל קאָאָפּערירטע און צייט־פונקט?

ב) די מינימאַלסטע צאָל קאָאָפּערירטע און צייט־פונקט?

54) באַשרייבן מעגלעך אויספירלעך, ווי ס'זיינען געווען ליקווידירט

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

**די אידישע קראָמען, די אידישע פאַבריקן, די אידישע וואַרשטאַטן אין געט־טאָ, א. אַ. וו.**

(וויכטיק זיינען אין געגעבענעם פאַל די פּראָצעסן פון דער ליקווידאַציע, אויף וויפיל זיי שפיגלען אָפּ די טענדענצן פון די דייטשן אויסצוזויגן דעם שווייס פון די אידן.)

55) **וויפיל אידישע אַרבעטער האָבן געאַרבעט פאַר די אָקופּאַנטן אין געטאָ:**

א) די מאַקסימאַלסטע צאָל און צייט־פונקט?

ב) די מינימאַלסטע צאָל און צייט־פונקט?

56) **וויפיל אידישע אַרבעטער האָבן געאַרבעט אין שטאָט אין פאַבריקן אויסער דער געטאָ:**

א) די מאַקסימאַלסטע צאָל און צייט־פונקט?

ב) די מינימאַלסטע צאָל און צייט־פונקט?

57) **באַשרייבן מעגלעך אויספירלעך די גאַנצע פּראָצעדור פון נעמען אידישע אַרבעטער אויסער דער געטאָ.**

58) **וויפיל אידישע אַרבעטער האָבן געאַרבעט הינטער דער שטאָט, אָבער געוואוינט אין געטאָ:**

א) די מאַקסימאַלסטע צאָל און צייט־פונקט?

ב) די מינימאַלסטע צאָל און צייט־פונקט?

59) **באַשרייבן גענוי, אין וואָסערע פאַכן האָבן אידישע אַרבעטער געאַרבעט אין געטאָ און אויסער דער געטאָ פאַר די אָקופּאַנטן?**

60) **וויפיל אידישע דאָקטוירים זיינען געווען אין געטאָ:**

א) ביי דער מאַקסימאַלסטער צאָל אידן?

ב) ביי דער מינימאַלסטער צאָל אידן?

61) **באַשרייבן גענוי און מיט דער גרעסטער אויספירלעכקייט די מע־טאָדעס פון צופּאַסן זיך פון פאַרשידענע גרופּעס אידישע אינטעליגענטן צו די געטאָ־באַדינגונגען:**

א) פון אינזשעניערן, טעכניקער און אַנדערע.

ב) פון אַדוואָקאַטן, נאָטאַרן, ריכטער און אַנדערע.

ג) פון לערער, מלמדים, לערערינס און אַנדערע.

ד) פון שרייבער, שוישפּילער, מוזיקאַנטן, קינסטלער און אַנדערע.

ה) פון כלי־קודש.

62) ווער פון די אָקופּאַנטן איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער געטאָ?

63) באַשרייבן גענוי דעם אַפּאַראַט, וואָס האָט אָנגעפירט מיט אַלע געטאָ־אינטערעסן, און אָנרופן די באַאַמטע, זייערע ראַנגען, זייער פּאַקטישע באַציאונג צו אידן, וכדומה.

64) איז געווען אין געטאָ אַ אידישע קהילה אָדער אַ אידישער ראַט?

65) ווי איז געווען די קהילה אָדער דער ראַט אָרגאַניזירט און פון וועמען זיינען באַשטאַנען די אָנפירנדיקע אָרגאַנען?

(אָנרופן די נעמען פון די מענטשן, זייערע פּראָפעסיעס, זייערע פּאַרטיי־סימפּאַטיעס, א. אַ. וו.)

66) צי איז געווען די געטאָ־קהילה אָדער דער געטאָ־ראַט אַ המשך פון דער פאַר־מלחמה'דיקער קהילה אָדער אינגאַנצן אַ נייע אינסטיטוציע?

67) האָט די מאַכט אַליין אָנגערופן די נעמען פון די מענטשן פאַרן ראַט, אָדער זיי האָבן געהאַט אידישע עצה־געבער, און ווער זיינען זיי געווען?

(געבן אַ מעגלעך פּינקטלעכע און אויספירלעכע כאַראַקטעריסטיק פון די אידן, וועלכע די דייטשן האָבן צוגעצויגן צום ראַט.)

68) אויב דער באַשטאַנד פונם ראַט אָדער קהילה האָט זיך געענדערט, באַשרייבן גענוי, ווען, צוליב וועלכע סיבות, לויט וועמענס איניציאַטיוו, און געבן אַ גענויע כאַראַקטעריסטיק פון די ניי־צוגעצויגענע מענטשן.

69) באַשרייבן מיט דער גרעסטער אויספירלעכקייט:

א) די פונקציעס פונם ראַט און זיין אָרגאַניזאַציע.
ב) די פאַרוואַלטערס פון אַלע הויפּט־אָפּטיילן און זייער כאַראַקטעריסטיק.
ג) די מקורים פון זיינע מיטלען.
ד) זיינע בודזשעטן.
ה) זיין אויטאָריטעט ביי דער אידישער באַפעלקערונג — מאָראַלישער און צוואַנג־אויטאָריטעט.

70) איז געווען אַ ספּעציעלע פּאָליציי אין געטאָ?

71) פון וועמען איז זי באַשטאַנען:

א) פון אידן און וויפיל?
ב) פון ניט־אידן און וויפיל?

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

(אָנגעבן די צאָל פּאָליציי־לייט, אידן און ניט־אידן, פאַר פאַרשידענע צייט־פּונקטן; ביים מאַקסימום אידן אין געטאָ און ביים מינימום אידן אין געטאָ.)

72) האָט דער אידישער ראַט געהאַט אַ דעה ביים ווערבירן די אידישע פּאָליציסטן?

73) באַשרייבן גענוי די רעכט און פונקציעס פון דער אידישער פּאָליציי, איר אָרגאַניזאַציע און איר פּאָזיטיווע אָדער נעגאַטיווע ראָלע אין געטאָ.

74) באַשרייבן גענוי די קולטורעלע און מאָראַלישע פיזיאָנאָמיע פון די אידישע פּאָליציסטן.

75) וועמען איז די אידישע פּאָליציי געווען אונטערגעאָרדנט:
א) דער דייטשער מיליטער־מאַכט?
ב) דער דייטשער ציוויל־מאַכט?
ג) דעם אידישן ראַט?

76) צי האָבן זיך אַנטוויקלט באַזונדערע פאָרמען פון קרימינאַליטעט אין געטאָ און אין אירע באַזונדערע סטאַדיעס?

77 וואָס האָט געטאָן דער אידישער ראַט, כדי צו באַקעמפן די קרימינאַליטעט?

78) באַשרייבן גענוי און ווי מעגלעך אויספירלעכער אַלע דערשיינונגען, אויב אַזעלכע זיינען געווען, פון מיטאַרבעט מיט די דייטשן און מיט אַנדערע אָקופּאַנטן, ווי אויך אַלע דערשיינונגען פון דעמאָראַליזאַציע, פון מסירה, פון ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן דורך ברענגען פאַר אַ קרבן אַ צווייטן, וכדומה.

79) באַשרייבן אויספירלעך די פאָרמען פון אידישער צופּאַסונג צו די שווערע לעבנס־באַדינגונגען אין געטאָ.

80) באַשרייבן מיט דער גרעסטער אויספירלעכקייט די דעפּאָרטאַציעס פון דער געטאָ, די ליקווידאַציעס פון טיילן פון דער געטאָ און די ענדגילטיקע ליקווידאַציע.

(אָנגעבן די צייט־פּונקטן, די צאָלן פון די דעפּאָרטירטע, די מעטאָדעס פון די דייטשן אויף פאַרשלעפערן די וואַכזאַמקייט פון די קרבנות, די מעטאָדעס פון אידן זיך אַרויסצורייסן פון דער געטאָ, א. אַ. וו.)

## ב) קאָנצענטראַציע־לאַגערן:

81) איז געווען אין שטאָט אָדער ביי דער שטאָט אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער?

82) באַשרייבן גענוי דעם פּלאַץ, די בנינים, די סאַניטאַר־היגיענישע באַדינגונגען.

83) ווען איז דער לאַגער געגרינדעט געוואָרן און ווי לאַנג האָט ער פונקציאָנירט?

84) לויט וועמענס באַפעל איז ער געווען אָרגאַניזירט?

85) ווער איז געווען דער פאַרוואַלטער אָדער די פאַרוואַלטערס?
(אָנגעבן נעמען, נאַציאָנאַליטעט, און באַשרייבן גענוי פּראָפעסיע, בילדונג־מצב, געזעלשאַפטלעכע לאַגע, פּאָליטישע פאַרגאַנגענהייט.)

86) וואָסערע נאָך באַאַמטע זיינען געווען אין לאַגער:
א) דייטשן — נעמען, ראַנג און גענויע דאַטעס, ווי אין פּונקט 85.
ב) אוקראַינער — — „ —
ג) ליטווינער — — „ —
ד) לעטן — — „ —
ה) אַנדערע — — „ —

87) פון וועמען זיינען באַשטאַנען די וואַך־סאָלדאַטן?
א) פון דייטשן?
ב) פון אוקראַינער?
ג) פון ליטווינער?
ד) פון לעטן?
ה) פון אַנדערע?

88) איז דאָס געווען אַ לאַגער ספּעציעל פאַר אידן אָדער אַ געמישטער? פון וואָסערע לענדער זיינען געווען די אידן פון לאַגער?

89) אויב אַ געמישטער, צי זיינען געווען באַזונדערע לאָקאַלן פאַר אידן?

90) צי זיינען געווען באַזונדערע פאַראָרדענונגען פאַר אידן, און אין וואָס זיינען זיי באַשטאַנען?
(אויספירלעך באַשרייבן די דאָזיקע פאַראָרדענונגען, און נאָך בעסער איז — צו קריגן די פאַראָרדענונגען אַליין.)

91) אויב אין לאַגער זיינען געווען ניט־אידן פון פאַרשידענע נאַציאָ־נאַליטעטן און ס'זיינען געמאַכט געוואָרן חילוקים אויך צווישן פאַרשידענע ניט־אידישע פעלקער־גרופּעס, — באַשרייבן גענוי.

92) באַשרייבן גענוי דאָס לעבן פון אַ טאָג אין לאַגער פאַר אידן פון פאַרשידענע לענדער און פאַר ניט־אידן.

93) באַשרייבן גענוי די פּייניקונג־מעטאָדעס, וועלכע מען האָט פּראַק־טיצירט אין לאַגער:

א) פאַר אַלע אינטערנירטע.
ב) פאַר אידן.

94) באַשרייבן גענוי דעם שלאָף־פּלאַץ:

א) פאַר אַלע אינטערנירטע.
ב) פאַר אידן.

95) צי זיינען געווען באַזונדערע שפּייז־פּאַרציעס פאַר אידן און ניט־אידן?

(באַשרייבן גענוי דעם חילוק.)

96) באַשרייבן גענוי די שפּייז־פּאַרציעס און די קוואַליטעט פון די מאַכלים אין פאַרשידענע צייט־פּונקטן:

א) פאַר אַלע אינטערנירטע.
ב) פאַר אידן.

97) ווי גרויס איז געווען די צאָל אידן אין לאַגער:

א) די מאַקסימאַלע צאָל און די צייט.
ב) די מינימאַלע צאָל און די צייט.

98) ווי האָבן זיך געטיילט בערך די אידישע אינטערנירטע לויטן געשלעכט?

99) ווי האָבן זיך געטיילט די אידן אין לאַגער (אָנגעבן, אויב מעגלעך, די צייט!), לויט עלטער:

א) אינגער פון 16 יאָר?
ב) 17—50 יאָר?
ג) 51—70 יאָר?
ד) עלטער פון 70 יאָר?

## יעקב לעשצינסקי

100) וויפיל בערך אידן און ניט־אידן זיינען אומגעבראַכט אָדער אומ־געקומען אין דאָזיקן לאַגער פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין עקזיסטענץ:

א) געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט?

ב) דערפירט צום טויט דורך הונגער?

ג) דערמאָרדעט געוואָרן?

ד) פאַרפייניקט געוואָרן?

ה) באַגאַנגען זעלבסטמאָרד?

101) וויפיל אידן און וויפיל ניט־אידן זיינען אַראָפּ פון זינען?

102) באַשרייבן גענוי די אַרבעטן, וואָס מען האָט אויסגעפירט אין לאַ־גער, זייער ווערט פאַר די דייטשן אָדער פאַרן לאַנד, וואו דער לאַגער האָט זיך געפונען.

103) האָט די אידישע פאָליציי געהאַט אַ וועלכע ניט איז שייכות צום קאָנצענטראַציע־לאַגער:

א) ביים דעפאָרטירן אין לאַגער?

ב) אין לאַגער גופא?

104) אויב יאָ, באַשרייבן אויסערסט אויספירלעך די פונקציעס פון די אידישע פאָליציסטן, זייער פאַרהאַלטן זיך:

א) לגבי די אידן.

ב) לגבי די אָקופּאַנטן.

105) צי זיינען געווען אין דאָזיקן לאַגער אידישע פאַררעטער, וועלכע האָבן געדינט די אָקופּאַנטן און געשעדיקט אידן?

106) אויב יאָ, באַשרייבן אויספירלעך אַלע פאַלן מיט גענויע כאַראַק־טעריסטיקס פון די פאַררעטער.

107) אויב אין שטאָט אָדער ביי דער שטאָט איז ניט געווען קיין קאָנ־צענטראַציע־לאַגער, צי האָט מען פון דער דאָזיקער שטאָט פאַרשיקט אידן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן? וויפיל בערך? וויפיל פון זיי זיינען צוריק־געקומען? וויפיל זיינען אין די לאַגערן אומגעקומען און וויפיל זיינען צוריק־געקומען קאַליקעס?

108) צי איז געווען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אַן אָרגאַניזירטע מעדי־צינישע הילף (דאָקטוירים, דענטיסטן, שוועסטער) און פון וועמען איז זי באַשטאַנען:

א) פון פערסאָנאַל פון די אָקופּאַנטן?
ב) פון פערסאָנאַל פון צווישן די אינטערנירטע?
ג) פון אַ געמישטן פערסאָנאַל?

109) באַשרייבן גענוי און מיט די גרעסטע פּרטים דאָס פאַרהאַלטן זיך פונם דאָזיקן פערסאָנאַל, באַזונדערס פון דעם דייטשן, פון דעם רומענישן, פון דעם אונגאַרישן א. אַ. וו. צו די אינטערנירטע, צו באַזונדערע נאַציאָנאַלע גרופּעס פון די אינטערנירטע און גאַנץ באַזונדערס צו אידן. אויב מצד דעם פערסאָנאַל זיינען געווען אויסערונגען לגבי דער אינסטיטוציע בכלל אָדער לגבי די פּיין־מעטאָדן און מאָרד־צילן פון די לאַגערן, ברענגען זיי אויספירלעך און אָנדייטן, ביי וועלכע פאַלן זיינען אַזעלכע אויסערונגען געמאַכט געוואָרן. יעדעס מאָל אָנגעבן די נעמען פון די מענטשן און, אויב מעגלעך, כאַראַקטעריסטיקס.

## ג) אַרבעט־לאַגערן:

110) צי איז אין דער שטאָט אָדער ביי דער שטאָט געווען אַן אַרבעט־לאַגער?

111) ווען איז ער געגרינדעט געוואָרן און ווי לאַנג האָט ער עקזיסטירט?

112) האָט ער די גאַנצע צייט פונקציאָנירט אָן הפסקות?

113) אויב מיט הפסקות, אָנגעבן די לעצטע און אָנגעבן די סיבות פון די הפסקות.

114) לויט וועמענס באַפעל איז דער אַרבעט־לאַגער געגרינדעט געוואָרן?

115) ווער איז געווען דער פאַרוואַלטער אָדער די פאַרוואַלטערס?
(אָנגעבן די נעמען, די פּראָפעסיעס, דעם בילדונג־מצב פון יעדערן, די פּאָליטישע פיזיאָנאָמיע און יעדנס פאַרגאַנגענהייט.)

116) וואָסערע נאָך באַאַמטע זיינען געווען אין לאַגער פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין עקזיסטענץ:
א) דייטשן — זייער ראַנג, גענויע דאַטעס, ווי אין פּונקט 115.
ב) אוקראַינער — — „ —
ג) ליטווינער — — „ —

ד) לעטן — — „ —

ה) אַנדערע — — „ —

117) פון וועמען זײנען באַשטאַנען די וואַך־סאָלדאַטן:

א) פון דײַטשן?

ב) פון אוקראַינער?

ג) פון ליטווינער?

ד) פון לעטן?

ה) פון אַנדערע?

118) האָט דער לאַגער אויסגעפירט אַרבעטן:

א) פאַר דער דײַטשער מיליטער־מאַכט? פאַר אַנדערע אָקופּאַנטן?

ב) פאַר דער ציווילער מאַכט?

ג) פאַר דײַטשע פּריוואַטע אונטערנעמער?

119) אויב פאַר אַלע, אויסרעכענען גענוי, וועלכע אַרבעטן פאַר יעדערן און אין וועלכע צײַטן.

120) אָנרופן וואָס מער באַאַמטע (אויך פון פּריוואַטע פירמעס), וועלכע האָבן געהאַט צו ברענגען רווישטאָפן און אָפּצונעמען פאַרטיקע סחורות — די נעמען, זייערע פאַר־מלחמה׳דיקע פּראָפעסיעס, זייער פּאָליטישע פאַרגאַנגענהייט, זייער באַנעמען זיך מיט אידן און ניט־אידן, א. אַ. וו.

121) האָט דער לאַגער אויסגעפירט אַרבעטן פון צײַטווײַליקן מלחמה־כאַראַקטער אָדער פון דויערנדיקן ווערט:

א) פאָרטיפיקאַציעס?

ב) טײַכן־רעגולאַציעס?

ג) זומפּן־דרענאַזש?

ד) אַנדערע אַרבעטן?

122) איז דער לאַגער געווען אַ געמישטער אָדער ספּעציעל נאָר פאַר אידן?

123) אויב אַ געמישטער, צי זײַנען געווען באַזונדערע רעגעלן פאַר אידן און וועלכע?

(גענוי באַשרײַבן די דאָזיקע רעגעלן.)

124) צי האָט מען געוואוינט אין לאַגער אָדער מען פלעגט געבראַכט ווערן צו דער אַרבעט?

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

125) אויב מען פלעגט געבראַכט ווערן פון דער היים, — ווי אַזוי:
א) פון סאָלדאַטן דירעקט פון דער היים?
ב) פון אידישע פּאָליציסטן צו דער סטאַנציע און פון דאָרטן מיט וואַך־סאָל־דאַטן?
ג) פון אידישע פּאָליציסטן צום געטאָ־מויער און פון געטאָ־מויער מיט סאָל־דאַטן?

126) אויב מען איז געבראַכט געוואָרן פון דער היים, — ווי לאַנג האָט געדויערט דאָס קומען?

127) ווי אַרום איז מען געקומען צום לאַגער:
א) מיט דער באַן, און ווי לאַנג האָט דאָס געדויערט?
ב) צופוס, און ווי לאַנג האָט דאָס געדויערט?
ג) מיט אַנדערע קאָמוניקאַציע־מיטלען?

128) וויפיל ריינע שעה אין טאָג האָט מען געמוזט אַרבעטן?

129) זיינען געווען הפסקות אין דער אַרבעט? וויפיל אין משך פון טאָג?

130) האָט מען געהאָט רעכט צו שלאָפן אין די הפסקות?

131) וויפיל ריינע שעה זיינען געבליבן דעם צוואַנג־אַרבעטער אויף עסן, רוען און שלאָפן?

132) אויב מען האָט געוואוינט אין לאַגער, באַשרייבן גענוי די וואוינ־באַדינגונגען, דאָס שפּייז־צימער, דאָס שלאָף־צימער, א. אַ. וו.

133) אויב דער לאַגער איז געווען אַ געמישטער, צי זיינען פאַר אידן געווען:
א) באַזונדערע שלאָף־לאָקאַלן?
ב) באַזונדערע עס־צימערן?
ג) באַזונדערע שפּייז־פּאָרציעס און באַזונדערע קוואַליטעטן פון די מאַכלים?

134) האָט מען אויך ביי דער אַרבעט געמאַכט אַ חילוק צווישן אידן און ניט־אידן:
א) האָט מען אידן צוגעטיילט די שווערערע און שמוציקערע אַרבעטן?
ב) האָט מען אידישע קוואַליפיצירטע אַרבעטער אויסגענוצט פאַר פאַך־אַרבעטן?

135) אין לעצטן פאַל אויסרעכענען, פאַר וועלכע אַרבעטן:
א) שניידערשע?
ב) שוסטערשע?
ג) רימערישע?

ד) שלאָסערישע?
ה) אַנדערע.

136) אָנגעבן די צאָל אידישע אַרבעטער אין דאָזיקן לאַגער:
א) די מאַקסימאַלע צאָל און צייט.
ב) די מינימאַלע צאָל און צייט.

137) זיינען געווען אין לאַגער אויך אידישע פרויען?

138) אויב יאָ, אָנגעבן זייער צאָל פאַר פאַרשידענע צייט־פונקטן.

139) ווי האָבן זיך געטיילט בערך די אידישע אַרבעטער לויטן עלטער:
א) אינגער פון 21 יאָר.
ב) 21—50 יאָר.
ג) עלטער פון 50 יאָר.

140) וועלכע צוואַנג־מיטלען פלעגן די אָקופּאַנטן געברויכן, כדי צו אינטענסיווירן די אַרבעט?

141) זיינען געווען פאַר אידן באַזונדערע צוואַנג־מיטלען?

142) וויפיל בערך אידן און ניט־אידן זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אָדער אומגעקומען אין דאָזיקן אַרבעט־לאַגער פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין עקזיסטענץ:
א) געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט?
ב) דערפירט צום טויט דורך הונגער?
ג) דערמאָרדעט געוואָרן?
ד) פאַרפייניקט געוואָרן?

143) וויפיל אידן און ניט־אידן זיינען אַראָפּ פון זינען?

144) האָט מען באַקומען געצאָלט פאַר דער אַרבעט:
א) אידן?
ב) ניט־אידן?

145) אויב אידישע אַרבעטער האָבן באַקומען באַצאָלט, — ווי אַזוי?
א) פּערזענלעך יעדער צוואַנג־אַרבעטער?
ב) קאָלעקטיוו דורך דער קהילה אָדער ראַט?

146) ווי אַזוי האָט דער אידישער אַרבעטער אין יעדן פון די דערמאָנטע פאַלן באַקומען זיין לוין:
א) מיט געלט?

ב) מיט שפּייז־פּראָדוקטן?
ג) אויף אַן אַנדער אופן?

147) ווי הויך איז געווען די שטאַרביקייט אין לאַגער:
א) ביי אידן?
ב) ביי ניט־אידן?

148) וואָסערע סיבות האָבן גורם געווען די גרעסטע צאָל געשטאָרבענע:
א) די וואוין־באַדינגונגען?
ב) די קנאַפּע און מאָגערע שפּייז?
ג) די שווערע אַרבעט?
ד) די פּייניקונגען?

149) וועלכע צוואַנג־אַרבעטער זיינען לעבן־געבליבן:
א) די פיזיש געזונטערע?
ב) די פּסיכיש גערולדיקערע?

150) זיינען געווען פאַלן פון זעלבסטמאָרד:
א) ביי אידן?
ב) ביי ניט־אידן?

151) באַמיען זיך אַרויסצובאַקומען ידיעות וועגן קאָנקרעטע פאַלן פון זעלבסטמאָרד און ביי וועלכע סיטואַציעס.

152) לאָזט זיך פעסטשטעלן אַ חילוק אין זין פון אויסהאַלטן און איבער־טראָגן צווישן מזרח־אייראָפּעאישע און מערב־אייראָפּעאישע אידן?

153) דאָ קומען די פראַגעס פון פריערדיקן אָפּטייל (קאָנצענטראַציע־לאַגערן), פון פראַגע 98 ביזן סוף.

# אינסטרוקציעס צום פרעגבויגן נומער 5
# (צוואַנג־קאָנצענטראַציעס)

מיט דעם דאָזיקן פרעגבויגן טרעטן מיר אַריין פיל טיפער אין די גרע־נעצן פון יענע שבעה אָדער שבעים מדורי־גיהנום, דורך וועלכע דאָס אייראָ־פעאישע אידנטום גייט דורך אָט שוין מער פון פינף יאָר און דאָס דייטשע אידנטום — שוין מער פון 12 יאָר.

דער פרעגבויגן נומער 5 פאַרנעמט זיך מיט די צוואַנג־קאָנצענטראַציעס, אַלזאָ מיט יענע פיין־אינסטיטוציעס, וואו ס'זיינען פאַרמוטשעט געוואָרן הונ־דערטער טויזנטער אידן. ס'איז גאָר קיין ספק ניט, אַז די היטלער־באַרבאַרן וועלן זיך באַמיען צו פאַרווישן אַלע שפורן פון זייערע פאַרברעכנס. מיר האָבן דעריבער ווייניק האָפענונגען, אַז ס'וועט זיך איינגעבן צו קריגן פיל שריפט־לעכע דאָקומענטן וועגן די פאַראָרדענונגען אין די געטאָס, אין די אַרבעט־לאַגערן און אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וועגן די ענדערונגען, וואָס מען האָט אַזוי אָפט איינגעפירט, וועגן די דעפּאָרטאַציעס, וועלכע זיינען פאַקטיש געווען טויט־אורטיילן, און וועגן די פיין־מעטאָדעס, וועלכע זיינען מסתמא אויך געווען דער רעזולטאַט פון תקנות און באַפעלן פון די היטלער־צענטראַ־לעס. דאָך דאַרף מען זיך ניט אָפּזאָגן אינגאַנצן פון אויפזוכן אַרכיוון פון די דאָזיקע פיין־אינסטיטוציעס. ביי דער דייטשער נטיה אַלץ צו פאַרשרייבן, אַלץ צו טון לויט אינסטרוקציעס און געבאָטן פון אויבן, וועגן אַלץ צו געבן דין וחשבון צו די העכערע אינסטאַנצן, זיינען געווים אין די אַלע אינסטיטו־ציעס און וועגן זיי אָנגעוואַקסן גאַנצע בערג מיט אויסגעשריבענע פאַפּירן.

ס'איז פאַראַן אַ גרונט מורא צו האָבן, אַז אין ברען פון זיג און אין דער היץ פון שנאה צו היטלערן און צו אַלע זיינע אינסטיטוציעס וועט מען צוזאַמען מיט די געטאָ־ווענט אויך פאַרניכטן די באַשריבענע פאַפּירן, וועט מען צוזאַמען מיט די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אויך מאַכן אַ סוף צו יעדן פאַפּיר־זכר פון די דאָזיקע שאַנד־אינסטיטוציעס. מיר האָבן דאָס שוין געזען אין אייניקע פאַר־

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

נומענע דייטשע פונקטן, וואו מען האָט צוזאַמען מיט היטלערס פאָרטרעטן אויך פאַרברענט די אַרכיוון פון די פאַרטיי־לאָקאַלן. און ס׳איז דאָך זייער וואַר־שיינלעך, אַז אין די דאָזיקע פאַרטיי־אַרכיוון זיינען געווען ניט ווייניק דאָקו־מענטן, וועלכע וואָלטן שפּעטער גאַנץ גוט צונוצגעקומען ביי די משפּטים איבער די נאַצי־פאַרברעכער.

קלאָר, אַז יעדער שריפטלעכער דאָקומענט וועגן די צוואַנג־קאָנצענטראַ־ציעס וועט מיט זיך פאָרשטעלן אַ גאָר ווערטפולע זאַך, און מען דאַרף ניט קאַרגן קיין כוחות אויף צו באַקומען אַזעלכע. אָבער דאָך וועלן מיר אין דעם פאַל זיין געצוואונגען מער אָנצוקומען צו לעבן־געבליבענע עדות, ווי צו שריפטלעכע דאָקומענטן.

ס׳קומען אַלזאָ אויף צוויי שוועריקייטן:

א) אויפזוכן די מענטשן, אידן און ניט־אידן, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען איינעם אָדער עטלעכע פון די צוואַנג־קאָנצענטראַציעס;

ב) אַרויסבאַקומען ביי די דאָזיקע מענטשן ניט נאָר פערזענלעכע איבער־לעבונגען, נאָר אויך אָביעקטיוון מאַטעריאַל.

ס׳וועט געוויס זיין ראַטזאַם אין געגעבענעם פאַל צו פאָרשן וואָס מער מענטשן ניט נאָר פאַר פאַרשידענע צייט־פונקטן פון איין און דער זעלבער אינסטיטוציע, נאָר אַפילו פאַר איינער און דער זעלבער צייט. און חוץ פער־זענלעכע שמועסן, ביי וועלכע די קונסט פונם פאָרשער וועט דאַרפן באַשטיין אַרויפצופירן דעם דערציילער וואָס מער אויף רעלסן פון געבן פאַקטן און ניט נאָר אויסגיסן דאָס שווערע האַרץ, וועט מען זיך דאַרפן באַמיען, אַז מענטשן, וואָס פאַרשטייען וויפיל ס׳ניט איז אויסצולייגן שריפטלעך זייערע אָבסערוואַציעס און איבערלעבונגען, זאָלן דאָס טון. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אידן אָדער ניט־אידן, וועלכע האָבן פאַרנומען אַמטן אין געטאָ אָדער אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, האָבן געהאַט בעסערע מעגלעכקייטן און רואיקערע נערוון אויף אויפנעמען ידיעות און אויך אויף באַהאַלטן זיי אין זכרון.

בנוגע דעם באַטראַכטן בויגן איז געווען אַמשווערסטן צונויפצושטעלן די פראַגעס — די באַדינגונגען אין די געטאָס, ווי אויך אין די לאַגערן זיינען געווען זייער פאַרשידן ניט נאָר פון לאַנד צו לאַנד, נאָר אויך פון שטאָט צו

שטאָט, און אין איינעם און דעם זעלבן לאַגער אָדער אין איינער און דער זעלבער געטאָ פון צייט צו צייט. ס׳איז גענוג באַקאַנט, אַז אין די געטאָס און לאַגערן פון די מערב־איראָפּעאישע לענדער איז די באַהאַנדלונג געווען אַ פיל ווייכערע און האָט געבראַכט אַ סך ווייניקער קרבנות, ווי אין די מזרח־איראָ־פּעאישע לענדער. אין פּוילן גופא האָבן די געטאָס אין די אָקופּירטע צו דייטשלאַנד ראַיאָנען געהאַט אַ ביסל מער מזל, ווי אין גענעראַל־גובערנטום, און מען קאָן ניט פאַרגלייכן די לאַגע אין וואַרשעווער געטאָ אין 1940, ווען העכער 80 טויזנט אידישע אַרבעטער זיינען געווען פאַרנומען אין פאַבריקן און וואַרשטאַטן, וועלכע האָבן פּראָדוצירט פאַר דייטשע אונטערנעמונגען, מיט דער לאַגע נאָך יולי 1942, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון די געטאָס. ענדלעך, ווי איינהייטלעך ס׳זיינען ניט געווען די באַפעלן פון די העכערע אינסטאַנצן פאַר אַלע צוואַנג־קאָנצענטראַציעס, פיל איז אָפּגעהאַנגען פון דער נאַטור פונם קאָנקרעטן פאַרוואַלטער, פון די קאָנקרעטע אויספירער פון די געבאָטן פונם פאַרוואַלטער.

פון דעם נאָר־וואָס געזאָגטן פאָלגט, אַז מען טאָר זיך ניט באַגרענעצן מיט פאָרשן אין אַ ראַיאָן בלויז איינציקע געטאָס אָדער לאַגערן, נאָר מען מוז אַבסאָ־לוט גרינטלעך שטודירן אַלע געטאָס און לאַגערן פון די פּונקטן, וועלכע וועלן אַריינגיין אין דעם פּראָגראַם פון דער פאָרשונג. פאַראַלגעמיינערן און סינ־טעזירן וועט שוין זיין די אויפגאַבע פון דער שפּעטערדיקער סטאַדיע פון דער גאַנצער אונטערנעמונג.

ס׳זיינען אויך פאַראַן פּראָגעס, וואָס זייער קאָמפּליצירטקייט האָט גע־מאַכט אוממעגלעך זייער פאָרמולירונג. ווי קאָן מען, למשל, אין קורץ פאָרמולירטע פראַגעס אויסדריקן דעם גאַנצן קנויל קשיות און פּראָבלעמען, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט דער וואונדער־דערשיינונג, וואָס אין די ערשטע יאָרן פון דער היטלער־אָקופּאַציע, איידער ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די אָרגאַני־זירטע מאַסן־מערדעריי, האָבן די געטאָ־אידן זיך צוגעפּאַסט צו די שרעקלעכ־סטע באַדינגונגען, און כאָטש די שטאַרביקייט האָט געהאַלטן שטאַרק אין וואַקסן, האָט מען ווי ס׳ניט איז געלעבט? אָדער ווי קאָן מען קורץ און קלאָר פאָרמולירן די פּראַגעס, וואָס זיינען שייך צו די דעפּאָרטאַציעס און צו די

דערשיינונגען, וועלכע האָבן באַגלייט די דעפּאָרטאַציעס, ווי מצד די קרבנות, מצד די אידן, אַזוי אויך מצד די חיות־רעות, וועלכע האָבן דורכגעפירט די טויט־אורטיילן? מיר האָבן זיך דעריבער בנוגע די דאָזיקע פּראַגעס באַגרע־נעצט מיט פּונקטן, וואָס דערמאָנען די פאָרשער אין די דאָזיקע טעמעס, אָבער די פּונקטן שעפּן געוויס ניט אויס די דאָזיקע טעמעס. די קונסט פונם פאָר־שער וועט באַשטיין אין דעם, אַז ער זאָל אַרויסבאַקומען אַלע מינים צופאַ־סונגען, אויף וועלכע מענטשן בכלל און אידן גאַנץ באַזונדערס זיינען פעאיק, און באַשרייבן די לעבנס־באַדינגונגען אין די געטאָס אין די „גאָרמאַלע" יאָרן אָדער חדשים. דאָס זעלבע בנוגע די טעג אָדער די וואָכן פון די דעפּאָרטאַ־ציעס: איבערגעבן דעם גייסט־צושטאַנד פון אַן עדה פון צענדליקער אָדער גאָר הונדערטער טויזנטער מענטשן, אומבאַוואָפנטע, שוואַכע, באַלאָדענע מיט פרויען און קינדער, מיט פיל אַלטע לייט און קראַנקע, אַליין אויסגעהונגערטע און פאַרפייניקטע, איזאָלירטע ניט נאָר פון דער גרויסער וועלט, נאָר אויך פון די נאָענטסטע שכנים, — איבערגעבן דעם פּחד און די פאַרצווייפלונג פון אַזאַ פאַר׳משפט׳ע עדה מענטשן איז אַן אויפגאַבע, וואָס ניט יעדער פאָרשער וועט זיין צו איר דערוואַקסן. און פאָרמולירן די דאָזיקע אויפגאַבע אין פראַגע־זאַצן איז גאָר אוממעגלעך.

דער גאַנצער בויגן באַשטייט פון דריי גרויסע אָפּטיילן: 1) די געטאָס; 2) די קאָנצענטראַציע־לאַגערן; 3) די אַרבעט־לאַגערן. דער ערשטער און דריטער אָפּטייל זיינען דערשיינונגען נאָר פון דער מלחמה־צייט, די קאָנצענ־טראַציע־לאַגערן אָבער האָבן שוין עקזיסטירט אין דייטשלאַנד פון 1933 און אין עסטרייך פון 1938. ס׳איז זייער וואַרשיינלעך, אַז בנוגע די דאָזיקע אינ־סטיטוציעס אין די דאָזיקע צוויי לענדער וועט מען דאַרפן צוגעבן נאָך אייניקע פראַגעס, ווי למשל, פראַגעס, וועלכע זאָלן אויפקלערן די באַזונדערע מאָמענטן אין דער הערשאַפט פון די נאַציס, ווען ס׳פלעגט זיי באַפאַלן די פּיין־ און מאָרד־לוסט און זיי פלעגן זיך וואַרפן אויף דער אידישער באַפעלקערונג און פאַר־שלעפּן אין די לאַגערן טויזנטער און צענער טויזנטער אידן. אָבער דאָס מוז בלייבן פאַר דעם לאַנד־בויגן, וועלכער וועט זיינער צייט צונויפגעשטעלט ווערן און וועט נעמען אין אַכט די ספּעציפישע באַדינגונגען פון דייטשלאַנד

## יעקב לעשצינסקי

אָדער עסטרייך.

מיר האָבן אָנגעוויזן אויף די פּראָגעס, אויף וועלכע ס׳איז שווער אָדער גאָר אוממעגלעך צו ענטפערן מיט ציפערן און דאַטעס, און מען מוז געבן באַשרייבונגען — און וואָס דעטאַליזירטערע. אָבער אויך אין דאָזיקן בויגן זיינען פאַראַן ניט ווייניק פּראָגעס, אויף וועלכע מען דאַרף זוכן תשובות אין ציפערן און דאַטעס, ווי שווער דאָס זאָל ניט זיין. פעסטשטעלן די צאָל אידן, וועלכע האָבן פאַרבראַכט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וויפיל פון זיי זיינען געשטאָרבן; וויפיל פון זיי זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד; וויפיל פון זיי האָבן פאַרלוירן זייער פּסיכישן גלייכגעוויכט; וויפיל האָבן איבערגעלעבט אַלע עינויים־קשים, נאָר זיינען אַרויס קאַליקעס; און, ענדלעך, וויפיל פון זיי זיי־נען אַרויס פון די דאָזיקע גיהנום׳ס ניט נאָר לעבעדיק, נאָר אויך גאַנץ — דאָס איז אַזאַ וויכטיקע אויפגאַבע, אַז מען וועט מוזן איר שענקען גאָר אַ סך אויפמערקזאַמקייט.

דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן בנוגע די אַרבעט־לאַגערן. בנוגע די געטאָס באַשטייט די זאַך פּשוט׳ער אַ ביסל — די צאָל אידן אין די געטאָס צו באַ־שטימטע צייט־פּונקטן, באַזונדערס צו דער צייט פון איר גרינדונג, וועט געוויס ניט זיין שווער פעסטצושטעלן. בנוגע די געטאָס וועט דער מאַטעריאַל זיין רייכער אויך פאַר די פּראָצעסן, וועלכע זיינען דאָרטן פאָרגעקומען, און אויך פאַר דער גסיסה־צייט. אין געטאָ זיינען געוויס געווען אידן, וועלכע האָבן געפירט טאָג־ביכער אָדער געמאַכט נאָטיצן, און מען וועט זיי מסתמא קאָנען אויפזוכן. צווייטנס, וועלן מסתמא בנוגע די געטאָס פאַרבלייבן פיל מער דאָקומענטן פון די אידישע קהילות אָדער ראָטן.

## VII

# פרעגבויגן נומער 6
# (די באַציאונגען צווישן אידן און ניט־אידן)

נאָמען פון שטאָט, שטעטל ..................................

קרייז ...................... דיסטריקט ....................

חודש און יאָר פון פאָרשונג ................................

### א) פּאָגראָמען און מאַסן־מאָרדן:

1) איז אין דער שטאָט געווען אַ מאַסן־פּאָגראָם אָדער מאַסן־פּאָגראָמען, וויפיל, ווען, פון וועמען אָרגאַניזירט?

2) ווער האָט גענומען אַן אָנטייל אינם פּאָגראָם; אין די פּאָגראָמען:
א) די דייטשע סאָלדאַטן? אַנדערע אָקופּאַנטישע סאָלדאַטן?
ב) די דייטשע ס. ס.?
ג) אָרטיקע דייטשע איינוואוינער?
ד) לאָקאַלע באַפעלקערונג? (אָנגעבן גענוי די נאַציאָנאַליטעט.)

3) בנוגע דער לאָקאַלער באַפעלקערונג גענוי באַשרייבן דעם אָנטייל פון באַזונדערע פּערזאָנען, אָנגעבן די אַקטיווע פירער, די נעמען, זייערע באַשעפטיקונגען, זייער געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע ראָלע אין שטאָט פאַר דער מלחמה. אויך באַשרייבן די מאַסע אָנטיילנעמער: פון וועלכע קלאַסן מער, פון וועלכע גרופּעס (שטאָטישע, דאָרפישע). אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט שענקען דעם אָנטייל אין די פּאָגראָמען פון די גייסטלעכע, פון דער אינטעליגענץ און פון אַרבעטער.

4) וויפיל טעג האָט געדויערט דער מאַסן־פּאָגראָם; די מאַסן־פּאָגראָמען?

5) באַשרייבן גענוי די געשעענישן:
א) וויפיל זיינען געווען גע׳הרג׳עטע און וויפיל פאַרוואונדעטע?
ב) וויפיל פאַרגוואַלטיקטע פרויען?
ג) וויפיל קינדער דער׳הרג׳עטע און פאַרוואונדעטע?

ד) באַשרייבן גענוי באַזונדערס ווילדע אַקטן פון אַכזריות און פון וועמען זיי זיינען געווען געמאַכט (אַקופּאַנטן און אַרטיקע; דאָרפישע און שטאָטישע; מיטלקלאַס־מענטשן; אינטעליגענטן, א. אַ. וו.).

ה) איז דער פּאָגראָם באַגלייט געוואָרן מיט רויב פון אידישן האָב און גוטס?

ו) באַשרייבן גענוי, ווער ס'האָט דער עיקר געראַבעוועט (אַקופּאַנטן, אַרטיקע מענטשן, דאָרפישע, שטאָטישע א. אַ. וו.) און וואוהין מען האָט דאָס גע־ראַבעוועטע צוגענומען א. אַ. וו.

6) ווער האָט אָפּגעשטעלט דעם פּאָגראָם; די פּאָגראָמען?

7) זיינען געווען אויסערונגען פון סימפּאַטיעס צו אידן אין די פּאָגראָם־טעג:

א) מצד אָקופּאַנטישע אָפיצירן, סאָלדאַטן, אַנדערע?

ב) מצד דייטשע אַרטיקע איינוואוינער?

ג) מצד לאָקאַלע איינוואוינער?

8) באַשרייבן גענוי, אין וואָס די סימפּאַטיעס האָבן זיך אויסגעדריקט, אַקטיווע סימפּאַטיעס און פּאַסיווע, סימפּאַטיעס פון שנאה צו די דייטשן און פון אמת'ער מענטשלעכער רחמנות אויף אידן; אויך באַשרייבן גענוי די נאַציאָנאַליטעט און די סאָציאַלע און געזעלשאַפטלעכע לאַגע פון די, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן סימפּאַטיעס, אויב ס'זיינען געווען פאַלן פון ריזיקירן צוליב אידן, אָנרופן די מענטשן מיט גענויע כאַראַקטעריסטיקס. באַזונדערע אויפמערק־זאַמקייט שענקען די סימפּאַטיעס פון גייסטלעכע, פון אינטעליגענץ, פון אַרבעטער.

9) אויב קיין מאַסן־פּאָגראָם איז ניט געווען, נאָר ס'זיינען געווען איינצלנע אָנפאַלן אויף אידן אין די גאַסן, איינצלנע פאַקטן פון אַריינרייסן זיך אין אידישע וואוינונגען, שלאָגן און ראַבעווען, — באַשרייבן גענוי אַלע איינצל־הייטן און ענטפערן אויף אַלע פראַגעס, וואָס זיינען געשטעלט וועגן די מאַסן־פּאָגראָמען.

10) צי זיינען פון די אָקופּאַנטן אָדער פון דער אַרטיקער מאַכט גע־געבן געוואָרן באַשטימטע טעג אויף הרג'ענען, אויף ראַבעווען, אויף שלאָגן אידן?

11) ווי האָט זיך איינגעשטעלט די לאַגע נאָך דעם מאַסן־פּאָגראָם אָדער נאָך די מאַסן־איבערפאַלן?

12) באשרייבן גענוי, צי האט די אקופאנטישע אדער ארטיקע פאליציי שפעטער אקטיוו ניט געלאזט הרג'ענען, שלאגן, ראבעווען אידן.

13) אויב די פאגראם־לאגע אדער די אנפאלן האבן געטראגן א פער־מאנענטן כאראקטער, באשרייבן גענוי די סיטואציע, די לאגע פון דער אידי־שער באפעלקערונג, די באציאונג פון דער ניט־אידישער באפעלקערונג. ווי־דער גענוי און אויספירלעך, ווי פריער איז אנגעוויזן.

## ב) איזאלאציע פון דער אידישער באפעלקערונג, ליקווידאציע פון אידישן פארמעגן און פון אידישן אנטייל אין עקאנאמישן לעבן:

14) ווי איז געווען די רעאקציע פון דער היימישער ניט־אידישער בא־פעלקערונג אויף דער איינפירונג פון געטא:

א) פרייד און אין וואס האט זיך עס אויסגעדריקט?
ב) גלייכגילטיקייט?
ג) צארן און אין וואס האט זיך עס אויסגעדריקט?

15) באשרייבן אויספירלעך די באציאונג צו דער אידישער געטא פון פארשידענע פעלקער, אויב די באפעלקערונג איז א געמישטע, פון באזונדערע קלאסן, באזונדערס פון די גייסטלעכע און אינטעליגענץ. די באשרייבונג אילוסטרירן מיט פאקטן, ווי די ניט־אידישע באפעלקערונג האט איבערגע־נומען די אידישע וואוינונגען, ווי זיי האבן אויסגענוצט אדער ניט־אויסגענוצט די נויט פון אידן צו ליקווידירן דאס מעבל, אנדערע זאכן; ווי אידן האבן זיך געפילט; ווי האבן זיך אין דאזיקן טראגישן מאמענט אנטפלעקט די שלעכטע און גוטע שכנות'דיקע באציאונגען צווישן אידן און ניט־אידן.

16) באשרייבן באזונדער די באציאונג פון יענער ניט־אידישער בא־פעלקערונג, וועלכע האט געמוזט פארלאזן אירע וואוינונגען אין די גאסן, וועלכע זיינען געווען באשטימט פאר א געטא.

17) אויפקלערן, ווי דער דאזיקער פאקט פון בכלל איינפירן א געטא, א מיטלאלטערלעכע אינסטיטוציע, האט געווירקט אויף דער ניט־אידישער באפעלקערונג:

א) שטארק איבערראשט?
ב) אנגענומען ווי א נאטירלעכע זאך?

18) וואָסערע שפּורן אין די באַציאונגען פון ניט־אידן צו אידן וועט לאָזן דער דאָזיקער צוריקקער צום מיטלאַלטער?

19) ווי האָבן זיך פאַרהאַלטן די ניט־אידישע קרעמער, די ניט־אידישע פאַבריקאַנטן און די ניט־אידישע בעלי־מלאכות צו זייערע אידישע קאָלעגעס ביים ליקווידירן די אונטערנעמונגען:

א) געהאָלפן אידן אַרויסנעמען וואָס מער פון דער ליקווידאַציע?
ב) אויסגענוצט די סיטואַציע און עקספּלואַטירט די אידן?
ג) אַרויסגעוויזן אָפענע פרייד מיטן פּטור ווערן פון קאָנקורענטן?
ד) אַרויסגעוויזן אָפענע רחמנות אויף אידן?

20) באַשרייבן אויספירלעך פיל פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע פאַלן, מיט גענויע אָנגאַבן פון נאַציאָנאַליטעט, פון קלאַסן־לאַגע, פון פריערדיקע באַציאונגען צווישן אידן און ניט־אידן אין דעם געגעבענעם ווירטשאַפט־צווייג אָדער בראַנזשע.

21) ווי האָבן זיך פאַרהאַלטן די ניט־אידישע דאָקטוירים, אַפּטייקער, דענטיסטן צו זייערע פּראָפעסיאָנעלע קאָלעגעס, וועלכע האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע פּאָזיציעס און אַריבערפאָרן אין געטאָ (די זעלבע פראַגעס ווי אין די פּונקטן 19 און 20)?

22) ווי זיינען געווען די באַציאונגען פון די ניט־אידישע פאַבריק־אָנגעשטעלטע און אַרבעטער צו זייערע אידישע קאָלעגעס, וועלכע האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע אַרבעט־פּלעצער:

א) אָפענער צאָרן קעגן די פאַרפאָלגער?
ב) גלייכגילטיקייט?
ג) צופרידנקייט?

23) ברענגען וואָס מער פאַקטן אויף אילוסטרירן אַלע נאָר־וואָס אויסגערעכנטע אויסערונגען.

24) ווי האָט געווירקט אויף דער ניט־אידישער באַפעלקערונג די איינגעפירטע אידישע געלע לאַטע:

א) אַרויסגערופן צאָרן און פּראָטעסט?
ב) אַרויסגערופן פרייד און צופרידנקייט?
ג) עס אָנגענומען ווי אַן אַנאָמאַליע אָדער ווי אַ נאַטירלעכע זאַך?

25) באַשרייבן מיט דער גרעסטער אויספירלעכקייט אַלע פאַקטן פון אָפענע אויסערונגען, פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע, און סטאַרען זיך פעסטצו־שטעלן, אויף וויפיל דאָס איז מעגלעך, די באַציאונג פון דער מערהייט פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג. דערביי גוט אין זינען האָבן פעסטצושטעלן די באַציאונג פון באַזונדערע פעלקער־גרופעס, פון באַזונדערע קלאַסן, פון דער אינטעליגענץ באַזונדערס.

## ג) אין די צוואַנג־קאָנצענטראַציעס:

26) פון וועמען איז באַשטאַנען די פּאָליציי, וועלכע האָט געוואַכט איבער דער געטאָ:

א) פון דייטשע סאָלדאַטן?
ב) פון דייטשע ס. ס.?
ג) פון ניי־ווערבירטע אָרטיקע דייטשן פאַר דעם ציל?
ד) פון ניי־ווערבירטע דייטשן, ספּעציעל געבראַכטע?

27) באַשרייבן מיט דער גרעסטער אויספירלעכקייט דאָס פאַרהאַלטן זיך פון יעדער דערמאָנטער גרופּע און, ווען מעגלעך, אויך אָנגעבן די פּריי־ערדיקע באַשעפטיקונג פון איינצלנע פאַרטרעטער פון דער דאָזיקער פּאָליציי; אילוסטרירן מיט נעגאַטיווע און אויך מיט פּאָזיטיווע פאַקטן דאָס דאָזיקע פאַרהאַלטן זיך; אויפציילן באַזונדער גרויזאַמע פאַקטן, אָבער מיט דער זעל־בער פּינקטלעכקייט אויך סימפּאַטישע פאַלן.

28) אויב די פּאָליציי איז באַשטאַנען פון פאַרטרעטער פון אַנדערע פעל־קער, באַשרייבן גענוי די נאַציאָנאַליטעט, פון וואַנען מען האָט זיי געבראַכט, פון וואָסערע גרופּעס, סאָציאַלע, קולטורעלע, פּאָליטישע, א. אַ. וו.

29) אויב די פּאָליציי איז באַשטאַנען ניט פון פאַרטרעטער פון אַן אָר־טיקער באַפעלקערונג, נאָר פון אַ פרעמדן לאַנד, אויפקלערן ווי גריגנטלעכער, פאַרוואָס די דייטשע מאַכט האָט געמוזט אָנקומען צו פרעמדע עלעמענטן.

30) האָט די אָקופּאַנטישע מאַכט גענוצט די שטענדיקע געטאָ־פּאָליציי אויך ביי איבערפאַלן אויף דער געטאָ און ביי די דעפּאָרטאַציעס?

31) באַשרייבן ווי אַמאויספירלעכסטן דאָס פאַרהאַלטן זיך פון דער שטענדיקער פאָליציי און פון די ספּעציעל געבראַכטע פאַר איינצלנע אַקציעס א. אַ. וו., און תמיד האָבן אין אויג די נאַציאָנאַליטעט, די באַשעפטיקונגען פון איינצלנע אָנטיילנעמער, די פּאָליטישע פאַרגאַנגענהייט א. אַ. וו.

32) באַשרייבן ווי אַמאויספירלעכסטן די באַציאונג פון די ניט־אידישע אינטערנירטע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן צו זייערע אידישע ליידנס־קאָלעגעס.

33) באַשרייבן ווי אַמאויספירלעכסטן איינצלנע פאַלן פון באַזונדערס גרויזאַמער באַהאַנדלונג אין קאָנצענטראַציע־לאַגער מיט אָנגעבן, אויב מעג־לעך, די נעמען, די נאַציאָנאַליטעט, די פּאָליטישע פאַרגאַנגענהייט א. אַ. וו. פון די פּייניקער.

34) באַשרייבן אויך סימפּאַטישע פאַלן פון העלפן אידן, פון שאַנעווען אידן, וכדומה.

35) באַשרייבן געַנוי און אויספירלעך דאָס פאַרהאַלטן זיך פון די ניט־אידישע צוואַנג־אַרבעטער אין די אַרבעט־לאַגערן לגבי זייערע אידישע ליידנס־קאָלעגעס.

36) פּונקטן 33 און 34 פּאַסן אויך פאַר די אַרבעט־לאַגערן.

37) אויספאָרשן גרינטלעך און אויפקלערן, ווי ווייט איז געגאַנגען די טענדענץ פון די דייטשן אַריינצוציען די אָרטיקע ניט־אידישע באַפעלקערונג אין אַלע גרויזאַמע טאַטן קעגן די אידן. צי איז דאָס געווען אַ פּאָליטישע טענדענץ, אָנגעמערקט פון צענטער און דורכגעפירט אומעטום, אָדער אַ רצון פשוט פון דער לאָקאַלער דייטשער מאַכט אויסצונוצן די אָרטיקע באַפעלקע־רונג אין אַן אַרבעט, צו וועלכער ס׳איז געווען גרינג אָדער ניט שווער זי צו־צוציען.

38) אויספאָרשן ווידער גרינטלעך און אויפקלערן, אויף וויפיל די אָרטיקע באַפעלקערונג און אירע פאַרשידענע סאָציאַלע גרופּעס און פּאָליטישע ריכטונגען האָבן פאַרשטאַנען דעם פּאָליטישן מיין פון דער דייטשער טענ־

דענק און זי אָנגענומען אָדער אָפּגעוואָרפן. דערביי איז ביז גאָר וויכטיק אויס־
צופאָרשן און אויפצוקלערן די וואָג צווישן די צוויי אַנטיפּאַטיעס: צו אידן
און צו דייטשן, און ווי ווייט איינע פון די אַנטיפּאַטיעס האָט אַמאָל גובר געווען
און האָט געבראַכט צו אַן אָפּשוואַכונג פון דער אַנטיפּאַטיע צום צווייטן צד,
אָדער אַפילו צו אַ סימפּאַטיע צום צווייטן צד.

# אינסטרוקציעס צום פרעגבויגן נומער 6
# (די באַציאונגען צווישן אידן און ניט־אידן)

די באַציאונגען צווישן אידן און ניט־אידן זיינען דער יסוד פון אידישער עקזיסטענץ אין דער גאָרער וועלט. אידן זיינען אומעטום אַ מיעוט און זיינען לכן שוין ריין פיזיש אָפּהענגיק פון דער אַרומיקער פרעמדער סביבה. און אויב אין נאָרמאַלע צייטן ווערן די דאָזיקע באַציאונגען רעגולירט דורך די עקזיסטירנדיקע געזעצן, וועלכע מוזן שיצן אַלע בירגער, וועלכע קאָנען ניט דערלאָזן צו קיין הפקר־צושטאַנד אַפילו לגבי ניט אינגאַנצן פולבאַרעכטיקטע אָדער פולבאַווערטיקטע בירגער, טרעטן אין שטורמישע צייטן די גרונט־געפילן נאַקעט אַרויס און אַנטפּלעקן זיך אין זייער אמת׳ער געשטאַלט.

באַקומען אַ ריכטיק בילד פון די דאָזיקע גרונט־געפילן פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג לגבי אידן איז זייער וויכטיק ניט נאָר, כדי קלאָרער און מיט אָפענערע אויגן צו פאַרשטיין אונזער פאַרגאַנגענהייט אין גלות, נאָר אויך כדי טיפער און ברייטער צו באַנעמען די פּראָבלעמען פון אונזער צוקונפט־גורל צווישן פרעמדע פעלקער.

פאַר אידן וואָלט אייגנטלעך אַפילו די היטלער־קאַטאַסטראָפע ניט באַדאַרפט זיין קיין גרויסע רעטעניש — אַ פאָלק, וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך קרייץ־צוגן און אינקוויזיציעס, דורך כמעלניצקי־פּאָגראָמען און פּעטלוראַ־שחיטות, מוז שוין זיין געניג פאַרהאַרטעוועט און זיך ניט פאַרלירן אַפילו ביי אַזאַ מיליאָנען־אויסראָטונג, ווי די איצטיקע. דאָך שטייען מיר פאַר אַ גרויסער רעטעניש, ווייל דאָס מאָל זיינען ניט נאָר די אמת׳ע סיבות אומזיניקער און אומפאַרשטענדלעכער, ווי ביי אַלע פריער אויסגערעכנטע קאַטאַסטראָפעס, נאָר אויך די אָנגעגעבענע מאָטיוון זיינען אין פאַרגלייך מיט גאָט־קרייצונג און גאָטלאָזיקייט אַזוי נישטיק און מיזער. און נאָך איין דערשיינונג, וועלכע מוז איבערראַשן — ניט קיין מאַסן פאַר׳שיכור׳טע און פאַנאַטיזירטע פון רעליגיעזער משוגעת אָדער פון פאַנאַטישער רעליגיעזקייט פאַלן

אָן און לייזן אויס די נשמות פון די פאַרבלאָנדזשעטע אידן; ניט קיין עקזאַלטיר־טע און דורך שאָוויניסטישע לאָזונגען אָנגערייצטע מאַסן פאַלן אָן און שניידן בייכער און קוילן קינדער פון באָדנלאָזן פאָלק — רואיק און מיט חשבון, אָרגאַניזירט און דיסציפּלינירט ווערן געשיקט ניכטערע און ביים גאַנצן באַ־וואוסטזיין מענטשן אויסצופילן באַפעלן: פאַרשפּאַרן אומשולדיקע פרויען און קינדער, אַלטע לייט און קראַנקע אין גאַז־קאַמערן און זיי דערשטיקן; צונויפ־נעמען טויזנטער קינדער און זיי האַלב־לעבעדיקע באַגראָבן אין קברים, וועל־כע זייערע עלטערן זאָלן צוגרייטן; פאַרשפּאַרן טויזנטער אומשולדיקע מענטשן אין וואַגאָנעס אויסגעבעטע מיט קאַלך, כדי זיי זאָלן דערשטיקט ווערן. דאָס איז אַ שפּאָגל נייע דערשיינונג אַפילו אין דער אידישער געשיכטע. אַבסאָ־לוט ניי איז אויך די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע אַטמאָספערע, אין וועל־כער די אַלע מערדערייען קומען פאָר.

זיך דערגראָבן צו די נשמה־פּרוזשינעס פון די מאָרד־באַפעלער און, דער עיקר, פון די מאָרד־אויספירער, פון די אוממיטלבאַרע און מיטלבאַרע אויספירער — איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פון אונזער דור. פעסטשטעלן די באַציאונג צו די מאָרד־וואַקכאַנאַליעס פון די גאָר נאָענטע צו די מאָרד־אויספירער און פון די שונאים און געגנער פון די דאָזיקע מאָרד־אויספירער איז ווידער איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס, וועלכע ליגט אויף אונז.

אָט די אַלע שווערע און ביז גאָר קאָמפּליצירטע פראַגעס איז געווידמעט דער פרעגבויגן נומער 6. קלאָר, אַז אין פּונקטן אויסדריקן גענוי און קורץ די פאַרוויקלטע און וואָגיקע פּראָבלעמען, וועלכע מיר האָבן נאָר־וואָס פאָרמו־לירט, איז אוממעגלעך — האָבן מיר געמוזט זיך באַגרענעצן מיט רמזים, מיט פראַגעס, וועלכע זאָלן דעם פאָרשער דערמאָנען אין די פּראָבלעמען און אים ווייזן אַ וועג, ווי צו זאַמלען ניט נאָר סוביעקטיווע באַשרייבונגען וועגן אויסנאַם־גרויזאַמקייטן אָדער אויסנאַם־סימפּאַטיעס צו די קרבנות, נאָר אויך אָביעקטיוון מאַטעריאַל, וועלכער זאָל אונז געבן אַ שליסל צו די באַציאונגען צו אידן פון פאַרשידענע פעלקער, פון פאַרשידענע סאָציאַלע קלאַסן, פון פאַרשידענע פּאָ־

ליטישע ריכטונגען, הכלל, אויפדעקן די דיפערענצירטע באַציאונגען צו אידן פון דער מאָדערנער דיפערענצירטער געזעלשאַפט.

דער בויגן באַשטייט פון פיר גרונט־אָפּטיילן. אין ערשטן אָפּטייל באַ־האַנדלען מיר די פראַגעס פון די מאַסן־פּאָגראָמען און מאַסן־אָנפאַלן. מיר זוכן צו באַקומען מאַטעריאַל וועגן די אוממיטלבאַרע אָנטיילנעמער אין די פּאָגראָמען און אין די אָנפאַלן אויף אידן און אויך וועגן דער אַרומיקער באַפעלקערונג, וועגן איר צושטיין צו די גרויזאַמקייטן, איר פּאַסיוו צוקוקן אָדער אַקטיוו העלפן אידן זיך ראַטעווען פון דער בלוט־באָד. געוויס וועט דיווירקלעכקייט באַווייזן, אַז ס׳זיינען געווען אַלע דריי דערשיינונגען — די אויפגאַבע באַשטייט אָבער אין דעם, אַז מיר זאָלן באַקומען אָביעקטיוון מאַטעריאַל אויף פעסטצושטעלן, וואָס האָט געהערשט, וואָסער באַציאונג איז געווען די, וואָס האָט שטאַרקער און טיפער פאַרכאַפּט די ניט־באַטייליקטע קריסטלעכע באַפעלקערונג: עקל צו די גרויזאַמקייטן און אָפענער אָדער באַ־האַלטענער פּראָטעסט; פּאַסיווקייט אַלס רעזולטאַט פון שנאה צו אידן און צו די אָקופּאַנטן אָדער קוויזלינגס; אַקטיווער אָנטייל אין די מערדערייען, ווייל די שנאה צו אידן האָט געמאַכט פריינדלעך צו די אָקופּאַנטן אָדער יעדנפאַלס אָפּגעשוואַכט די שנאה צו זיי. דאָס איז אָבער ניט דער אויסשליסלעכער אינהאַלט פון דעם ערשטן אָפּטייל פון דעם דאָזיקן פרעגבויגן: ער דאַרף אונז נאָך געבן אַ בילד פונם לעבן פון אידן ביי דער אָקס־אָקופּאַציע אָדער ביי דער הערשאַפט פון אַ היטלעריסטישער רעגירונג אין די אויסנאַם־טעג, אין די טעג ניט פונם פערמאַנענטן נאַרמאַלן גיהנום־צושטאַנד, נאָר אין די טעג פון די שטורמישע כוואַליעס פונם גיהנום. דער דאָזיקער מאַטעריאַל דאַרף אַלזאָ ממלא זיין דעם אינהאַלט פון אַלע פריערדיקע בויגנס, וועלכע האָבן באַדאַרפט געבן דעם טאָג־טעגלעכן צושטאַנד פון די גיהנום־יאָרן. כראָנאָלאָגיש וואָלט דער דאָזיקער בויגן אפשר באַדאַרפט זיין דער ערשטער, ווייל דער מאַסן־פּאָגראָם אָדער די מאַסן־אָנפאַלן זיינען תמיד געווען ווי אַ מין קבלת־פּנים פון די היט־לער ־ באַרבאַרן צו דער אידישער באַפעלקערונג. ווי אַ מין בלוטיקער אַריינפיר צו די וויטערדיקע געשעענישן, נאָר די פאַרשער זיינען אַבסאָלוט ניט געבונדן מיטן סדר פון די פרעגבויגנס. וואַרשיינלעך וועט די אַרבעט פאַר־

טײלט װערן צװישן עטלעכע פאָרשער, און די פאַרשונג פון פאַרשידענע זײטן פון דער קאַטאַסטראָפע װעט פאַרקומען אײנצײטיק.

דער צװײטער אָפּטײל איז געװידמעט אַ ספּעציעלער פראַגע, אַ זײער דעליקאַטער און קאָמפּליצירטער פראַגע: דער רעאַקציע פון קלאַסן־קאָנקו־רענטן אויף דער ליקװידאַציע פון אידישן פאַרמעגן און פון אידישן אָנטײל אין עקאָנאָמישן לעבן. מענטשן זײנען דאָ געשטעלט געװאָרן פאַר זײער קאָמפּליצירטע נסיונות: פון אײן זײט מענטשלעכע געפילן, שנאה צום גע־מײנזאַמען אָקס־פאַרפאָלגער, פון דער צװײטער זײט — שנאה צום אידישן קאָנקורענט, אַ געלעגנהײט צו פּראָפיטירן אוממיטלבאַר פון אָפּקויפן בילּיק אײגנטום און סחורות פון די קרבנות; אײנגעװאָרצלטע שנאה צום אידן. אויך דאָ שטרעבן מיר צו באַקומען דיפערענצירטע תשובות, װי ס'איז נאַטירלעך אין אַ מאָדערנער געזעלשאַפט. די רעאַקציע פון אַ קלײן־קרעמערל איז און מוז זײן אַנדערש פון דער רעאַקציע פון אַן אַרבעטער; די רעאַקציע פון אַ בעל־מלאָכה װעט געװיס זײן אַנדערש פון דער רעאַקציע פון אַ דאָקטאָר אָדער דענטיסט. די זאַמלונג פון אַזאַ קאָמפּליצירטן מאַטעריאַל איז געװיס ניט גרינג, אָבער ס'איז ניט אוממעגלעך. בײ געװיסע אָנשטרענגונגען װעט מען זיך דערשלאָגן צו געװיסע רעזולטאַטן. ניט װײניקער קאָמפּליצירט איז געװען און האָט געמוזט זײן די רעאַקציע פון פאַרשידענע פעלקער — דער װאָלאַך האָט אין בעלגיע זיך אַנדערש פאַרהאַלטן פונם פלעם און דער אוק־ראַינער אין גאַליציע — גאַנץ אַנדערש פונם פּאָליאַק.

דער דריטער טײל איז געװידמעט די צװאַנג־קאָנצענטראַציעס — אויך דאָרטן זײנען ניט אַלע פאַרפאָלגער און פּײניקער געװען גלײך. אויך אינם קאָנצענטראַציע־לאַגער זײנען געװען פאַרשידענע טיפּן פּײניקער. און אונ־זער בויגן װיל אויפדעקן די דאָזיקע פאַרשידנהײטן: צי טראָגן זײ אַ רײן־אינדיװידועלן כאַראַקטער און פּשוט אײן מענטש איז װילדער און אַ צװײטער איז מילדער, אָדער ס'איז פיל געװענדט אין דעם, פון װאָסער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער סביבה מען קומט, װאָס פאַר אַ ירושה־באַציאונג צום אידן מען ברענגט פון דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער װעלט, פון װעלכער מען שטאַמט.

## יעקב לעשצינסקי

צום סוף פון דריטן אַפּטייל ברענגען מיר אַ פּאָר פּראַגעס, אויף וועלכע ס'לוינט זיך צו פאַרהאַלטן אַ ביסל לענגער. מיר האָבן שוין אין סאַמע אָנהייב פון אונזער אַרבעט גערעדט וועגן דעם פּאָליטישן כאַראַקטער פונם מאָדערנעם אַנטיסעמיטיזם און וועגן דעם, ווי דער אַנטיסעמיטיזם ווערט אויסגענוצט פאַר אינטערנאַציאָנאַלע צוועקן. ווי קומט דאָס אָבער פאַר קאָנקרעט? ווי ווייט גייט אַ באַפעלקערונג, וועלכע מוז אין תוך זיין פיינדלעך צו דער אָקופּאַציע־מאַכט, אויף דער אַנטיסעמיטישער ווענדקע און לאָזט זיך נאַרן? וואָסערע מיטלען געברויכט די אָקופּאַציע־מאַכט אויף צו געווינען סימפּאַטיעס פון פיינד דורך דעם אַנטיסעמיטיזם? דאָס זיינען אַלץ זייער שווערוואָגיקע פּראַגעס, וועלכע האָבן אַ פּראַקטישן כאַראַקטער. אינם קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם שפּילט אין דער לעצטער צייט דער נאָר־וואָס אָנגעמערקטער מאָמענט גאָר אַ גרויסע ראָלע. די פעלקער הייבן אָן צו פאַרשטיין, ווי ווייט דער אַנטיסעמיטיזם האָט גורם געווען צו יענער בלינדקייט, וועלכע היטלער האָט אויסגענוצט אויף אָפּצואַוועגדן די אויגן פון זיינע מיליטערישע הכנות און אויף צו געווינען פּאָזיציעס אין לענדער, אויף וועלכע ער האָט געוואָרפן זיין מאַכטגיריק אויג. דאָ וועט זיין זייער וויכטיק צו זאַמלען דעם געדרוקטן מאַטעריאַל, דורך וועלכן די היטלער־מאַכט האָט גערעדט צו דער באַפעלקערונג פון די באַזיגטע לענדער. ס'זיינען אויך געווען ספּעציעלע אויפרופן פון די אָקופּאַנטן צו דער אָרטיקער באַפעלקערונג, אין וועלכע צוגעזאָגטע אידישע מתנות, דירעקטע אָדער אומדירעקטע, האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. אָט די דאָזיקע דאָקומענטן שטעלן מיט זיך פאָר דעם ווערטפולסטן מאַטעריאַל, און אים אויפצוזוכן איז איינע פון די וויכטיקסטע פליכטן פון די פאָרשער.

## VIII
# פרעגבויגן נומער 7
# (מאָרד־צענטראַלעס)

נאָמען פון שטאָט, שטעטל ..............................

קרייז .................. דיסטריקט ..................

חודש און יאָר פון פאַרשונג ..............................

1) **צי איז אין שטאָט אָדער אין שכנות פון דער שטאָט געווען אַ מאָרד־צענטראַלע?**

2) **אויב יאָ, פעסטשטעלן די גרינדונג־צייט, די ענדערונגען אין פאַר־שידענע צייט־פונקטן און די סיבות פון די ענדערונגען, די ליקווידאַציע און אַלע באַגלייט־דערשיינונגען, ווי די פאַרניכטונג פון די מאָרד־כלים און מאָרד־סימנים, די אויסגראָבונג פון די קערפּער פון די דערמאָרדעטע און זייער פאַר־ברענען, א. אַ. וו.**

3) **באַשרייבן גענוי און ווי אַמאויספירלעכסטן:**

א) די גרייס פון דעם פּלאַץ פון דער מאָרד־צענטראַלע, ווי ווייט אַרום איז געווען פאַרבאָטן צו וואוינען, וויפיל אייגוואוינער פון אַרום האָט מען פאַרטריבן פון זייערע וואוינ־פּלעצער.

ב) וויפיל געביידעס זיינען געווען אין דער מאָרד־צענטראַלע, ווען און דורך וועמען אויסגעבויט, די באַשטימונג פון יעדן בנין און זיין גרויס, די אי־זאָלירונג פון די געביידעס צווישן זיך א. אַ. וו.

ג) די שמירה־מעטאָדעס פון דער מאָרד־צענטראַלע — צוימען אַרום און פון וועלכער הויך? עלעקטרישע דראָטן, ווי ווייט און ווי הויך?

4) **אויספאָרשן גרינטלעך און באַשרייבן אויספירלעך די איבערלעבונ־גען פון די מענטשן פון די נאָענטע צו דער מאָרד־צענטראַלע ערטער:**

א) אויב זיי האָבן געהערט די געשרייען און די געוויינען פון די קרבנות, ווי האָט דאָס געווירקט אויף זייערע נערוון אין די ערשטע טעג, אין די שפּעטערע חדשים און אין דער גאָר לעצטער צייט?

ב) ווי האָבן די דאָזיקע געשרייען און געוויינען געווירקט אויפן פּסיכישן צושטאַנד פון די קינדער פון די נאָענטע צו דער מאָרד־צענטראַלע ערטער?

ג) ווי האָבן די עלטערן דערקלערט די קינדער די אָפטע געשרייען און געוויינען פון גרויסע מאַסן מענטשן?

ד) אויב מען האָט געפילט דעם ריח פון פאַרברענטע מענטשלעכע קערפּער און מען האָט געוואוסט, אַז דאָס איז דער ריח פון מענטשלעכע קערפּער, ווי האָט דאָס געווירקט אויף די נערוון פון די איינוואוינער פון די צו דער מאָרד־צענטראַלע נאָענטע ערטער?

ה) ווי האָט דער דאָזיקער ריח פון פאַרברענטע מענטשלעכע קערפּער געווירקט אויף דעם פּסיכישן צושטאַנד פון די קינדער, אויב זיי האָבן געוואוסט וועגן דעם?

ו) ווי האָבן די דערוואַקסענע דערקלערט די קינדער דאָס פאַרברענען פון מאַסן מענטשלעכע קערפּער?

ז) זיינען אין די אַרומיקע ערטער געווען פאַלן פון פּסיכישער צערודערטקייט ביי דערוואַקסענע אָדער קינדער אונטער דער ווירקונג פון די געשעענישן אין דער מאָרד־צענטראַלע?

ח) אויב אַזעלכע פאַלן זיינען געווען, זיי באַשרייבן מיט די גענויסטע פּרטים — הן די סוביעקטן, וועלכע זיינען געווען די קרבנות, און הן די פאָרמען פון דער פּסיכישער צערודערטקייט.

5) פלעגן פרייע מענטשן פון די אַרומיקע וואוין־ערטער צוגעלאָזן ווערן צו אָדער אין דער מאָרד־צענטראַלע?

6) אויב יאָ, אויפזוכן די דאָזיקע מענטשן און אַרויסבאַקומען פון זיי די גענויסטע ידיעות וועגן זייערע איינדרוקן, וועגן זייערע שמועסן מיט וועל־כע ס׳ניט באַאַמטע פון דער מאָרד־צענטראַלע, וועגן די אויסערונגען פון ווע־מען ס׳ניט איז פון די מאַכטהאָבער אין דער מאָרד־צענטראַלע, וועגן די סיבות פון איר גרינדונג א. אַ. וו.

7) צי זיינען באַאַמטע פון וועלכן ס׳ניט איז גראַד געקומען אין קאָנ־טאַקט מיט די איינוואוינער פון די נאָענטע צו דער מאָרד־צענטראַלע ערטער?

8) אויב יאָ, אויסזוכן די מענטשן, מיט וועלכע זיי האָבן געהאַט סטאַ־בילע אָדער צופעליקע קאָנטאַקטן, און אויספאָרשן, צי האָבן די דאָזיקע באַ־אַמטע זיך געאויסערט וועגן דעם כאַראַקטער פון דער מאָרד־צענטראַלע, וועגן די סיבות פון איר גרינדונג א. אַ. וו.

9) באַשרייבן גענוי דעם „לעבנס״־סדר פון אַ טאָג אין דער מאָרד־צענטראַלע:

א) די פאַרטיילונג פונם טאָג פון דעם אויפשטיין ביזן שלאָפן גיין.
ב) די שפייזן און די שפייז־פּאָרציעס פאַר פאַרשידענע קאַטעגאָריעס אינטער־נירטע (פּאָליטישע, קרימינעלע, „ראַסישע״), פאַר פאַרשידענע פעלקער, פאַר אידן פון פאַרשידענע לענדער.
ג) די פאַרשידענע אַרבעט־אַרטן, וועלכע זיינען אויסגעפירט געוואָרן אין פאַר־שידענע צייט־פונקטן אין און אַרום דער מאָרד־צענטראַלע פון אינטערנירטע פון פאַרשידענע קאַטעגאָריעס (פּאָליטישע, קרימינעלע, „ראַסישע״), פון אינטערנירטע פון פאַרשידענע פעלקער און פון אידן פון פאַרשידענע לענדער.

10) צי זיינען געווען אין דער געפאָרשטער מאָרד־צענטראַלע באַ־שטימטע קאָלעקטיווע עקזעקוציעס פאַר באַשטימטע גרופּעס אינטערנירטע, באַזונדערס פאַר אידן און בנוגע אידן פון פאַרשידענע לענדער?

11) באַשרייבן גענוי די אָנפירנדיקע און פאַרוואַלטנדיקע מענטשן פון דער מאָרד־צענטראַלע — פון עלטסטן ביזן קלענסטן: די נעמען, די נאַציאָ־נאַליטעט, זייערע פליכטן, זייער פלייסן זיך אויסצופילן די דאָזיקע פליכטן מיט אַ מותר אָדער פאַרקערט, בילדונג־מצב, סאָציאַלע לאַגע און סאָציאַלער אָפּשטאַם, פּאָליטישע פאַרגאַנגענהייט, און צי געווען אַ מיטגליד פון דער נאַצי־פּאַרטיי פאַרן יאָר 1933, וואָסערע אַמטן פאַרנומען אין דער היטלער־מלוכה פון די לעצטע 12 יאָר, א. אַ. וו.

12) באַשרייבן ווי אַמאויספירלעכסטן אַלע אינטערנירטע פאַר פאַרשי־דענע צייט־פונקטן: נאַציאָנאַליטעט, אידן לויט באַזונדערע לענדער, עלטער־און געשלעכט־באַשטאַנד, פּראָפעסיאָנעלע פאַרגאַנגענהייט, פּאָליטישע פאַר־גאַנגענהייט, אָפיציעלע באַשולדיקונג, אויפפירונג אין דער מאָרד־צענטראַלע — הכנעה און חניפה, אָדער מוט און ווירדע; געפאַלנקייט ביז העלפן די מער־דער, אָדער ווידערשפעניקייט און ווידערשטאַנד ביז ריזיקירן מיטן לעבן.

13) באַשרייבן ווי אַמאויספירלעכסטן יעדן איינצלנעם אַקט פון ווידער־שטאַנד און זיינע רעזולטאַטן הן מצד אידן און הן מצד ניט־אידן — געבן די גענויסטע ידיעות וועגן דער פּערזאָן, וועגן זיין געבורט־לאַנד, וועגן זיין ביל־דונג־מצב א. אַ. וו.

14) באַשרייבן ווי אַמאויספירלעכסטן יעדן פאַל פון פאַרראַט, פון אי־בערגיין אויף דינסט צו די מערדער (ווי אין פריערדיקן פונקט).

15) פעסטשטעלן, אויב מעגלעך, די בערכ׳דיקע צאָל אומגעקומענע און אומגעבראַכטע אין דער מאָרד־צענטראַלע לויט פעלקער, אידן לויט באַזונדערע לענדער.

16) אויב מעגלעך, פעסטשטעלן די פאַרטיילונג פון די אומגעקומענע און אומגעבראַכטע לויט פאָרם פון טויט: נאַטירלעכער טויט, הונגער, פאַרפּייניקט דורך שווערער אַרבעט, דערשטיקט אין גאַז־קאַמער, געפאַלן פון עלעקטרישן דראָט, געהאַנגען א. אַ. וו.

17) באַשרייבן ווי אַמאָויספירלעכסטן די אַרטן עקזעקוציעס, וועלכע זיינען געווען געברויכלעך אין דער מאָרד־צענטראַלע, און ביי וועלכע פאַלן פלעגט מען געברויכן יעדע מין עקזעקוציע און בנוגע וועלכע פעלקער וואָסערע מינים עקזעקוציעס מער אָדער ווייניקער:

א) פאַרפּייניקט דורך שמיץ און ווי אַזוי?
ב) דערשטיקט אין אַ גאַז־קאַמער?
ג) דערשטיקט אין אַ וואַגאָן אויסגעבעט מיט קאַלך?
ד) אומגעבראַכט דורך עלעקטרישן דראָט?
ה) געהאַנגען?
ו) דורך אַן איינשפּריצונג פון אַ דאָקטאָר?
ז) אַנדערע מעטאָדעס פון טויטן.

18) ביי די דאָזיקע באַשרייבונגען אויסטיילן יענע מערדער, וועלכע האָבן זיך מיט עפּעס אויסגעצייכנט: מיט באַזונדערער גרויזאַמקייט און פלייס צו פאַרלענגערן די פּיין פונם קרבן אָדער פאַרקערט.

19) באַשרייבן ווי אַמאָויספירלעכסטן די פּייניקונג־מעטאָדעס, די מכשירים פון די פּייניקונגען און אַלע באַגלייט־דערשיינונגען, ווי פּייניקונג בפרהסיה, למען יראו וייראו; פּייניקונגען אין פאַרשטעקטע פּלעצער; די באַציאונג צו די געפּייניקטע פון באַזונדערע פעלקער און צו אידן פון באַזונדערע לענדער.

20) צי האָט מען אין דער דאָזיקער מאָרד־צענטראַלע פּראַקטיצירט די פאַרשפּרייטונג פון טיפוס־באַצילן אַלס אַ מעטאָד אומצוברענגען די אינטערנירטע? צי האָט געבושעוועט טיפוס־עפּידעמיע?

21) אויב יאָ, באַשרייבן גענוי, ווי דאָס איז דורכגעפירט געוואָרן,

דורך ווענען, ווי האָבן זיך די באַאַמטע און וואַך־סאָלדאַטן אימוניזירט פון אַנשטעקונגען א. אַ. וו.

22) צי איז געווען אָפיציעל און פּאַקטיש אַ מעדיצינישע הילף אין דער מאָרד־צענטראַלע?

23) אויב יאָ, באַשרייבן ווי אויספירלעכער דעם מעדיצינישן פּער־סאָנאַל, געבנדיק אַ כאַראַקטעריסטיק פון יעדן איינעם, לויט פעלקער, לויט לאַנד־אָפּשטאַם, לויט גרויזאַמקייט א. אַ. וו.

א) מעדיצינישער פּערסאָנאַל פון די אינטערנירטע זעלבסט.
ב) מעדיצינישער פּערסאָנאַל פון די אַרומיקע שטעט.
ג) ספּעציעל געבראַכטע פון דייטשלאַנד.

24) פעסטשטעלן די פּאַרטיילונג פונם מעדיצינישן פּערסאָנאַל לויט זיין אָנקומען אין דער מאָרד־צענטראַלע.

25) באַשרייבן אויספירלעך די באַציאונג פון יעדן פונם מעדיצינישן פּערסאָנאַל צו די אינטערנירטע פון באַזונדערע פעלקער, באַזונדערס צו אידן און צו אידן פון פאַרשידענע לענדער.

26) באַשרייבן מעגלעך אויספירלעך, ווי ס׳איז געווען די לאַגע מיט מעדיקאַמענטן אין דער מאָרד־צענטראַלע, און צי האָט די מעדיצינישע הילף טאַקע געהאַט אַ פּראַקטישע ממשות.

27) וואָסערע שטראָפן פלעגן זיין געברויכלעך אין דער צענטראַלע פאַר פאַרשידענע „פאַרברעכנס", באַזונדערס פאַר פּרוּוון אַנטלויפן?

28) זיינען געווען פאַלן פון אַנטלויפן, און אויב יאָ, באַשרייבן די דאָ־זיקע פאַלן און אויך די שטראָפן אויף אַלע אינטערנירטע פאַר ניט מעלדן באַצייטנס.

29) ווי גרויס איז געווען די צאָל באַפרייטע פון דער מאַכט?
(באַשרייבן גענוי, וועלכע עלעמענטן פלעגן באַפרייט ווערן, פון וועלכע פעל־קער, פאַר וועלכע אַזעלכע „פאַרדינסטן", צי אַ דאַנק אַ השפּעה פון דרויסן א. אַ. וו..)

30) באַשרייבן ווי אַמגענויסטן די באַציאונגען צווישן אידן און ניט־אידן אין דער מאָרד־צענטראַלע:

א) גענוי די באַציאונגען צווישן אידן מיט יעדער אַנדערער נאַציאָנאַלער גרופּע אינטערנירטע — מיט דייטשן, אוקראַינער, פּאָליאַקן, אַנדערע.
ב) די באַציאונגען צווישן אידן און ניט־אידן פון באַזונדערע קאַטעגאָריעס: מיט די פּאָליטישע „פאַרברעכער" פון פאַרשידענע פעלקער; מיט די קרי־מינעלע א. אַ. וו.
ג) ווי אַמאויספּירלעכסטן די באַציאונגען צווישן אידן און די מאַכט־אָרגאַנען: מיט די העכערע באַאַמטע, מיט דעם מעדיצינישן פּערסאָנאַל, מיט די אַנ־דערע.

31) ווי אַמאויספּירלעכסטן באַשרייבן די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן אידן פון פאַרשידענע לענדער:
א) ברידערלעכע, ווי קרבנות פון איין קאַטאַסטראָפע?
ב) צעריסענע, ווי קרבנות פון פאַרשידענע קאַטעגאָריעס און פאַרשידענעם יחוס?
ג) פאַרעווע, ווי קרבנות פון אַ געמיינזאַמען אומגליק, אָבער פון פאַרשידענעם יחוס?

32) האָבן די אינטערנירטע בכלל און די אידישע אינטערנירטע בפרט געהאַט וועלכע פאַרבינדונגען מיט דער דרויסנדיקער וועלט:
א) דורך בריוו צו קרובים אָדער פריינד?
ב) דורך באַזוכן פון קרובים אָדער פריינד?

# אינסטרוקציעס צום פרעגבויגן נומער 7
# (מאָרד־צענטראַלעס)

צוויי שווערע אויפגאַבעס וועלן שטיין פאַר די פאָרשער, איידער זיי וועלן צוטרעטן צו דער סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט פון דער גאַנצער פאָרשונג — זאַמלען מאַטעריאַל פאַר אַ פול בילד וועגן דער אינסטיטוציע, וועלכע וועט בלייבן די שאַנדע פון דייטשן פאָלק לעולם ועד:

1) ס׳וועט זיין ניט גרינג אויפצוזוכן מענטשן, וועלכע זיינען אַליין געזעסן אין דער געפאָרשטער מאָרד־צענטראַלע און דערביי געפינען צווישן זיי אַזעלכע, וועלכע האָבן געהאַט אַן אויג אויף צוצוקוקן זיך און באַהאַלטן אין מוח דאָס געזעענע און קאָנען דאָס אַלץ דערציילן אַזוי, אַז מיר זאָלן באַקומען ניט נאָר אָפּגעריסענע איינצלנע שוידער־בילדער פון פאַר׳חיה׳טע מענטשן, נאָר אויך פאַקטן און דאַטעס;

2) אויסצוזוכן מענטשן, וועלכע זיינען געזעסן אין דער מאָרד־צענטראַלע אין פאַרשידענע צייט־פּונקטן, כדי מיר זאָלן באַקומען ניט קיין פאָטאָגראַפיע פון איין מאָמענט, נאָר אַ פּראָצעס פון אַן אינסטיטוציע, וועלכע האָט זיך געענדערט לויט דער צייט, וואָס היטלער־דייטשלאַנד האָט איבערגעלעבט, לויט דעם באַשטאַנד פון די העכערע באַאַמטע און טאָן־געבער גאָר אויבן אין דייטשלאַנד און אויך אויפן אָרט — אין דער מאָרד־צענטראַלע גופא.

און ווייל די אויפגאַבע איז אַזאַ שווערע און אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכע, וועלן די פאָרשער מוזן ביי יעדער עדות־אויפנאַמע געבן אַ גענויע כאַראַקטעריסטיק פון דעם עדות־זאָגער, כדי ניט נאָר דער מאַטעריאַל־זאַמלער זאָל שאַצן די מדרגה פון ריכטיקייט און אָביעקטיווקייט פון די מאַטעריאַלן, נאָר אויך דער קומענדיקער באַאַרבעטער און סינטעטיקער זאָל האָבן פאַר זיך אַ בילד פון דעם מענטשן, וועמענס מאַטעריאַלן ער האַלט אין האַנט.

## יעקב לעשצינסקי

דער דאָזיקער בויגן נומער 7 באַשטייט אין גרונט פֿון דריי גרויסע ציקלען פּראַגעס: אין סאַמע ערשטן טייל באַהאַנדלען מיר די דרויסנדיקע זייט פֿון דער מאָרד־צענטראַלע און די ווירקונג פֿון דער דאָזיקער אייניציק־אַרטיקער „מאָדערנער" אינסטיטוציע אויף דער אַרומיקער באַפֿעלקערונג. עס איז באַקאַנט, אַז די דייטשן, די אייניציקע מחברים פֿון דער דאָזיקער „מאָדערנער" אינסטיטוציע, האָבן זיך באַמיט צו איזאָלירן די אַרומיקע באַפֿעלקערונג פֿון די מאָרד־צענטראַלעס. צענדליקער מײַלן ווײַט פֿון יעדער מאָרד־צענטראַלע פֿלעגן די אײַנוואוינער פֿאַרטריבן ווערן. ס'איז אָבער שוין איצט אויך באַקאַנט, אַז ווי ווײַט די באַפֿעלקערונג איז ניט פֿאַרטריבן געוואָרן, האָט זיך צו איר דערטראָגן ניט נאָר דער ריח פֿון פֿאַרברענטע קער־פּערס, נאָר אויך דער ווײ־געשריי פֿון די קאַנדידאַטן פֿאַר די קרעמאַטאָריומס. ווי האָבן מענטשן, און באַזונדערס קינדער אויפֿגענומען די דאָזיקע אוממענטש־לעכע אַרבעט, וועלכע האָט געמוזט זיך אַרײַנרײַסן אין די נשמות און מוחות פֿון די, וועלכע ס'איז באַשערט געווען צו זײַן בלינדע עדות פֿון דער ווילדסטער טאַט אין דער געשיכטע? ווי האָבן זיי אויפֿגענומען די ריחות פֿון פֿאַרברענטע מענטשלעכע קערפּערס דאָס ערשטע מאָל און דאָס צוואַנציקסטע מאָל? קאָן מען געוווינט ווערן אויך צו אַזאַ חיה'שער דערשײַנונג? און ווי קאָשמאַריש איז געווען זייער שלאָף נאָך דעם ערשטן הימל־רײַסנדיקן געשריי פֿון מאַסן, געפֿירטע צו דער שחיטה, און נאָכן צוואַנציקסטן געהויל פֿון געפֿירטע צום גאַז־מזבח?

דאָס זײַנען ביז גאָר ווייטיקע און שווערוואָגיקע פּראַגעס, וועלכע האָבן אַ נאָענטע שײַכות ניט נאָר צו דער אַלגעמיינער פּראַגע, ווי ווײַט די פֿאַר־ווילדערונג פֿון אַ ציוויליזירטער באַפֿעלקערונג קאָן דערגיין און ווי ווײַט נאָרמאַלע מענטשן קאָנען זיך צוגעוווינען צו דער דאָזיקער פֿאַרווילדערונג און מיט איר לעבן. די דאָזיקע פּראַגעס האָבן אויך אַ געוויס נאָענטע שײַכות מיטן אַנטיסעמיטיזם — בנוגע צו אידן זײַנען דאָך פֿאַר אונזערע אויגן פֿאָרגע־קומען געוויסע זאַכן, וועלכע מען קאָן זיך גאָרניט פֿאָרשטעלן לגבי אַן אַנדער פֿאָלק. און אין די גאַז־קאַמערן, און אין די קרעמאַטאָריומס, און אין די קאָלך־וואַגאָנען זײַנען דאָך מייסטנס געבראַכט געוואָרן אידישע קרבנות, און

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

די אַרומיקע ניט־אידישע וועלט האָט די דאָזיקע דערשיינונג מסתמא גאָר אָפּט אויפגענומען ווי אַ ספּעציעל אידישע שטראָף. דער פּסיכישער צושטאַנד, לכן, פון דער דאָזיקער אַרומיקער באַפעלקערונג אין שכנות פון די מאָרד־צענטראַלעס שפּיגלט אָפּ אין אַ גרויסער מאָס איר באַציאונג צו אידן, איר ספּעציעלע באַציאונג צום אויסמאָרד פון אידישן פאָלק.

דער צווייטער טייל פון בויגן נעמט אַרום אַלץ, וואָס איז שייך צום מענטשן פון דער מאָרד־צענטראַלע — הן צו די אַקטיווע און פּאַסיווע אויספּירער פון די מאָרדן און הן צו די פאַרשידענע קרבנות פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע. דאָ האָבן מיר קאָנצענטרירט די אויפמערקזאַמקייט, פון איין זייט, אויף דער גרויזאַמקייט, צו וועלכער די פּייניקער קאָנען דערגיין און זייערע דערגאַנגען; פון דער צווייטער זייט, אויף די פאַרשידענע טיפּן מענטשן, וועלכע טראָגן איבער מוטיק די גרעסטע ליידן און בלייבן טריי זייער צלם אלוקים, אָדער פאַרקערט, זיי פאַלן קרבנות פון פאַרראַט שוין נאָר פון פחד פאַר פּיין און לייד. דערביי זיינען מיר, ווי איבעראַל אין אונזער אַרבעט, אַרויסגעגאַנגען פון דער הנחה, אַז נאַציאָנאַלער אָפּשטאַם און סאָציאַלע סביבה האָבן געוויס אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל הן אויף די מערדער און הן אויף די געמאָרדעטע. דעריבער האָבן מיר אומעטום געפאָדערט, אַז וואו נאָר ס'איז מעגלעך, זאָל מען פעסטשטעלן די דאָזיקע צוויי סימנים, מיט וועלכע ס'זיינען אויך שוין פאַרבונדן דער בילדונג־מצב און די אַלגעמיינע פּסיכיק.

אינם דריטן טייל באַהאַנדלען מיר אַ זייער דעליקאַטע פראַגע: ווי פאַרהאַלטן זיך קרבנות פון איין קאַטאַסטראָפע איינער צום אַנדערן? ווי ווייט ווירקן דאָ די פאַרשידנקייטן פון פאָלק און קלאַס? און ווייל אידן ווערן דאָך פון די מערדער און פּייניקער שטאַרק אויסגעזונדערט לרעה, איז נאָך פיל וויכטיקער די באַציאונג צו זיי מצד קאָלעגעס אין אומגליק, מצד מענטשן, וועלכע שטייען אַליין אויף דער שוועל פון יענער וועלט. און נאָך דעליקאַטער איז די פראַגע פון דאָזיקן אָפּטייל, וועלכע באַהאַנדלט די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן אידן גופא פון פאַרשידענע לענדער, אַלזאָ פון אידן פון פאַרשידענעם קולטור־מצב, פון פאַרשידענער פּאָליטישער און אויך נאַציאָנאַלער פאַרגאַנגענהייט, און, ליידער, אויך מיט פאַרשידענע פאַראורטיילן פון

איינע צו די צווייטע. האָט דער גרויסער געמיינזאַמער אומגליק אָפּגעווישט אַלע פאַרשידנקייטן און האָט געשאַפן יענע ברידערלעכקייט און יענע נאַציאָנאַלע געמיינזאַמקייט, וועלכע ליגן אין דער נאַטור פון דער זאַך? אָדער מענטשן פאַרגעסן ניט אין זייערע לעבנס־קאַפּריזן אויך ערב גיין אויפן מזבח?

די דריי אָפּטיילן שעפּן ניט אויס אַלע פראַגעס — אַזאַ פראַגע, ווי אַקטן פון ווידערשטאַנד, פון מוטיקן רעאַגירן אויף ווילדע טאַטן פון פייניקער אָדער איינצלנע פראַגעס וועגן די מעטאָדעס פון פייניקונגען און פיל אַנדערע איינצלנע פראַגעס, וועלכע זיינען גאָר, גאָר וויכטיק צום פולן בילד פון די מאָרד־צענטראַלעס, פּאַסן זיך ניט אַריין אין קיין שום אָפּטייל.

# IX

## פרעגבויגן נומער 8
## (אידישע הילף־ און זעלבסטהילף־אָרגאַניזאַציעס)

נאָמען פון שטאָט, שטעטל ..................................

קרייז .......................... דיסטריקט ......................

דאַטע פון פאָרשונג ....................................

### א) טראַדיציאָנעלע הילף־פאָרמען:

1) פעסטשטעלן, ווי לאַנג די אינסטיטוציעס פון דער פאַר־מלחמה׳די־קער קהילה האָבן פונקציאָנירט.

2) פעסטשטעלן, ווי אַזוי זיינען זיי ליקווידירט געוואָרן אָדער פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אינסטיטוציעס מיט נייע נעמען, אָבער מיט דעם זעלבן תוך, א. אַ. וו.

3) פעסטשטעלן, ווי לאַנג ס׳האָבן נאָך דער אָקופּאַציע פונקציאָנירט די טראַדיציאָנעלע אידישע געזעלשאַפטן:

א) ביקור־חולים.
ב) לינת־צדק.
ג) תומכי־עניים.
ד) ענלעכע און אַנדערע חברות, פאַראיינען וכדומה.

4) ווי לאַנג האָבן פונקציאָנירט די מעדיצינישע אינסטיטוציעס פון אָז״ע (טאָ״ז), פון אַנדערע געזעלשאַפטן?

5) ביי אַלע אויסגערעכנטע פראַגעס באַשרייבן אויספירלעך דעם גורל פון איינצלנע אינסטיטוציעס, דאָס ראַנגלען זיך פון יעדער אינסטיטוציע פאַרן קיום, די רעכטלעכע זייט פון דער עקזיסטענץ, די פינאַנציעלע זייט, די פראַגע פון די אָנפירער און טוער, וכדומה.

### ב) די ניי־געשאַפענע הילף־אינסטיטוציעס:

6) אומזיסטע און ביליקע קיכן פאַר דערוואַקסענע, זייער אויפקום, זייערע בודזשעטן ביים מאַקסימום אַנטוויקלונג און ביים מינימום טעטיקייט,

**די מקורים פון זייערע מיטלען; זייער ראָלע אינם קאַמף מיטן הונגער; די מאַקסימאַלע צאָל אַרויסגעגעבענע מיטאָגן און די מינימאַלע צאָל א. אַ. וו.**

**7) די קינדער־קיכן, זייער אויפקום, זייערע בודזשעטן, די מקורים פון זייערע מיטלען א. אַ. וו.**

**8) קאָלעקטיווע הויז־קיכן.**

(באַשרייבן געגוי די אָרגאַניזאַציע, דאָס באַקומען פון פּראָדוקטן, דער אופן פון פאַרטיילן דאָס עסן א. אַ. וו.)

**9) קאָלעקטיווע בלאָק־קיכן.**

(ווי אין פאַריקן פּונקט.)

**10) פּליטים ־ וואוינונגען, זייערע סאַניטאַר ־ היגיענישע באַדינגונגען, דאָס שפּייזן, מעדיצינישע הילף, זאָרג פאַר קינדער, פאַר שוואַכע און אַלטע לייט.**

(באַשרייבן ווי אַמאָויספּירלעכסטן די לאַגע פון די פּליכטלינגע אין די נייע וואוין־ערטער.)

**11) קליידער־קאַמערן, דאָס זאַמלען פון גרייטע קליידער, זייערע מיט־לען, דער פאַרנעם פון זייער אַרבעט אין פאַרשידענע צייט־פּונקטן א. אַ. וו.**

## ג) הילף פון אויסלאַנד:

**12) קאָלעקטיווע פּעקלעך פון אויסלאַנד אין פאַרשידענע צייט־פּונקטן פון דער אָקופּאַציע אָדער הערשאַפט פון אַן אָרטיקן היטלער־רעזשים:**

א) די מאַקסימאַלע צאָל באַקומענע פּעקלעך און די מינימאַלע צאָל באַקומענע פּעקלעך?

ב) פון וועלכע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס באַקומען די פּעקלעך?

ג) די סיבות פון דער פאַרקלענערונג: שטערונגען מצד דער מאַכט, אָביעקטיווע סיבות, ווי קאָמוניקאַציע־שוועריקייטן, אַנדערע סיבות.

**13) די צילן פון די מאַכט־אָרגאַנען ביים דערלויבן באַקומען פּעק־לעך פון אויסלאַנד:**

א) רויב פון אַ טייל פון די אינהאַלטן פון די פּעקלעך?

ב) נאַרן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג פון אויסלאַנד?

ג) איינשלעפערן די וואַכזאַמקייט פון דער אידישער באַפעלקערונג און מאַכן גרינגער די שפּעטערדיקע אויסראָטונג?

ד) באַקומען שפּייז פאַר יענע אידישע אַרבעטער, פון וועלכע מען האָט נאָך געקאָנט אויסזויגן שווייס פאַרן שיקן צו דער שחיטה?

14) באַשרייבן גענוי דעם אינהאַלט פון די פּעקלעך (מעדיקאַמענטן, שפּייז, אַנדערע זאַכן), זייער ראָלע אין ראַטעווען טיילן פון דער אידישער באַפעלקערונג, זייער ראָלע אין זין פון בייטן אויף אַרטיקע פּראָדוקטן, וועל־כע זיינען געווען מער נייטיק פאַר די געטאָס אָדער לאַגערן.

15) באַשרייבן גענוי די אידישע פירער פון דער קהילה אָדער ראַט אָדער געזעלשאַפט, דורך וועמענס הענט ס'זיינען דורכגעגאַנגען די פּעקלעך, זייערע באַציאונגען מיט די מאַכט־אָרגאַנען, זייערע פּערזענלעכע אינטערעסן אין די פּעקלעך, זייער איבערגעגעבנהייט צו די אינטערעסן פונם קאָלעקטיוו א. אַ. וו.

16) באַשרייבן גענוי די מקורים, פון וואַנען און פון וועמען די קאָלעק־טיווע פּעקלעך זיינען געקומען.

17) אינדיווידועלע פּעקלעך — בערך די זעלבע פראַגעס, ווי וועגן די קאָלעקטיווע פּעקלעך.

## ד) בילדונגס־אינסטיטוציעס אין דער אָקופּאַציע־צייט:

18) לעגאַלע בילדונג־אינסטיטוציעס (ביי דער קהילה אָדער ראַט און פּריוואַטע):

א) פּראָפעסיאָנעלע שולן, אַלטע און נייע, די צאָל שילער און לערער (אויב מעגלעך — פאַר דער גאַנצער צייט פון דער עקזיסטענץ), די פּראָגראַמען, די מקורים פון מיטלען, ווי לאַנג עקזיסטירט, ווען ליקווידירט, די סיבות פון דער ליקווידאַציע און אַלע באַגלייט־דערשיינונגען ביי דער ליקווידאַציע.

ב) פּראָפעסיאָנעלע און אַגראַר־קורסן (די זעלבע פראַגעס, ווי אין פריערדיקן פונקט).

19) אומלעגאַלע אַרטן פון פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן דערוואַקסענע און קינדער:

א) פאַר דערוואַקסענע: די לימודים; די שפּראַך; די צאָל שילער און לערער; די פּאַרטיי אָדער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אָנגעפירט.

ב) פאַר קינדער: באַשרייבן געניי די הויז־שולן און בלאָק־שולן; די אַרט אָרגאַניזאַציע; די לימודים; די לערן־ביכער; די לערער און שכר־לימוד, אויב ס'איז געווען; די צאָל קינדער אין באַזונדערע צייט־פּונקטן און פאַר דער גאַנצער צייט פון אָקופּאַציע.

ג) אַנדערע סאָרטן פאַרשפּרייטן בילדונג: דורך ליטעראַטור, דורך בלעטלעך א. אַ. וו.

## ה) פאַרשידענע:

**20) צי זיינען געווען אין שטאָט אָדער אַרום דער שטאָט אידישע פאַר־מער־קאָאָפּעראַטיוון:**

א) די צאָל אָנטיילנעמער, געשלעכט־באַשטאַנד, יאָרן, פריערדיקע פּראָפעסיעס, פּאַרטיי־סימפּאַטיעס א. אַ. וו.

ב) דער שטח באַאַרבעט לאַנד און די אַרט פּראָדוקטן.

ג) לויט וועמענס איניציאַטיוו איז די זאַך אויפגעקומען: פּאַרטיי־איניציאַטיוו און וועלכע, אָדער פּריוואַטע מענטשן?

**21) באַשרייבן ווי אויספירלעכער די לאַגע פון די משומדים אין פּרט פון די אַלע פּראַגעס, וועלכע ווערן באַהאַנדלט אין דאָזיקן בויגן:**

א) אויף וויפיל זיי האָבן געגרינדעט און אַנטוויקלט אַן אייגענע הילף־ און זעלבסטהילף־טעטיקייט און זיך געהאַלטן אָדער געמוזט בלייבן איזאָלירט פון דער אידישער באַפעלקערונג.

ב) אויף וויפיל זיי האָבן, פאַרקערט, זיך געסטאַרעט איינצוגלידערן זיך אין די אַלגעמיין־אידישע אינסטיטוציעס און זיך און די קינדער דערנעענטערן צו דער אידישער באַפעלקערונג.

# אינסטרוקציעס צום פרעגבויגן נומער 8
# (הילף־ און זעלבסטהילף־אָרגאַניזאַציעס)

אין דאָזיקן בויגן אינטערעסירט אונז געוויס אין דער ערשטער רייע דער פּאַרנעם פון די הילף־ און זעלבסטהילף־אָרגאַניזאַציעס, אָבער ווייט ניט דאָס אַליין. פאַר אונז איז נאָך וויכטיק פעסטצושטעלן, אויף וויפיל אונטער די קלעפּ פון די געשעענישן ס'איז דערוואַכט געוואָרן דער כלל־אינסטינקט, דער אַחדות־געפיל, די קעגנזייטיקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, דער עדה־באַוואוסט־זיין. מיר וויסן פון אונזער געשיכטע, ווי שטאַרק ס'איז אַפילו אין נאָרמאַלע צייטן דער כלל־אינסטינקט ביי אידן. אָבער דאָס מאָל זיינען די אידישע מאַסן געשטעלט געוואָרן פאַר אַזעלכע נסיונות, פאַר אַזעלכע גרויזאַמע סכנות, פאַר אַזאַ באַרבאַרישן פייניקער, אַז ס'האָט חלילה געקאָנט גובר זיין דער עגאָ־איסטישער יחיד'ישער אינסטינקט. און געוויס זיינען געווען אויך געגנוג אַזעלכע פאַלן — און מיר דאַרפן דאָס אויך וויסן. אָבער די צענטראַלע פּראָ־בלעם באַשטייט אין פאַררעגעסטרירן די פּילזייטיקע דערפינדערישקייט פון דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט, אירע וואונדערבאַרע המצאות אויף צו ראַטעווען וואָס און וויפיל ס'האָט זיך נאָר געלאָזט און ביז וואַנען ס'האָט זיך געלאָזט.

אין דאָזיקן בויגן האָבן מיר געהאַלטן פאַר ראַטזאַם אַריינצושטעלן אַ גאַנצע רייע פראַגעס, וועלכע זיינען בוגע די קעגנזייטיקע געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען צווישן אידן און משומדים. דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק זיינען מיר, אידן, פון איין צד, און זיי, די אָפטריניקעס, פון דער צווייטער זייט, געשטעלט געוואָרן אין אַ לאַגע, ווען מען איז געווען געצוואונגען קאָנקרעט און קלאָר צו באַשטימען די באַציאונגען פון איינער צום אַנדערן. אין די הילף־ און זעלבסטהילף־אינסטיטוציעס באַקומען די דאָ־זיקע באַציאונגען זייער בולט'סטן און קאָנקרעטסטן אויסדרוק. אין פיל געטאָס איז מסתמא די צאָל משומדים געווען אַזוי קליין, אַז זיי זיינען ניט גע־

## יעקב לעשצינסקי

ווען ביכולת צו אָרגאַניזירן זעלבסטשטענדיקע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטו־ציעס און האָבן געמוזט אָנקומען צו די אידישע. די לעצטע זיינען לכן געווען געצוואונגען קלאָר צו באַשטימען זייערע התחייבות׳ן לגבי די משומדים. דער־ביי איז דאָך די לאַגע געווען אַן אויסעראָרדנטלעך שווערע — פּראָדוקטן איז כסדר געווען פיל ווייניקער, ווי מען האָט באַדאַרפט פאַר די מער אייגענע און האַרציק נאָענטערע. מיט מעדיקאַמענטן איז די לאַגע געווען נאָך שווע־רער און טראַגישער. דער צווייטער צד, די משומדים, וואָס האָט זיך געוויס שטאַרק גענייטיקט, האָט ניט געקאָנט זיין זייער אָביעקטיוו און האָט מסתמא גע־מאָנט אין נאָמען פון הומאַניזם און מענטשלעכקייט. הכלל, ס׳איז געווען זייער אַ פּריקרע און קאָמפּליצירטע סיטואַציע, וועלכע ס׳איז וויכטיק אויפצוקלערן.

X

# פרעגבויגן נומער 9
# (ווידערשטאַנד־קאַמף)

נאָמען פון שטאָט, שטעטל ..................................
קרייז ............... דיסטריקט ...................
דאַטע פון פאַרשונג ...............................

## א) די אַלגעמיינע ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע:

1) ווען האָט זיך אָרגאַניזירט אין שטאָט אָדער אין ראַיאָן דער ערשטער ווידערשטאַנד קעגן דעם אָקופּאַנט?

2) וואָסער פּאָליטישע גרופּע אָדער וועלכע יחידים האָבן גענומען די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד?

(אויב יחידים, געבן אַ גענויע כאַראַקטעריסטיק פון זייער סאָציאַלער לאַגע, בילדונג־מצב, פּאָליטישער צוגעהעריקייט אָדער סימפּאַטיעס א. אַ. וו.)

3) זיינען געווען אידן אין דער פּאָליטישער איניציאַטיוו־גרופּע אָדער צווישן די איניציאַטאָרן־יחידים?

(אויב יאָ, געבן די סאַמע אויספירלעכע כאַראַקטעריסטיק — סאָציאַלע לאַגע, בילדונג־מצב, סביבה, פּאָליטישע צוגעהעריקייט אָדער סימפּאַטיעס א. אַ. וו.)

4) וואָס איז געווען לכתחילה די פּראָגראַם פון דעם אָרגאַניזירטן ווי־דערשטאַנד:

א) אַרויסגעבן אומלעגאַלע ליטעראַטור, כדי צו אינפאָרמירן די באַפעלקערונג וועגן דער ווירקלעכער לאַגע אויף די פראָנטן און וועגן דער סיטואַציע אין לאַנד גופא?

ב) אָרגאַניזירן שמוגל פון מענטשן דורך די גרענעצן?

ג) אָרגאַניזירן סאַבאָטאַזש אין די אַמוניציע־פאַבריקן?

ד) אָרגאַניזירן אָנפאַלן אויף קאָמוניקאַציע־מיטלען?

ה) אָרגאַניזירן אָנפאַלן אויף דורכפאָרנדיקע אַרמיי־אָפּטיילן?

ו) אָרגאַניזירן אַן אונטערערדישע אַרמיי פאַר אַן אָפענעם קאַמף קעגן דעם אָקופּאַנט?

5) באַשרייבן אויספירלעך, ווי די טעטיקייט פון דער אומלעגאַלער אָר־גאַניזאַציע האָט זיך אַנטוויקלט, ווי אויך אירע סאַמע אַקטיווסטע אַקטן אין קאַמף.

6) פעסטשטעלן, צי ס׳זיינען געווען אידן אין די באַזונדערע אָרגאַניזאַ־ציע־קעמערלעך, זייער צאָל, זייערע פונקציעס און ראַנגען, זייערע אויסצייכע־נונגען א. אַ. וו.

(גענויע כאַראַקטעריסטיק פון מעגלעך גרעסטער צאָל אידן).

7) האָט די אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע אין אירע געדרוקטע אויסגאַ־בעס באַרירט די אידישע פראַגע און באַזונדערס די באַציאונג פון די דייטשן צו אידן און אין וועלכער פאָרם און מאָס?

(אויב יאָ, געבן די גענויסטע אינפאָרמאַציע אין דעם פרט און, אויב מעגלעך, צולייגן די שייכות׳דיקע אויסגאַבעס אָדער אויסשניטן.)

8) איז אין דער פּראָגראַם פון דער אַלגעמיינער ווידערשטאַנד־אָרגאַ־ניזאַציע אַריינגענומען געוואָרן אויך דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם בכלל און קעגן דער אויסראָטונג־פּאָליטיק פון די אָקופּאַנטן בפרט?

9) אויב יאָ, באַשרייבן גענוי, ווי האָט מען דורכגעפירט דעם קאַמף קעגן דער אינטענסיווער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע פון די דייטשן און פון זייערע סימפּאַטיזירנדיקע רעגירונגען און ווי האָט מען געקעמפט דירעקט קעגן דער אויסראָטונג־פּאָליטיק פון די אָקופּאַנטן:

א) צי נאָר מיט אויפקלערונג אין דער אומלעגאַלער ליטעראַטור?
ב) צי מיט אָנפאַלן אויף דעפּאָרטאַציע־צוגן און באַפרייען אידן?
ג) צי מיט אָנפאַלן אויף קאָנצענטראַציע־לאַגערן און באַפרייען אידן?
ד) צי מיט אַנדערע מיטלען און וועגן?

10) ביי די דאָזיקע אַלע באַשרייבונגען, אויסטיילן באַזונדער דעם אָנ־טייל פון אידן און ניט־אידן אין די דאָזיקע אַקציעס און אויך אויסזונדערן ספּעציעלע געוואַגטע מעשים הן פון אידן און הן פון ניט־אידן.

11) איז די שטאָטישע אָדער ראַיאָנישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע געווען אָנ־געשלאָסן אין אַ לאַנד־צענטראַלע און צי האָט זי באַקומען פון דאָרטן אָנווייַ־זונגען בנוגע דעם קאַמף קעגן לאָקאַלן אַנטיסעמיטיזם און קעגן דער אויסראָ־טונג־פּאָליטיק פון די אָקופּאַנטן?

12) באַשרייבן אָביעקטיוו די ווירקונג פון דער אַלגעמיינער ווידער־שטאַנד־אָרגאַניזאַציע אין זין פון קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם ניט נאָר פאַר דער מלחמה־צייט, נאָר אויך אויף להבא.

13) אויב ס'זיינען געווען עטלעכע קאַמף־אָרגאַניזאַציעס, ענטפערן אויף אַלע פראַגעס וועגן יעדער פון זיי.

## ב) די אידישע ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע:

14) ווען איז אויפגעקומען די ספּעציעלע אידישע ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע און צוליב וועלכע סיבות אָדער מאָטיוון:

א) פאַר, איינצייטיק אָדער שפּעטער פון דער אַלגעמיינער ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע?

ב) ווייל די אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע האָט ניט אַריינגענומען דעם אידישן מאָמענט אין איר קאַמף־פּראָגראַם?

ג) ווייל די אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע האָט ווייניק אויפמערקזאַמקייט געשענקט דעם אידישן מאָמענט אין איר קאַמף?

ד) ווייל דער אידישער קאַמף האָט זיך געשטעלט ספּעציעלע אויפגאַבעס?

ה) ווייל דער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין האָט דאָס דיקטירט?

15) איז די פּראָגראַם פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע געווען ברייטער פון דער אַלגעמיינער פּראָגראַם, איינשליסנדיק אַלע פּונקטן פונם אַלגעמיינעם קאַמף און צוגעבנדיק ספּעציעל אידישע מאָמענטן, אָדער זי איז געווען שמאָלער, אַננעמענדיק נאָר ספּעציעל אידישע מאָמענטן?

16) באַשרייבן גענוי די אידישע פּראָגראַם.

17) וואָסער פּאָליטישע אָדער געזעלשאַפטלעכע אידישע גרופּע אָדער יחידים האָבן גענומען די איניציאַטיוו צו שאַפן אַ ספּעציעל אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע?

18) באַשרייבן איןביידע פאַלן די מענטשן, וועלכע האָבן פּאַקטיש אויפגעהויבן די פראַגע וועגן שאַפן אַ ספּעציעל אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

19) האָט די איניציאַטיוו צו שאַפן אַ ספּעציעל אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע אַרויסגערופן אַ קעגנערשאַפט פון וועלכע ס'ניט איז אידישע אָרגאַניזאַציעס אָדער אינסטיטוציעס?

20) באַשרייבן ווי אַמאויספירלעכסטן די מאָטיוון פון ביידע צדדים: פון די אָנהענגער פון אַ אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און פון די קעגנער.

21) באַשרייבן גענוי און אויספירלעך די אוממיטלבאַרע סיבות, וועלכע האָבן געפירט צום שאַפן פון אַ אידישער אָרגאַניזאַציע:

א) דער קאַמף־מוט פון די אידישע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס און פון וועלכע?
ב) דער ביישפּיל פון דעם קאַמף פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג?
ג) די אַבסאָלוטע פאַרצווייפלונג און דער רצון כאָטש צו שטאַרבן מיט ווירדע?

22) אויב אידן זיינען געווען אי אין דער אַלגעמיינער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, אי אין דער אידישער, באַשרייבן גענוי, וואו זיינען געווען מער אידן, וואו האָבן זיך אידן מער אויסגעצייכנט, וועלכע אידישע עלעמענטן האָבן גע־האַלטן פאַר זיך אָדער פאַרן קאַמף בעסער צו גיין אין דער אַלגעמיינער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און וועלכע האָבן געהאַלטן פאַרקערט.

23) באַשרייבן אויספירלעך דעם פאַקטישן אָנטייל פון פאַרשידענע אידישע פּאָליטישע גרופּעס אין דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, די פּאָלי־טישע צוגעהעריקייט פון די אָנפירער און פון די אויספירער פון באַזונדערס העראָאישע טאָטן.

24) באַשרייבן ווי אַמאויספירלעכסטן די געוואַגטסטע אַקטן, וועלכע זיינען דורכגעפירט געוואָרן פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

25) באַשרייבן די באַציאונג פון די אידישע לעגאַלע אינסטיטוציעס צו דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

26) אויב די אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אומלעגאַלע אויסגאַבעס, אויס־רעכענען אַלע און באַשרייבן זייער אינהאַלט, זייער גרייס, זייער פאַרשפּרייטונג. (זיך באַמיען צו באַקומען וואָס מער עקזעמפּלאַרן פון די דאָזיקע אויסגאַבעס.)

27) אויב די פּראָגראַם פון דער אידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט איינגעשלאָסן, חוץ קאַמף קעגן אָקופּאַנט, אויך הילף פאַר דער אידישער באַ־פעלקערונג, אויסרעכענען גענוי די געביטן, דעם פאַרנעם פון דער דאָזיקער אַרבעט, די געלט־הוצאות, די מקורים פון די געלטער, די שטיצע פון די אי־דישע לעגאַלע אינסטיטוציעס, פון די קריסטלעכע לעגאַלע אינסטיטוציעס און פון איינצלנע קריסטן, פון באַאַמטע פון אַלגעמיינע אינסטיטוציעס.

# די אידישע קאַטאַסטראָפע

(28) האָט די אָרטיקע אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע געהערט צו אַ אידי־שער צענטראַלער ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע:

(29) אויב יאָ, באַשרייבן גענוי, צי איז די אָרטיקע אָרגאַניזאַציע אויפ־געקומען אויף דער איניציאַטיוו פון דער צענטראַלע, אָדער ס'זיינען צוערשט אויפגעקומען לאָקאַלע קאַמף־גרופּעס און שפּעטער איז געקומען צו אַ פאַר־אייניקונג, אין וואָס איז באַשטאַנען די אָנפירונג און די הילף פונם צענטער א. אַ. וו.

(30) אויב ס'זיינען געווען אידישע פּראָוואָקאַטאָרן, מוסרים און פאַר־רעטער, באַשרייבן גענוי יעדן איינעם פון זיי, זייערע טאַטן, זייער סוף.

(31) אויב ס'זיינען געווען אידישע קאָלאַבאָריסטן, באַשרייבן גענוי יעדן פון זיי, די אָרגאַניזאַציע, וואָס זיי האָבן געגרינדעט אָדער געשטיצט, זייער טעט־טיקייט, די קעגנזייטיקע באַציאונגען מיט דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע א. אַ. וו.

(32) אויב אין דער שטאָט אָדער ראַיאָן זיינען געווען צוויי אָדער מער אידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציעס, ענטפערן אויף אַלע פראַגעס וועגן יעדער פון זיי.

(33) אויב ס'זיינען אין דער געפאָרשטער שטאָט אָדער אין ראַיאָן געווען שליחים פון דער פרעמד, וועלכע זיינען ספּעציעל געקומען צו אָרגאַניזירן דעם קאַמף קעגן די אָקופּאַנטן, באַשרייבן גענוי און ווי אויספירלעכער די מענטשן, זייער פּאַרטיי־צוגעהעריקייט, זייערע טאַטן, זייער איינפלוס אויף דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און אויף איינצלנע מענטשן א. אַ. וו.

# אינסטרוקציעס צום פרעגבויגן נומער 9
# (ווידערשטאַנד־קאַמף)

וועגן דער וויכטיקייט פון פאַרשונג פון אונזער אַקטיוון קאַמף קעגן גרעסטן שונא פון אידישן פאָלק האָבן מיר גערעדט אויספירלעך אין דער אינסטרוקציע צום מלוכה־בויגן, וועלכער אַנטהאַלט אויך אַ גאַנצן אָפּטייל, געווידמעט דער דאָזיקער פראַגע. מיר וועלן דאָ דעריבער נאָר צוגעבן אַ פּאָר באַמערקונגען ספּעציעל וועגן לאָקאַלן בויגן.

ביי די באַדינגונגען, אין וועלכע דער ווידערשטאַנד־קאַמף איז פאָרגעקומען, איז גאָר ווייניק האָפענונג, אַז מיר וועלן אין צענטער געפינען רייכע אַרכיוון מיט פיל באַריכטן וועגן דער קאָנקרעטער אַרבעט אויף די ערטער. נאָך ווייניקער מאַטעריאַל וועלן מיר געפינען אין צענטער וועגן העראָאישע טאַטן פון איינצלנע פּערזאָנען, באַזונדערס פון אידישע אָנטיילנעמער, וועלכע זיינען אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס פאַרניכטעט געוואָרן, ווי די קעמפער פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג. און דאָס מאָל, ווען מיר האָבן געהאַט קעגן זיך אַ שונא, אין וועמענס רשות ס'איז געווען די מעכטיקסטע מיליטערישע און שטאַטלעכע מאַשין פון דער וועלט, איז יעדער ווידערשטאַנד־אַקט פאַקטיש געווען אַ העראָאישע טאַט. נעמט מען נאָך אין אַכט, אַז די אידישע באַפעלקערונג איז ניט נאָר געווען אַנטוואָפנט און אויסגעהונגערט, נאָר אויך איזאָלירט פון דער גאַנצער אַרומיקער נאָענטער און ווייטער וועלט, ווערט ערשט קלאָר, אין וועלכע אויסערסט שווערע און ריזיקאַלישע באַדינגונגען ס'איז אויסגעקומען די אידישע העלדן צו קעמפן. אָבער די דאָזיקע אַלע איינצלהייטן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אַ העראָאיש בלעטל אידישע געשיכטע, קאָנען מיר זאַמלען און צונויפנעמען נאָר אויף די ערטער, וואו מיר וועלן האָפנטלעך געפינען לעבן־געבליבענע אָנטיילנעמער אין די קאַמפן און גאָר נאָענטע מענטשן צו די קעמפער.

מיר האָבן אינם מלוכה־בויגן שוין אָנגעוויזן, אַז דאָס מאָל איז ניט נאָר

דער אַנטיסעמיטיזם געווען אינטערנאַציאָנאַל, נאָר אויך דער קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם. נאָך קיינמאָל אין דער געשיכטע פון אידישע רדיפות און נגישות האָבן מיר ניט געהאַט אין דער אַרומיקער באַפעלקערונג אַזוי פיל נאַטירלעכע און האַרמאָנישע מיטקעמפּער ווי דאָס מאָל.

דער אַנטיסעמיטיזם האָט געוויס געהאָלפן היטלערן שאַפן אַן אינטער־נאַציאָנאַלן פראָנט, וואָס האָט אים ניט ווייניק געדינט ביי זיינע נצחונות אין דער ערשטער סטאַדיע פון דער מלחמה — דער געמיינזאַמער קאַמף אָבער קעגן היטלערן האָט פון זיין זייט אָפּגעשוואַכט די אַנטיסעמיטישע געפילן און גע־דאַנקען פון גרויסע שיכטן פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג און האָט אָפט געשאַפן אַ געמיינזאַמען פראָנט צווישן אידן און ניט־אידן דאָרטן, וואו פריער איז דאָס געווען אוממעגלעך.

דאָס איז אַ דערשיינונג פון קאָלאָסאַלער וויכטיקייט — און שוין ניט נאָר פאַר דער מלחמה־צייט, נאָר אויך אויף להבא. אָפּשאַצן די אמת׳ע וואָג, אָפּמעסטן די ווירקלעכע טיפקייט און וואָרצלדיקייט פון דער דאָזיקער דער־שיינונג וועלן מיר קאָנען נאָר אויפן סמך פון קאָנקרעטן מאַטעריאַל פון די ערטער, וואו דער קאַמף איז פאָרגעקומען און וואו די לעבן־געבליבענע אידן האָבן אַ מעגלעכקייט צו באַאָבאַכטן די זעלבע ניט־אידישע באַפעלקערונג אין די באַדינגונגען, ווען דער שונא איז שוין פאַרניכטעט און ס׳קומט אויס זיך אומצוקערן צו דער פראַזע פון די טאָג־טעגלעכע אינטערעסן.

דער פרעגבויגן נומער 9 באַשטייט פון צוויי גרויסע טיילן: פון אַן אַל־געמיינעם און אַ אידישן. די פראַגעס פאַלן אין אַ גרויסער מאָס צוזאַמען אין ביידע טיילן. און דאָס איז נאַטירלעך — אין ביידע פאַלן אינטערעסירן אונז דער פאַרנעם פון דער אָרגאַניזאַציע, אירע אויפטוען, די גרופּעס, וועלכע זיי־נען געווען די איניציאַטאָרן און די אַקטיווע טוער אין דער אַרבעט, וכדומה. מיר האָבן דאָך די פראַגעס געמוזט איבער׳חזר׳ן, ווייל אין אידישן טייל קו־מען אָפט צו ניואַנסן און שטריכן, וועלכע זיינען פאַר אונז זייער וויכטיק.

צוויי צענטראַלע פּראָבלעמען פילן אויס ביידע טיילן פון בויגן: 1) ווער זיינען געווען די סאָציאַל־פּאָליטישע גרופּירונגען, וועלכע האָבן אויף זיך גע־נומען די איניציאַטיוו פון אָרגאַניזירטן קאַמף קעגן די אָקופּאַנטן? און 2)

## יעקב לעשצינסקי

וואָסערע מעשים זיינען אויפגעטאָן געוואָרן? חוץ די דאָזיקע צוויי צענטראַלע פּראָבלעמען גייט דורך ווי אַ רויטער שנור דער אָנטייל פון אידן אין ביידע טיילן. וואָרום אויך אינם ערשטן טייל, אינם אַלגעמיינעם, איז סוף־כל־סוף אונזער אויפמערקזאַמקייט קאָנצענטרירט אויפן אָנטייל פון אידן אין דער אַל־געמיינער אָרגאַניזאַציע און אויף דעם אינטערעס פון דער אַלגעמיינער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אינם קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם בכלל און קעגן דער דייטשער אויסראָטונג פון דער אידישער באַפעלקערונג גאַנץ באַזונדערס. די לעצטע פראַגע איזווירקלעך גאָר, גאָר אַ וויכטיקע — אויף וויפיל די אַל־געמיינע קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט פאַרשטאַנען, אַז דער אידישער מאָמענט איז ביי היטלערן ניט קיין צופעליקער, נאָר אַן אָרגאַנישער, און מוז דעריבער אויך ווערן אַן אָרגאַנישער טייל פונם קאַמף קעגן היטלערן.

# XI
# פרעגבויגן נומער 10
# (יחידים־דערוואַקסענע)

נאָמען פון שטאָט, שטעטל ....................................
קרייז ....................... דיסטריקט .........................
דאַטע פון פאָרשונג ........................................

א) די פערזאָן:

1) באָמען און פאַמיליע פון געפאָרשטן .....................
איצטיקער אַדרעס .............................

2) געשלעכט: מאַן ...... פרוי ......

3) געבורט־יאָר ......................

4) לעדיק ...... פאַרהייראַט ...... אַלמן ...... אַלמנה ......
עגון ...... עגונה ......

5) ווי לאַנג אין דער איצטיקער וואוינשטאָט און פון וואַנען געקומען אַהער?

6) וואו געלעבט אין סעפּטעמבער 1939 (פאַר דייטשע אידן — יאַנואַר 1933; פאַר עסטרייכישע אידן — מערץ 1938; פאַר טשעכאָסלאָוואַקישע אידן — סעפּטעמבער 1938)?

7) וואו געלעבט צום אָנהייב אָקופּאַציע אָדער צום קומען צו דער מאַכט פון אַ פּראָ־היטלעריסטישער רעגירונג?

8) וואו אויסגעוועזן ביזן קומען צום איצטיקן וואוינפּלאַץ?
(אויסרעכענען אַלע שטעט און לענדער, וואו אויסגעווען, און באַשרייבן גענוי די סיבות פון די וואַנדערונגען און אַלע אויסגעשטאַנענע פּורעניות'ן.)

9) אויב געווען דעפּאָרטירט, אויסרעכענען אַלע עטאַפּן און באַשרייבן אַלע דורכגעמאַכטע פּורעניות'ן פון טאָג פון דער דעפּאָרטאַציע ביזן טאָג פון דער באַפרייאונג. אָנרופן די נעמען פון פייניקער אין וועג אָדער ביים אָנ־

קומען אויפן פּלאַץ; באַשרייבן די באַציאונגען פון דער דעפּאָרטאַציע־וואַך צו אים פערזענלעך און צו אידן בכלל; כאַראַקטעריזירן די באַציאונג פון די באַן־אַרבעטער פון אייזנבאַן־סטאַנציעס, דורך וועלכע די דעפּאָרטירטע זיינען דורכגעפאָרן. אָנגעבן דער עיקר פאַקטן, נעגאַטיווע און פּאָזיטיווע.

(10) אויב געלעבט ווי אַן אַריער, באַשרייבן גענוי, ווי אַזוי באַקומען אַ קריסטלעכן פּאַס, די באַדינגונגען, די באַציאונג פון די קריסטן, וועלכע האָבן געוואוסט, אַז ער איז אַ איד, וואו געוואוינט און ביי וועמען געלעבט, צי געאַרבעט ווי אַן אַריער און וואָס דורכגעמאַכט אַלס אַן אַריער ביי אַלע גע־לעגנהייטן.

(11) אויב געווען אויסבאַהאַלטן ווי אַ איד, ביי וועמען, ווי אַזוי. אָנגעבן אַלע פּרטים.

(12) אויב געלעבט אין אַ וואַלד, דערציילן אַלע פּרטים — וואו, מיט וועמען, מיט אידן, מיט קריסטן, ווי לאַנג, אַלע באַדינגונגען פון עסן, שלאָפן, פון קליידן, פון וואַשן זיך, פון אַנוואַרעמען זיך ווינטער; אַלע, אַלע פּרטים.

(13) אויב געווען אַ פּאַרטיזאַן, אָנגעבן די גרופּע, די קאָלעגעס, אידן און קריסטן, ווי געקומען דערצו, ווי לאַנג געווען אַ פּאַרטיזאַן, וואָס אויפגעטאָן, וואָס מער פּרטים.

(14) וואָס פאַר אַ בירגער זענט איר?

(15) אויב אַ שטאַטנלאָזער, וואָס פאַר אַ בירגער זענט איר פריער גע־ווען?

(16) וואָס פאַר אַ בירגער־דאָקומענטן האָט איר אָדער אַנדערע באַווייזן פון אייער בירגערשאַפט?

(17) אויב אַ שטאַטנלאָזער, וואָסערע דאָקומענטן האָט איר פון אייער שטאַטנלאָזיקייט און פון אייער אַמאָליקער בירגערשאַפט?

(18) וואָסערע דאָקומענטן האָט איר אָדער אַנדערע באַווייזן פון אייער סטאַבילן וואוינאָרט ערב דער מלחמה?

(19) אויב איר האָט געלעבט אין אַ געטאָ, באַשרייבן ווי אויספירלעכער די באַדינגונגען פון דער געטאָ, די צוימען, די שעה פון מוזן זיין פאַרשפּאַרט,

## די אידישע קאַטאַסטראָפע

די צייט פון איינקויפן פּראָדוקטן, די וואוין־באַדינגונגען, די שפּייז־באַדינגונגען, די סאַניטאַר־היגיענישע באַדינגונגען, די פאַרדינסטן, די קראַנקהייטן. דער עיקר פּערזענלעכע איבערלעבונגען און געשעענישן אין דער אייגענער פאַמיליע. באַשרייבן אויך די ענדערונגען צום ערגערן אָדער בעסערן, די סיבות, פאַלן פון זעלבסטמאָרד אין דער אייגענער פאַמיליע אָדער אין וואוינהויז, די סיבות פון זעלבסטמאָרד און כאַראַקטעריסטיק פון זעלבסטמערדער, פאַלן פון אַראָפּ פונם זינען, די סיבות מיט גענויער כאַראַקטעריסטיק פון קראַנקע. דער עיקר קאָנקרעטע פאַקטן מיט נעמען פון מענטשן.

20) אויב געווען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, באַשרייבן גענוי און אויספירלעך דעם פּלאַץ, די צימערן, די סאַניטאַר־היגיענישע באַדינגונגען, די צאָל מענטשן, מאַקסימום און מינימום, אידן, קריסטן, די שפּייז־באַדינגונגען, דעם סדר פון אַ טאָג לעבן אין לאַגער, די אַרבעטן אין לאַגער, די פּייניקונגען און די פּיין־מעטאָדעס און פּיין־כלים. אָנרופן נעמען פון פּייניקער. באַשרייבן פאַלן פון זעלבסטמאָרד, פון משוגע ווערן, פון פּראָטעסטן, פון אָנפאַלן אויף די לאַגער־באַאַמטע, אַלץ, אַלץ און וויפיל מעגלעך מיט נעמען הן פון די פּייניקער און הן פון די קרבנות. באַשרייבן די באַציאונגען צווישן אינטערנירטע אידן און ניט־אידן; צווישן אידן פון פאַרשידענע לענדער

21) אויב געווען אין אַן אַרבעט־לאַגער, באַשרייבן ווי אין לעצטן פונקט.

22) אייער הויפּט־באַשעפטיקונג אָדער אַרבעט־פאַך ערב דער מלחמה.

23) אויב איר האָט פריער געהאַט נאָך וועלכע ס'איז באַשעפטיקונגען אָדער פאַכן, אויסרעכענען די עיקר־דיקע.

24) אויסרעכענען אַלע אייערע באַשעפטיקונגען אָדער אַרבעטן אין משך פון דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה.

25) אויב געאַרבעט פאַר אָדער ביי היטלערן, אויסרעכענען אַלע מינים אַרבעטן און באַשרייבן גענוי אַלע אַרבעט־באַדינגונגען.

26) אויב זיך אויסגעלערנט אַ נייעם פאַך אין משך פון דער מלחמה, באַשרייבן גענוי, וואָסער פאַך און ווי ווייט געאיבט אין אים.

27) וואָסער בילדונג האָט איר באַקומען:
א) פאָלק־שול?
ב) מיטל־שול?
ג) הויך־שול?
ד) חדר? תלמוד־תורה? ישיבה?

28) אין וואָסערע שפּראַכן קאָנט איר לייענען:
א) ....................
ב) ....................
ג) ....................
ד) ....................

29) אין וואָסערע שפּראַכן קאָנט איר שרייבן:
א) ....................
ב) ....................
ג) ....................
ד) ....................

30) האָט איר אַ פיזישן מום, ווען און וואו האָט איר אים באַקומען?

31) אויב ביי די נאַציס, באַשרייבן גענוי, ביי וועלכע באַדינגונגען און ווער זיינען די אוממיטלבאַרע שולדיקע.

32) פילט איר זיך בכוח איצט צו טאָן פיזישע אַרבעט?

33) אויב ניט, באַשרייבט גענוי אייער פיזישן און פסיכישן צושטאַנד, וואָס עס שטערט אייך צו טאָן פיזישע אַרבעט.

34) פילט איר זיך בכוח אומצוקערן זיך צו אייער פאַר־מלחמה׳דיקער באַשעפטיקונג אָדער אַרבעט?

ב) פאַמיליע:

35) איז אייער פרוי מיט אייך? (איז אייער מאַן מיט אייך?)

36) אויב ניט, וואו איז זי? (וואו איז ער?)

37) אויב זי (ער) האָט זיך געראַטעוועט, באַשרייבן גענוי, ווי אַזוי און וואוהין, און צי האָט איר ידיעות פון איר? (פון אים?)

38) אויב זי (ער) איז אומגעקומען, באַשרייבן גענוי, וואו און ווי אַזוי, אויב איר האָט ידיעות.

39) אויב איר (זיין) גורל איז אומבאַקאַנט, באַשרייבט, ווען איר האָט זיך מיט איר (אים) צעשיידט און ווען איר האָט געהאַט פון איר (אים) אָדער וועגן איר (אים) די לעצטע ידיעות.

40) האָט איר געהאַט מיט זיך אין אייער היים קינדער צום אָנהייב פון דער מלחמה?

41) אויב יאָ, אויסרעכענען די נעמען, געשלעכט, יאָרן, באַשעפ־טיקונגען.

42) האָט איר איצט מיט זיך אַלע קינדער?

43) אויב ניט, אויסרעכענען די פעלנדיקע, די נעמען, געשלעכט, יאָרן, באַשעפטיקונגען.

44) אָנגעבן גענויע ידיעות, אויב מעגלעך, וועגן די פעלנדיקע:

א) זיך געראַטעוועט אין אַ ווייט לאַנד, ווען, ווי אַזוי, וואוהין, אַלע פרטים;

ב) אומגעקומען, ווען, וואו, ווי אַזוי, אַלע פרטים.

ג) אומבאַקאַנט — ווען זיך צעשיידט, ווען געהאַט די לעצטע ידיעה, אויספיר־לעכע באַשרייבונג.

45) אויב עמיצער פון אייערע קינדער האָט זיך באַטייליקט אין אַ גערילאַ־גרופע, אין אַ אידישן געטאָ־אויפשטאַנד, אין אַן אַלגעמיינעם קאַמף קעגן די אָקופּאַנטן, געבן אַן אויספירלעכע כאַראַקטעריסטיק פונם אָנטייל־נעמער (בילדונג, פּאַרטיי־סימפּאַטיעס, פּאָליטישע פאַרגאַנגענהייט) און די אויספירלעכסטע ידיעות וועגן זיין ראָלע אין די אויסגערעכנטע קאַמפן.

46) האָט איר געהאַט אין די היטלער־לענדער קינדער אָדער קרובים?

47) אויב יאָ, דערציילן, וואָס איר ווייסט וועגן זיי און אָנרופן די נעמען:

א) זיך געראַטעוועט אין אַ פריי לאַנד?

ב) אומגעקומען, ווען, וואו און ווי אַזוי?

ג) געפאַלן אין קאַמף מיט די אָקופּאַנטן, ווען, וואו, ווי אַזוי?

## ג) אייגנטום און אונטערנעמונג:

I. אומבאַוועגלעכע גיטער:

48) האָט איר געהאַט אומבאַוועגלעכע גיטער אין אייער לעצטן וואוינ־לאַנד:

א) אַן אייגן הויז?
ב) אַן אייגענע קלייט?
ג) אַן אייגענע פֿאַבריק?
ד) אַנדערע אומבאַוועגלעכע גיטער?

49) אויב יאָ, אָנגעבן גענוי דעם אַדרעס, דאָקומענטן, אַנדערע באַווייזן אָדער סימנים.

50) וויפֿיל אייגנטום־שטייער האָט איר געצאָלט אין לעצטן יאָר פֿאַר דער מלחמה?

51) אויב די גיטער זיינען געווען פֿאַרזיכערט, אָנגעבן, אויף וועלכער סומע און אין וועלכער געזעלשאַפֿט.

52) האָט איר געהאַט אומבאַוועגלעכע גיטער אין אַנדערע לענדער?
(די פֿראַגעס 48, 49 און 50 חזר׳ן זיך איבער.)

53) האָט איר וועלכע ס׳ניט איז ידיעות וועגן גורל פֿון אייערע אומבאַוועגלעכע גיטער?

54) אויב זיי זיינען פֿאַרניכטעט געוואָרן, זיינען אייך באַקאַנט די סיבות און וועלכע?

55) אויב זיי זיינען גאַנץ געבליבן, אין וועמענס רשות געפֿינען זיי זיך:
א) אין קיינעמס ניט?
ב) אין רשות פֿון דער צענטראַלער רעגירונג?
ג) אין רשות פֿון דעם, וואָס האָט זיי געקויפֿט פֿון דער אָקופּאַציע־מאַכט אָדער פֿון דער אָרטיקער היטלעריסטישער רעגירונג?
ד) אין רשות פֿון דעם, וואָס האָט זיי פֿאַרקאַפֿט בשעת מלחמה?

56) האָט איר אייערע גיטער אין מלחמה־צייט פֿאַרקויפֿט, כדי צו ראַטעווען אייער פֿאַרמעגן, גיט אָן גענוי, פֿאַר וועלכן פּרייז פֿאַרקויפֿט, וויפֿיל איז דער ריכטיקער ווערט פֿון די גיטער און צי מאָנט איר צוריק אייערע גיטער?

57) האָט איר פֿאַרקויפֿט אייערע גיטער אַ דאַנק צוואַנג פֿון דער מאַכט, גיט אָן גענוי ווען, ווי אַזוי, ווי ווייט איז געווען דער באַקומענער פּרייז פֿונם ווירקלעכן און וואָס רעכנט איר איצט צו טאָן?

58) האָט מען אייערע גיטער עקספּראָפּריאירט — וועלכע מאַכט, ווען,

**אויפן סמך פון וועלכן געזעץ, צי איז דער דאָזיקער געזעץ שוין אָפּגעשאַפט און צי האָט איר שוין באַקומען צוריק אייערע גיטער?**

**59) אויב איר זענט אַ יורש פון גיטער, אָנגעבן וועלכע און ענט־פערן אויף אַלע פראַגעס פון נומער 47 אָן.**

II. באַוועגלעכע גיטער:

**60) האָט איר געהאַט מזומן־געלט צו דער צייט פון אָקופּאַציע אָדער הערשאַפט פון אַ היטלער־רעגירונג:**

א) אין די בענק, אין וועלכע און וויפיל?
ב) אין אַ שפּאָר־קאַסע, אין וועלכער און וויפיל?
ג) ביי זיך אין שטוב און וויפיל?

**61) באַשרייבן גענוי, וואָס איז געוואָרן מיטן געלט:**

א) באַקומען אויסגעצאָלט ראַטעסווייז און וויפיל?
ב) צוגענומען און ניט געגעבן קיין שום קוויטירונגען?
ג) קאָנפיסקירט, ווען און פון וועמען?

**62) האָט איר געהאַט אַקציעס פון אונטערנעמונגען און אָבליגאַציעס פון מלוכה־הלוואות, אויף וויפיל און וואָס איז געוואָרן מיט זיי?**

**63) האָט איר באַוויזן אויף די אַקציעס און אָבליגאַציעס?**

**64) האָט איר געהאַט אין שטוב טייערע זאַכן:**

א) גאָלד־ און זילבער־זאַכן?
ב) טייערע קונסטווערק?
ג) טייערע מעבל?
ד) טייערע פּעלצן און אַנדערע טייערע ווינטער־קליידער?
ה) אַנדערע טייערע זאַכן?

**65) אָנגעבן דעם ווערט פון אַלע זאַכן און וואָס ס'איז געוואָרן מיט זיי.**

III. האַנדל:

**66) האָט איר געהאַט אַ קראָם אין אַן אייגענער אָדער געדונגענער געביידע?**

**67) אויב אין אַ געדונגענער, אָנגעבן וויפיל געצאָלט יאָרלעך דירה־געלט.**

**68) אויב אין אייער וואוינלאַנד זיינען איינגעפירט האַנדל־פּאַטענטן, אַנגעבן די קאַטעגאָריע פון אייער קראַם־פּאַטענט.**

**69) וויפיל האָט איר געצאָלט אומזאַץ־שטייער אין לעצטן יאָר פאַר דער מלחמה?**

**70) וויפיל האָט בערך באַטראָפן דער געלט־ווערט פון דער סחורה פון קראַם ביי דער ליקווידאַציע?**

**71) ווי איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון אייער קראַם:**

א) פרייוויליק „פאַרקויפט", כדי מקדים צו זיין די גזירה פון קאָנפיסקאַציע?
ב) „פאַרקויפט", ווייל געווען געצוואונגען פון דער מאַכט?
ג) צעראַבעוועט געוואָרן, פון וועמען און ווען?
ד) קאָנפיסקירט געוואָרן, פון וועמען און ווען?
ה) פאַרברענט געוואָרן, ביי וועלכע באַדינגונגען און ווען?
ו) צוגענומען געוואָרן אין רשות פון דער אַדמיניסטראַציע?

**72) אויב אייער קראַם פונקציאָנירט נאָך איצט, אין וועמענס רשות געפינט זי זיך:**

א) אין אייערע הענט, פון ווען אָן און ווי אַזוי האָט איר זיי צוריקבאַקומען?
ב) אין די הענט פון דעם „קויפער", וועמען איר האָט פרייוויליק „פאַרקויפט"?
ג) אין די הענט פונם „קויפער", וועמען איר האָט געמוזט „פאַרקויפן"?
ד) אין רשות פון דער אַדמיניסטראַציע?

**73) אויב די קלייט, אין וועלכער איר האָט געהאַט אייער קראַם, שטייט ליידיק, וואָלט איר געוואָלט עפענען דאָרטן ווידער אַ קראַם?**

**74) וויפיל האָט באַטראָפן אייער יאָרלעכע הכנסה אין דורכשניט פאַר די לעצטע דריי יאָר פאַר דער מלחמה?**

IV. פאַבריקאַציע:

**75) האָט איר געהאַט אַ פאַבריק: אין אַן אייגענער געביידע? אין אַ געדונגענעם בנין? וואָס האָט זי פּראָדוצירט?**

**76) איז זי געווען פאַרזיכערט און אין וועלכער סומע?**

**77) אויב אין אַ געדונגענעם בנין, וויפיל האָט איר געצאָלט דירה־געלט פאַר דער מלחמה?**

78) אויב אין אייער וואוינלאַנד זיינען איינגעפירט פאַבריק־פאַטענטן, וואָסער אַ קאַטעגאָריע פאַטענט האָט איר אויסגעקויפט?

79) וויפיל שטייערן האָט איר געצאָלט אין לעצטן יאָר ערב דער מלחמה?

80) וויפיל אַרבעטער און אָנגעשטעלטע האָט איר באַשעפטיקט ערב דער מלחמה?

81) וואָסערע מאַשינען האָט איר געהאַט אין דער פאַבריק און אין וואָסער סומע שאַצט איר זייער ווערט?

82) זיינען די מאַשינען געווען פאַרזיכערט און אין וואָסער סומע?

83) האָט איר ערב דער ליקווידאַציע געהאַט אין פאַבריק רוישטאָפן און אויף וועלכער סומע?

84) האָט איר ערב דער ליקווידאַציע געהאַט אין פאַבריק גרייטע סחורות און אויף וואָסער סומע?

85) ווי איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון אייער פאַבריק:

א) פרייוויליק „פאַרקויפט", כדי מקדים צו זיין די גזירה פון קאָנפיסקאַציע?

ב) „פאַרקויפט", ווייל געווען געצוואונגען פון דער מאַכט?

ג) צעראַבעוועט געוואָרן, פון וועמען און ווען?

ד) קאָנפיסקירט געוואָרן, פון וועמען און ווען?

ה) פאַרברענט געוואָרן, ביי וועלכע באַדינגונגען און ווען?

ו) צוגענומען געוואָרן אין רשות פון דער אַדמיניסטראַציע?

86) האָט אייער פאַבריק פונקציאָנירט אין דער מלחמה־צייט און אין וועמענס רשות איז זי געווען?

87) פונקציאָנירט איצט אייער פאַבריק און אין וועמענס רשות געפינט זי זיך?

88) האָט איר געפּרואווט באַקומען צוריק אייער פאַבריק און וואָס איז דערפון געוואָרן?

89) אויב די געביידע און די מאַשינען פון אייער פאַבריק שטייען פריי אין איצטיקן מאָמענט, צי זענט איר גרייט פאָרצוזעצן אייער אַרבעט אין דער דאָזיקער אונטערנעמונג?

90) **אויב ניט, צוליב וועלכע סיבות:**
א) דוחק אין קאַפּיטאַל?
ב) נייע עקאָנאָמישע סיטואַציע אין לאַנד?
ג) אַנדערע סיבות?

91) **אויב איר זענט אַ יורש פון אַ פאַבריק־אונטערנעמונג, ענטפערט אויף אַלע פראַגעס פון נומער 68 ביז 82.**

V. האַנטווערק:

92) **האָט איר געהאַט אַ מלאָכה־וואַרשטאַט?**

93) **אויב יאָ, אין וועלכן אָרט:**
א) אין אייער וואוינונג?
ב) אין אַן אייגענער באַזונדערער געביידע?
ג) אין אַ געדונגענעם בנין?

94) **וויפיל און וועלכע מאַשינען האָט איר געהאַט?**

95) **אין וואָסער סומע שאַצט איר דעם ווערט פון די מאַשינען ערב דער מלחמה?**

96) **האָט איר ערב דער ליקווידאַציע געהאַט רוישטאָפן און גרייטע סחורות און אויף וועלכער סומע?**

97) **האָט איר אויסגעקויפט אַ פּאַטענט און פון וואָסער קאַטעגאָריע?**

98) **וויפיל אַרבעטער און לערנאינגלעך האָט איר באַשעפטיקט ערב דער מלחמה?**

99) **ווי איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון אייער וואַרשטאַט און ווען:**
א) פרייוויליק „פאַרקויפט", כדי מקדים צו זיין די גזירה פון קאָנפיסקאַציע?
ב) „פאַרקויפט", ווייל געווען געצוואונגען דערצו פון דער מאַכט?
ג) צעראַבעוועט געוואָרן, פון ווען און ווען?
ד) קאָנפיסקירט געוואָרן, פון ווען און ווען?
ו) צוגענומען געוואָרן אין רשות פון דער אַדמיניסטראַציע?

100) **האָט אייער וואַרשטאַט פונקציאָנירט אין די מלחמה־יאָרן און פון ווען?**

101) **פונקציאָנירט איצט אייער וואַרשטאַט און פון ווען?**

102) אויב דער פּלאַץ און די מאַשינען פון אייער וואַרשטאַט שטייען פריי, צי זענט איר גרייט פאַרצוזעצן אייער אַרבעט און אייער אונטערנעמונג?
א) דוחק אין קאַפּיטאַל?
ב) נייע עקאָנאָמישע סיטואַציע אין לאַנד?
ג) קאָנקורענץ פון קריסטלעכע בעלי־מלאָכות אין אייער בראַנזשע?
ד) אַנדערע סיבות?
103) אויב ניט, צוליב וועלכע סיבות:
VI. לאַנדווירטשאַפט:
104) זענט איר געווען אַ לאַנד־באַזיצער?
105) אויב יאָ, וויפיל לאַנד האָט איר באַזיצט און וואו?
106) האָט איר דאָקומענטן אויף אייער באַזיץ אָדער אַנדערע באַווייזן?
107) האָט איר געצאָלט באָדן־שטייער און וויפיל אין לעצטן יאָר פאַר דער מלחמה?
108) האָט איר אַליין באַאַרבעט אייער לאַנד אָדער עס אָפּגעגעבן אין אַרענדע?
109) אויב אַליין, צי מיט דער הילף פון די פאַמיליע־מיטגלידער אָדער אויך מיט דער הילף פון געדונגענער אַרבעט־קראַפט?
110) אין לעצטן פאַל, אָנגעבן די צאָל באַשעפטיקטע פרעמדע אַרבעט־הענט אין סעזאָן־צייט פון לעצטן יאָר פאַר דער מלחמה.
111) וואָס איז געוואָרן מיט אייער לאַנד:
א) פרייוויליק „פאַרקויפט”, כדי מקדים צו זיין די גזירה פון קאָנפיסקאַציע?
ב) געצוואונגען געוואָרן פון דער מאַכט צו פאַרקויפן?
ג) צוגענומען געוואָרן פון די אַרומיקע אָרטיקע שכנים?
ד) קאָלאָניזירט געוואָרן פון געקומענע דייטשן?
ה) קאָנפיסקירט געוואָרן, פון וועמען און ווען?
112) וויפיל לעבעדיקן און טויטן אינווענטאַר האָט איר פאַרמאָגט ביים פאַרלאָזן אייער לאַנד:
א) פערד, בהמות, אָקסן און אַנדערע פי?
ב) אַקער־ און שנייד־מאַשינען און אַנדערע אינסטרומענטן?
113) אין וויפיל בערך שאַצט איר אייער לאַנד מיט די בנינים און מיטן אינווענטאַר?

114) האָט איר געפּרואווט צוריקצובאַקומען אייער לאַנד און וואָס איז געוואָרן דערפון?

115) וויפיל איז געווען בערך אייער יאָרלעכע הכנסה אין דורכשניט פאַר די לעצטע דריי יאָר פאַר דער מלחמה?

116) אויב איר זענט אַ יורש פון אַ גוט, ענטפערט אויף די פראַגעס פון 104 אָן.

VII. פרייע פּראָפעסיעס:

117) האָט איר געהאַט אַ מעדיצין־קאַבינעט? אין אַן אייגענער דירה אָדער אין אַ געדונגענער?

118) וואָסערע מעדיציניש איינריכטונגען האָט פאַרמאָגט אייער קאַבי־נעט?

119) וואָסערע דאָקומענטן קאָנט איר ברענגען אָדער אַנדערע באַוויזן, אַז איר זענט געווען אַן אייגנטימער פון אַזאַ קאַבינעט?

120) וואָס איז געוואָרן מיט דער איינריכטונג פונם קאַבינעט:

א) פרייוויליק „פאַרקויפט", כדי מקדים צו זיין די גזירה פון קאָנפיסקאַציע?

ב) געצוואונגען געוואָרן צו פאַרקויפן?

ג) צוגענומען געוואָרן און פון וועמען?

ד) קאָנפיסקירט געוואָרן און פון וואָסער מאַכט?

121) האָט איר געהאַט רעכט צו פּראַקטיצירן אין די מלחמה־יאָרן:

א) אין דער גאַנצער שטאָט און צווישן אַלע אירע איינוואוינער?

ב) אין געטאָ און נאָר צווישן אידן?

ג) אין פאַרשידענע צייט־פונקטן פאַרשידן?

122) וויפיל בערך האָט באַטראָפן אייער יאָרלעכע הכנסה אין דורכשניט די לעצטע דריי יאָר פאַר דער מלחמה?

123) אַלע פראַגעס פון דאָקטוירים זיינען אָנווענדבאַר אויך צו דענטיסטן און צו אַנדערע ליבעראַלע פּראָפעסיעס.

# אינסטרוקציעס צום פרעגבויגן נומער 10
## (יחידים)

דער דאָזיקער פרעגבויגן האָט ניט דעם ציל צו זאַמלען ידיעות, כדי צו געבן אוממיטלבאַרע דרינגנדיקע הילף, ווי שפּייז, קליידער, דירה וכדומה. ער שטעלט זיך אויך ניט דעם צוועק פון אויפזוכן קרובים און פאַראייניקן פאַמיליעס. ער שטעלט זיך ניט לכן קיין דרינגנדיקע פּראַקטישע צילן, נאָר ער האָט אין אויג אַנדערע ברייטערע אויפגאַבעס — אויפן סמך פון אַ גרויסן סטאַטיסטישן מאַסן־מאַטעריאַל באַקומען אַ מער קאָנקרעט בילד וועגן די קאַטאַסטראָפע־געשעענישן, אָפּשאַצן אויפן סמך פון דאָזיקן מאַטעריאַל די מדרגה פון צעריסענע פאַמיליעס, די מדרגה פון רויב און מאָרד, פון אָנטייל פון אידן אין דער גערילאַ־באַוועגונג, וועגן די ספּאָנטאַנע נקמה־אַקטן און די אָרגאַניזירטע אידישע אויפשטאַנדן און ענדלעך וועגן דעם גורל פון די פאַרנומענע אידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און וועגן די שטימונגען און שטרעבונגען פון די לעבן־געבליבענע אידישע מאַסן. מיט איין וואָרט — באַקומען אַ בילד פון די געשעענישן און נאָך מער וועגן אונזער געגנוואַרטיקן מענטשן־פאַרמעג אין די געוועזענע היטלער־לענדער. פעסטשטעלן דעם פיזישן און פּסיכישן צושטאַנד פון די לעבן־געבליבענע, זייער עלטער־באַשטאַנד, זייערע פאַמיליע־רעשטן, זייערע פאַך־קענטענישן און אויך זייער געמיט־צושטאַנד, זייערע נשמה־באַגערן אין רעזולטאַט פון די אוממענטשלעכע ליידן און איבער־מענטשלעכע איבערלעבונגען — דאָס אַלץ איז דרינגנדיק נייטיק, כדי אויסצואַרבעטן אַ אידישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק ניט אויפן ערשטן מאָמענט, נאָר אויף די נאָענטע צענדליקע יאָרן אָדער לדורות. געוויס, זיינען וויכטיק און דרינגנדיק נייטיק ידיעות וועגן דער אוממיטלבאַרער נויט און וועגן די מאַסשטאַבן פון דער באַלדיקער עלעמענטאַרער הילף, אָבער אויב מיר פּרעטענדירן אויף צו זיין ניט קיין פּשוט'ע סומע פון יחידים, וואָס געפינט זיך אין אַ קריטישער לאַגע, נאָר אַ פאָלק, וואָס זאָרגט פאַר זיין נאַציאָנאַלן קיום און

שטעלט זיך ווייטע דורות׳דיקע נאַציאָנאַלע צילן, מוזן מיר צוגיין צו דער לעבן־געבליבענער אידישער באַפעלקערונג אין אייראָפּע ניט נאָר מיטן צדקה־אַרשין, ווי וויכטיק ער זאָל ניט זיין, נאָר מיטן סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן אויפבוי־ און אויסלעב־מאַסשטאַב. ווייל די צדקה־פּושקע דאַרף און מוז אין דער נאָענטער תקופה שפּילן אין אונזער לעבן אַזאַ אַנטשיידנדיק גרויסע ראָלע, מוזן מיר מיט נאָך מער ענערגיע און מיט מער מוט פאַרטיידיקן דעם ברייטערן צוגאַנג צו די אידישע פּראָבלעמען, דעם היסטאָריש־נאַציאָנאַלן, דעם סאָציאַל־וויטזיכטיקן שטאַנדפּונקט.

די ביז־איצטיקע פרעגבויגנס האָבן געהאַט אין אויג קאָלעקטיווע פאָרשונגען — דער פאַרגעלייגטער בויגן נומער 10 איז שוין אַן אינדיווידועלער, ער ווענדט זיך צו איינצלנע פּערזאָנען און שטרעבט פעסטצושטעלן יחידיש־קאָנקרעטע פאַלן פון די איבערלעבונגען פון דער היטלער־צייט און פון די געדאַנקען, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזעצט אין די נשמות פון די דאָזיקע יחידים אין רעזולטאַט פון די טראַגישע איבערלעבונגען. דערביי איז ער ניט קיין אַנקעטע־בויגן, וואָס זוכט מוסטער־צאָלן און מאַכט אויפן סמך פון טיפּישע פעסטשטעלונגען ברייטע אויספירן. דער בויגן האָט אין אויג גרויסע מאַסן און שטרעבט אויפן סמך פון גענוג גרויסע צאָלן מאַכן אויספירן פאַר נאָך גרעסערע מאַסן.

בנוגע צו אַזעלכע סאָרטן פאָרשונגען־ציילונגען זיינען פאַראַן אייניקע אַלגעמיינע כללים, וועלכע מיר האָבן געהאַט אין אויג און וועלכע מיר וועלן אין קורצן דאָ איבער־חזר׳ן:

1) מען דאַרף גיין מן הקל אל הכבד. די פּשוט׳ערע עלעמענטאַרערע פראַגעס דאַרפן געשטעלט ווערן פריער, און ערשט ווען דער געפאָרשטער ווערט אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט, קאָן מען איבערגיין צו מער קאָמפּליצירטע פראַגעס. אָבער אויך די לעצטע דאַרפן פּשוט און קלאָר פאָרמולירט ווערן.

2) מען דאַרף גיין מן הקרוב אל הרחוק — אָנהייבן פון זאַכן, וועלכע ליגן, אַזוי צו זאָגן, פאַר די אויגן, וואָס יעדער מענטש טראַכט וועגן זיי טאָג־

טעגלעך, און שפּעטער איבערגיין צו פראַגעס, ביי וועלכע ס׳פאָדערט זיך די הילף פון אָנגעשטרענגטן זכרון.

3) דער בויגן דאַרף זיין אַזוי צונויפגעשטעלט און אַזוי רעדאַגירט, אַז דער געפאָרשטער זאָל אים קאָנען נעמען אין די הענט און זיך איבערצייגן, אַז דאָרטן זיינען ניט בנמצא קיין שום סודות און פאַרגעשטעלטע כוונות.

4) כל המקצר הרי זה משובח — פאַרקערט ווי אין דער הגדה, ניט כל המרבה, נאָר כל המקצר איז ווערט אַ לויב. ניט נאָר דער בויגן דאַרף זיין וואָס קירצער, נאָר אויך די פראַגעס דאַרפן פאָרמולירט ווערן קורץ, כדי זיי זאָלן דעם געפרעגטן זיין פולקאָם קלאָר און זאָלן ביי אים ניט אַרויסרופן קיין חשדים.

5) אויסמיידן דעליקאַטע און צו אינטימע פראַגעס — דעריבער האָבן מיר ניט אַריינגעשטעלט די פראַגע וועגן די פאַרגוואַלטיקונגען. מען וועט מוזן צוטראַכטן אַן אַנדערע מעטאָדע, ווי פעסטצושטעלן די צאָל פאַרגוואַלטיק־טע און אָנגעשטעקטע מיט ווענערישע קראַנקהייטן.

איבער די אַלע כללים איז פאַראַן אַ כלל הכללים — אַז שטענדיק דאַרף מען זיך רעכענען מיט דער קאָנקרעטער סיטואַציע. למשל, אין נאָרמאַלע צייטן האָט געוויינלעך אַ מענטש ניט ליב, ווען מען הייבט אים אָן מאַטערן מיט אַ סך פראַגעס, אָבער אַ מענטש, וואָס איז דורכגעגאַנגען שבעה מדורי גיהנום, האָט, פאַרקערט, זייער גערן ליב צו דערציילן וועגן זיינע צרות און אַנגסטן, און דער רעגיסטראַטאָר מוז אָנווענדן ניט ווייניק ענערגיע, אַז דער ענטפער אויף אַ קאָנקרעטע פראַגע זאָל ניט דערטרונקען ווערן אינם ים פון די רייד וועגן צרות סתם.

נאָך אַ פּאָר אַלגעמיינע באַמערקונגען פון טעכנישן כאַראַקטער און מיר וועלן איבערגיין צו איינצלנע אָפּטיילן און צו באַזונדערע פראַגעס פונם בויגן.

דער בויגן וועט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, טעכניש ניט אויסזען, ווי ער איז דאָ פאָרגעשטעלט: ביי דער ענדגילטיקער רעדאַקציע וועט מען מוזן גרויס אַכט לייגן אויף איינשטעלן דעם שטח פּלאַץ, וואָס מען דאַרף לאָזן פאַר יעדער תשובה, און מען וועט אויך מוזן באַשליסן, אויף וועלכע פראַגעס ס׳דאַרפן גע־

געבן וועלן געשריבענע תשובות און וועלכע פראַגעס זאָלן פאַרענטפערט ווערן דורך אונטערשטרייכן.

יעדער דערוואַקסענער גליד פון אַ פאַמיליע — עלטער פון 16 יאָר — באַקומט אַ באַזונדער בויגן. כדי צוצובינדן די בויגנס פון אַלע גלידער פון איין פאַמיליע, וועט מען מוזן צוטראַכטן אַ נומעראַציע, וואָס זאָל דאָס גאַראַנטירן. פרויען באַקומען אַ בויגן פון אַן אַנדער פאַרב פון די מענער. קינדער יונגער פון 16 יאָר ווערן ניט רעגיסטרירט און ווערן אַריינגענומען אין דעם פאַמיליע־בויגן.

אין אַ סך ערטער האָבן מיר פאָרמולירט די פראַגע גאַנץ קורץ, למשל, וועגן דעם אופן, ווי מען איז געראַטעוועט געוואָרן, אָבער די תשובה אָדער תשובות קאָנען זיין זייער לאַנג און וועלן מסתמא זיין לאַנג.

דער בויגן באַשטייט פון 3 אָפּטיילן, וועלכע פאַרפאָלגן יעדער פון זיי אַ באַשטימטן צוועק. דער ערשטער אָפּטייל — פערזענלעכס — וויל געבן אַ בילד וועגן דעם פיזישן, פסיכישן, גייסטיקן און סאָציאַלן פנים פון דער לעבן־געבליבענער אידישער באַפעלקערונג. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מיר קאָנען זיך ניט באַגניגענען מיט אַ פּאָר פראַגעס וועגן צושטאַנד און אויף דעם סמך שליסן און מאַכן אויספירן. ערשט ווען פאַר אונזערע אויגן וועט זיך צעוויקלען די גאַנצע עפּאָפּייע פון די איבערלעבונגען פונם אידישן יחיד, פון זיינע דורכגעמאַכטעליידן און פיינען, וועלן מיר קאָנען באַקומען אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם לעבן־געבליבענעם מענטשן־מאַטעריאַל. וויסן סתם, אַז אַלע אידן זיינען געמאַטערט געוואָרן, איז ניט גענוג אויף צו אורטיילן וועגן די לעבן־געבליבענע. אין דעם דאָזיקן אָפּטייל זיינען שוין אויך פאַראַן פראַגעס, וועלכע מאַכן פאַר אונז קלאָר דעם פּאָליטישן סטאַטוס פון די לעבן־געבליבענע, די וואוין־פראַגע און אַלע פאַרבונדענע מיט די דאָזיקע פראַגעס שוועריקייטן.

אין צווייטן אָפּטייל ווערט אויפגעקלערט דער עיקר די פאַמיליע־לאַגע פונם געפאָרשטן. אַ מענטש, וואָס האָט פאַרלוירן די פרוי און אַלע קינדער, וועט גאַנץ אַנדערש אָנהייבן זיין ניי לעבן ווי אַ מענטש, וואָס איז געבליבן כאָטש מיט איינעם פון זיינע פאַמיליע־גלידער. ס'איז אַ חילוק, ווען אַ

פאטער ווייסט, אז זיין זון איז דערשטיקט געווארן אין א גאז־קאמער, צי ער
איז געפאלן אין קאמף אין א געטא־אויפשטאנד. די פאמיליע־לײדן האבן א
דירעקטע שייכות צום קומענדיקן פסיכישן צושטאנד פונם לעבן־געבליבע־
נעם. שוין אפגערעדט דערפון, אז מיר דארפן דאך געוויס וויסן, וויפיל
אלמנות און עגונות מיר האבן. איך האב זיך דערלויבט צו מאכן פון
„עגונות" „עגונים", ווייל איך האב ניט קיין פאסיקערן ווארט פאר מענער, וואס
ווייסן ניט, וואס מיט זייערע פרויען האט פאסירט.

דער דריטער טייל, פון איין זייט, האט דעם צוועק פעסטצושטעלן קאנ־
קרעט די מאטעריעלע שאדנס פון א געוויסער צאל אידן, און ווי אזוי דער
רויב איז פארגעקומען, אבער פיל וויכטיקער איז דער צווייטער צוועק —
פעסטצושטעלן, צו וועמען די אידישע פאזיציעס זיינען אריבער, פעסטצו־
שטעלן דעם אנטייל פון דער ארטיקער באפעלקערונג אין איבערנעמען אדער
פארכאפן די אידישע פאזיציעס, פעסטצושטעלן דעם פראצענט פון אידישע
אונטערנעמונגען, וועלכע זיינען געווארן אינגאנצן ליקווידירט, און דעם
פראצענט, וואס האט זיך איינגעהאלטן ביי די מלחמה־באדינגונגען. דא וועט
פאר אונז באזונדערס וויכטיק זיין אויפצוקלערן, צי האבן די דייטשן גע־
מיינט צו ליקווידירן די אידישע קאנקורענץ אין מזרח־אייראפע און אויפ־
שטעלן די העגעמאניע פונם דייטשן סוחר און פאבריקאנט אין דאזיקן טייל
פון אייראפע, אדער די שנאת־ישראל איז געוועזן די הויפט־קראפט פון זייער
מארד־סאדיזם און די עקאנאמישע רעזולטאטן זיינען געווען אן אביעקטיווער
רעזולטאט. די באציאונג פון דער ארטיקער באפעלקערונג צו דער ליק־
ווידאציע פון אידישן מיטל־קלאס, איר רעאקציע אויף דער דאזיקער דערשיי־
נונג, איר שטרעבונג צו פארווארצלען זיך אין די אידישע פאזיציעס —
דאס זיינען אלץ פראגעס, וועלכע האבן א באדייטנדיקן פראקטישן אינטערעס
און זיי אויפקלערן און אויפדעקן איז וויכטיק פון שטאנדפונקט פון אונזער
צוקונפט אין אייראפע. אין דעם דאזיקן אפטייל ווערט אויך געשטרעבט
פעסטצושטעלן די מעגלעכע מאטעריעלע באזע פון דער אידישער באפעלקע־
רונג — וואס מען וועט קאנען צוריקבאקומען, וואסער קלאס אידן וועט בא־
קומען כאטש א טייל פון זיין פארמעגן, וואסער טייל פון דער אידישער באפעל־

## יעקב לעשצינסקי

קערונג וועט האָבן שאַנסן זיך אומצוקערן צו זיינע אַלטע פּראָפעסיעס און מיט וואָסערע שוועריקייטן ער וועט זיך צוזאַמענטרעפן.

אין אַלע אָפּטיילן ווערן צוגעגעבן פּראָגנאָזעס, וועלכע דאַרפן אויפקלערן, אויף וויפיל דער לעבן־געבליבענער איד האָט שוין אין די ערשטע וואָכן אָדער חדשים פון פרייען לעבן עפּעס אונטערגענומען צו בויען אַ ניי לעבן, אין וועלכער ריכטונג האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן זיין אַקטיוויטעט, אין וועלכער ריכטונג גייען זיינע מחשבות; צי האָט די קאַטאַסטראָפע געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין זיינע געפילן און געדאַנקען, צי האָט דער געפּאַרשטער דערוואַקסענע קינדער, וועלכע ווייזן אַרויס אַקטיווקייט אין אַ געוויסער ריכטונג, מיט איין וואָרט — דער דאָזיקער טייל דאַרף אונז געבן אַ בילד וועגן די פּערספּעקטיוון פון דער לעבן־געבליבענער אידישער באַפעלקערונג, אויף וויפיל זיי שפּיגלען זיך אָפּ אין די ערשטע קאַנקרעטע אָנשטרענגונגען און אין די שטרעבונגען פאַר זיך און, דער עיקר, פאַר די קינדער.

XII

# פרעגבויגן נומער 11
## (יתומים, יתומות און היימלאָזע — אינגער פון 16 יאָר)

נאָמען פון שטאָט, שטעטל ..............................

קרייז ............... דיסטריקט ..................

חודש און יאָר פון פאַרשונג ..............................

1) **נאָמען און פאַמיליע פון געפאַרשטן** ........................

**איצטיקער אַדרעס** ..............................

2) **געשלעכט:**

אינגל ..............

מיידל ..............

3) **וואו געפינט ער (זי) זיך איצט:**

א) אין אַ קינדער־היים אָדער אַנדערער געזעלשאַפטלעכער קינדער־אַנשטאַלט?

ב) ביי אַ פרעמדער פאַמיליע און אויף וועמענס חשבון?

ג) ביי קרובים, ביי וועלכע און צי צאָלט מען פאַר אים און ווער צאָלט?

4) **געבורט־יאָר** ................

5) **שטאָט און לאַנד פון געבורט** ........................

6) **ווי לאַנג געלעבט אין דער געבורט־שטאָט?**

7) **וואו געלעבט אַנהייב מלחמה?**

8) **וואו געלעבט צום מאָמענט פון דער אָקופּאַציע?**

9) **וואו אויסגעוועזן פון דער אָקופּאַציע אָן?**

(באַשרייבן גענוי די שטעט און לענדער, וואו געוועזן און ווי אַרום געקומען אין יעדן אָרט.)

10) **ביז וועלכן חודש און יאָר געלעבט:**

א) מיטביידע עלטערן?

ב) נאָר מיטן פאָטער?

ג) נאָר מיט דער מוטער?

11) באַשרייבן גענוי און אויספירלעך, ווען און וואו זיך געשיידט מיט יעדן פון די עלטערן, ביי וועלכע באַדינגונגען, דורך וועמען פאַרמיטלט, צו וועמען איבערגעגאַנגען.

12) אויסרעכענען אַלע פאַמיליעס אָדער קעמפּס, וואו פאַרבראַכט און ווי לאַנג.

13) אויב פאַרבראַכט אין אַ קריסטלעכער פאַמיליע אָדער אַנשטאַלט, באַשרייבן:

א) די באַציאונג פון די עלטערן פון דער פאַמיליע אָדער פון די פירער פון דעם אַנשטאַלט.
ב) פון די קריסטלעכע קינדער פון דער פאַמיליע אָדער פון דעם אַנשטאַלט.
ג) פון די קריסטלעכע קינדער פון די שכנים.
ד) פון די דערוואַקסענע שכנים.
ה) צי איז ער (זי) געצוואונגען געוואָרן אויסצופירן קריסטלעכע מנהגים און תפילות?
ו) צי איז ער (זי) אַגיטירט געוואָרן אַנצונעמען קריסטנטום און פון וועמען (פון די עלטערן, פון די קינדער, פון אַ גלח, פון אַנדערע)?
ז) ווי האָט ער (זי) רעאַגירט אויף אַזאַ צוואַנג אָדער אַגיטאַציע?
ח) צי האָט ער (זי) געמוזט טראָגן אַ פרעמדן נאָמען?

13א) באַשרייבן ווי אויספירלעכער, ווי ער (זי) האָט זיך געפילט אין דער קריסטלעכער סביבה די ערשטע טעג, נאָך עטלעכע חדשים, אין אַ יאָר אַרום.

14) אויב געווען דעפּאָרטירט, באַשרייבן גענוי אַלע דורכגעמאַכטע עטאַפּן, מיט וועמען געווען דעפּאָרטירט, וואוהין, די לײדן אין וועג, אַנרופן נעמען פון פייניקער און נעמען פון שיצער און העלפער, אויב באַקאַנט, ווי אַרום זיך געראַטעוועט פון דעם אָרט, וואוהין געווען דעפּאָרטירט א. אַ. וו.

15) אויב געוואָרן געשמוגלט דורך אַ גרענעץ־אין אַ נייטראַל לאַנד, באַשרייבן גענוי, ווי דער שמוגל איז פאָרגעקומען, אַלע שרעקלעכע און גליקלעכע מאָמענטן פון וועג, די איבערלעבונגען ביים אַריבערגיין די גרענעץ, די אויפנאַמע פון די מאַכט־אָרגאַנען פונם נייטראַלן לאַנד, דאָס לעבן אין קעמפּ אָדער אין אַ פאַמיליע אין נייטראַלן לאַנד א. אַ. וו.

16) ציִ האָט ער (זי) באַזוכט פאַר דער אָקופּאַציע:

א) אַ פאָלק־שולע?

ב) אַ חדר?

ג) אַ תלמוד־תורה?

17) ציִ האָט ער (זי) באַזוכט אַ וועלכן ס׳ניט איז לערן־אַנשטאַלט אין דעם לאַנד פון דער אָקופּאַציע?

(אויב יאָ, באַשרייבן גענוי די באַציאונג פון די לערער, פון די קאָלעגעס־תלמידים און תלמידות, פון די לערער פון רעליגיעזע לימודים.)

18) אויב ער (זי) איז געוועזן אין אַ נייטראַלן לאַנד, באַשרייבן גענוי, ציִ באַזוכט אַ שולע, וועלכע און ווי איז געוועזן די באַציאונג פון די לערער, פון די שילער און שילערינס א. אַ. וו.

19) אויב ער (זי) איז געוועזן דעפּאָרטירט אין אַ אידישער געטאָ אָדער בכלל אין אַן אָרט, וואו ער (זי) איז געוועזן צווישן אידן, ציִ האָט ער (זי) געהאַט וועלכן ס׳ניט איז אונטערריכט, אין וועלכער שפּראַך, ווי אָפט, פון וועמען א. אַ. וו.

20) ציִ קאָן ער (זי) לייענען:

א) קאָן ניט ................

ב) קאָן לייענען אידיש ................

ג) קאָן לייענען העברעאיש ................

ד) קאָן לייענען אַנדערע שפּראַכן און וועלכע ........................

21) ציִ קאָן ער (זי) שרייבן:

א) קאָן ניט ................

ב) קאָן שרייבן אידיש ................

ג) קאָן שרייבן העברעאיש ................

ד) קאָן שרייבן אין אַנדערע שפּראַכן און אין וועלכע ......................

22) האָט ער (זי) אַ פיזישן מום און וועלכן?

23) ווען באַקומען דעם מום:

א) פאַר דער אָקופּאַציע?

ב) ביי דער אָקופּאַציע און ביי וועלכע באַדינגונגען?

ג) אין וועג ביים ראַטעווען זיך פון אָקופּירטן לאַנד און ביי וועלכע באַדינגונגען?

ד) אין אימפּאָרטירטן לאַנד און ביי וועלכע באַדינגונגען?

(24 ווי איז זיין (איר) פיזישער געזונט:
א) פיזיש שוואַך, אָבער קאָן אויפגעשטעלט ווערן ביז צו אַ מדרגה פון נאָרמאַ־לער אַרבעט־פעאיקייט?
ב) פיזיש שוואַך, און קאָן אויפגעשטעלט ווערן נאָר צו אַ טיילווייזער אָדער גרינגער אַרבעט־פעאיקייט?
ג) שוואַך אין אַ מאָס פון אַבסאָלוטער אַרבעט־אומפעאיקייט אויף לאַנגע יאָרן?

(25 ווי איז זיין (איר) פסיכישער צושטאַנד? (די זעלבע פראַגעס ווי אין פראַגע 24.)

(26 האָט ער (זי) זיך געלערנט אַ פאַך, וועלכן און וואו און ווי ווייט איז ער (זי) אין דאָזיקן פאַך?

(27 אויב ער (זי) האָט זיך נאָך ניט געגרייט צו קיין שום פאַך, וואָס וואָלט ער (זי) געוואָלט לערנען?

(28 וואָס ווייסט ער (זי) וועגן זיינע (אירע) עלטערן:
א) ביידע געשטאָרבן — ווען, וואו און ביי וועלכע באַדינגונגען?
ב) ביידע דערמאָרדעט געוואָרן — ווען, וואו און ביי וועלכע באַדינגונגען?
ג) ביידע דעפּאָרטירט געוואָרן און זייער גורל איז אומבאַקאַנט?
ד) ביידע געווען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער — ווען אַרעסטירט געוואָרן, אין וועלכן לאַגער געווען פאַרשפּאַרט, ווען געהערט פון זיי דאָס לעצטע מאָל?
(אויב דער גורל פון פאָטער איז געווען אַן אַנדערער, ווי פון דער מוטער, ענט־פערן אויף די זעלבע פראַגעס נאָר אין לשון יחיד.)

(29 ביי די תשובות אויף אַלע נאָר־וואָס אויסגערעכנטע פראַגעס, איבערגעבן ניט נאָר די איבערלעבונגען פונם קינד בעת דער צעשיידונג מיט די עלטערן אָדער בעת דער ידיעה וועגן זייער אומקום, נאָר אויך זיין נשמה־צושטאַנד פונם געדאַנק, אַז די עלטערן לעבן אפשר, נאָר ווייסן ניט, וואו צו זוכן זייער קינד.

(30 אויב ער (זי) האָט געהאַט ברידער אָדער שוועסטער, איינגערע אָדער עלטערע, באַשרייבן גענוי, וואָס דאָס קינד ווייסט וועגן זייער גורל, ווי אויך די רעאַקציע פונם קינד אויפן גורל פון די לייבלעכע קרובים.

(31 האָט דאָס קינד אַ באַשטימטן ווילן בנוגע זיין צוקונפט:
א) בלייבן דאָ און זיך לערנען אַ פאַך?
ב) אויסוואַנדערן, וואוהין און צו וועמען?
ג) אַנדערע וואונטשן?

# אינסטרוקציעס צום פרעגבויגן נומער 11
# (יתומים, יתומות און היימלאָזע)

דער דאָזיקער לעצטער פרעגבויגן באַהאַנדלט אַ פּראָבלעם, וואָס איז אַב־סאָלוט ניי אַפילו אין אונזער גלות־געשיכטע, וועלכע איז אַזוי רייך מיט קאַפּריז־קאַטאַסטראָפעס. אויף וויפיל אונז איז באַקאַנט, איז דאָס דער ערש־טער פאַל אין אונזער געשיכטע, ווען קינדער זיינען אין די טויזנטער און צענדליקער טויזנטער אָפּגעריסן געוואָרן פון זייערע עלטערן און בײדע צדדים זיינען איבערגעלאָזט געוואָרן אין אומקלאָרן וועגן דעם גורל איינער פונם אַנדערן. ס׳איז אַ נאַטור־געזעץ, אַז די לעבעדיקע זאָלן פאַרגעסן אין די טויטע, ווי נאָענט און טייער די לעצטע זאָלן ניט געווען זיין. אָבער ביז וואַ־נען מען ווייסט ניט, אַז דער טויט האָט באַשלאָסן דעם גורל פון אַ נאָענטן מענטשן, טראָגט מען אין האַרצן די האָפענונג, אַז ער וועט זיך אָפּרופן און וועט זיך אומקערן.

אין דער דאָזיקער טראַגישער לאַגע פון ספק׳דיקע יתומים וועלן זיך נאָך דער דאָזיקער מלחמה געפינען צענדליקער טויזנטער אידישע קינדער — פיל פון זיי וועלן אפשר אַפילו ניט געדענקען די פאַמיליעס פון זייערע על־טערן, ווייל זיי זיינען איבערגעלאָזט געוואָרן אין די גאָר יונגע יאָרן און האָבן געלעבט אין באַדינגונגען, וועלכע האָבן געמאַכט פאַרגעסן אַפילו אין נעכ־טיקן טאָג. אָט די דאָזיקע ספק׳דיקע יתומים זיינען אַ נייע קאַטעגאָריע מענטשן אין אונזער געשיכטע — זייערע איבערלעבונגען, זייער פסיכישער צושטאַנד, זייערע באַגערן פאַר דער צוקונפט מוזן זיין גאָר פון אַן אַנדער מין פון די איבעריקע קינדער.

אָבער אויך די בלתי־ספק׳דיקע אידישע יתומים פון דער איצטיקער קאַטאַסטראָפע זיינען דאָך אויך אַבסאָלוט ניט ענלעך צו די געוויינלעכע מלחמה־יתומים. די עלטערן זיינען אומגעקומען ווייט ניט מיט אַ „נאַטיר־לעכן" מלחמה־טויט, און גאָר אָפט האָבן דאָך די קינדער מיט די אייגענע

אויגן צוגעזען, ווי מען האָט זייערע עלטערן דערפירט צו אַ מצב, ווען זיי האָבן געבעטן אויף זיך דעם טויט, אָדער ווי מען האָט פאַרשלעפּט די על־טערן און מען האָט זיי מער אין די אויגן ניט געזען און מער ניט געהערט פון זיי און וועגן זיי.

חוץ די נאָר־וואָס כאַראַקטעריזירטע צוויי טיפּן אידישע ספק׳דיקע און בלתי־ספק׳דיקע יתומים, זיינען מיר נאָך ביי דער איצטיקער קאַטאַסטראָפע באַרייכערט געוואָרן מיט אַ גאָר נייעם טיפּ אידיש קינד — אַ קינד אָן אָנוס, אַ קינד אַ מאַראַן, וואָס האָט געלעבט אין אַ קריסטלעכער סביבה, האָט גע־טראָגן אַ פרעמדן נאָמען, האָט געמוזט פאַרבאַהאַלטן זיין אָפּשטאַם, האָט גע־מוזט אפשר אָפילו אַקטיוו אַרויסווייזן זיין קריסטלעכקייט. טויזנטער און אפשר צענדליקער טויזנטער אידישע קינדער זיינען געראַטעוועט געוואָרן דורך קריסטלעכע פאַמיליעס און קריסטלעכע אינסטיטוציעס. ווי האָט זיך פאַר־האַלטן די פרעמדע וועלט צו די דאָזיקע קרבנות פונם היטלער־רעזשים? ווי האָבן זיך געפילט אידישע קינדער אין דער פרעמדער סביבה און אָפט אין אַן אינטענסיוו פרומער קריסטלעכער סביבה? דאָס זיינען אַלץ פראַגעס פון אומגעהייערער וויכטיקייט — דער שארית־הפליטה פון די אידישע קינדער איז דאָך כמעט אונזער איינציקער וויכטיקער מענטשן־פאַרמעג אין אייראָפּע.

דער פרעגבויגן פרוואווט אויפהייבן דעם פאַרהאַנג איבער די דאָזיקע אַלע ביז גאָר אינטימע און קאָמפּליצירטע זעעלישע פראַגעס און איבערלעבונגען און נאָך ביי קינדער אין די צאַרטסטע יאָרן.

מיר גייען אינם בויגן פונם הוה צום עבר און צום סוף קערן מיר זיך ווידער אום צו דער געגנוואַרט. ס׳איז נאַטירלעך גאָר אין אָנהייב פעסטצו־שטעלן, וואו דאָס קינד געפינט זיך אין פאַרש־מאָמענט און ניט נאָר אין גע־אָגראַפישן זין, נאָר אויך אין זין פון פאַמיליע, פון סביבה. דערנאָך גייען מיר איבער צו די געשעעניש, וועלכע האָבן דאָס יונגע אידישע קינד גע־וואָרפן און געשליידערט פון שטאָט צו שטאָט און פון לאַנד צו לאַנד, ביז ס׳איז געקומען צו אַ מקום־מנוחה. דאַן קאָנצענטרירן מיר זיך אויף די אי־בערלעבונגען פונם קינד אין דער דאָזיקער געראַטעוועטער סיטואַציע. פאַר אונז איז דאָ וויכטיק פעסטצושטעלן ווי דעטאַליזירטער און ווי גרינטלעכער

די דאָזיקע רעטונג־סביבה, באַזונדערס אין די פאַלן, ווען זי איז געווען אַ
קריסטלעכע. די פונקטן אין בויגן קאָנען נאָר מרמז זיין אויף די פראַגעס,
וועלכע דאַרפן אויפגעקלערט ווערן — דער פאָרשער וועט דאָ האָבן פאַר זיך
איינע פון די איידלסטע און דעריבער שווערסטע אויפגאַבעס — אַרויסבאַקו־
מען ביי קינדער, וועלכע זיינען צו פינף אָדער זעקס יאָר און אַמאָל נאָך אינ־
גער אַריינגעפאַלן אין אַ קריסטלעכער סביבה און האָבן דאָרטן פאַרבראַכט
דריי און פיר און מער יאָרן, זייערע געפילן און געדאַנקען, זייערע איבער־
לעבונגען און איבערטראַכטונגען. די יונגע מוחות און די יונגע נשמות,
צעוועקט און צערודערט פון די געשעענישן, זיינען געווען געוויס געצוג וואַ־
כעדיק אויף איינזאַפּן אין זיך אַלץ, וואָס זיי האָבן געזען און געהערט. ווי
טיף איז די פרעמדע וועלט אַריינגעדרונגען אין די יונגע אידישע נשמות?
וואָסערע שפורן האָט די דאָזיקע נאַציאָנאַל־פיינדלעכע סביבה געלאָזט אין
די הערצער פון די אידישע קינדער? טעכניש איז דאָס ניט אויסצודריקן
אין קורץ־פאָרמולירטע פראַגעס, אָבער דער פאָרשער דאַרף די גאַנצע צייט
האָבן אין אויג דווקא די שווערסטע פראַגעס, וועלכע זיינען ניט דעפינירבאַר
אין קורצע פאָרמולע־פראַגעס.

ערשט גאָר צום סוף פון בויגן קערן מיר זיך אום צו יענע געגנוואָרט־
פראַגעס, וועלכע טראָגן אין זיך דעם צוקונפט־גורל פון קינד — מיר ווילן
וויסן די וואונטשן פונם קינד, זיינע באַגערן, אויב ער האָט אַזעלכע. געוויינ־
לעך אַרבעט אין דעם פרט דער יתום־מוח אַ סך אינטענסיווער פונם מוח
פון אַ קינד, וואָס האָט אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן. פון די ענטפערס אויף די
דאָזיקע צוקונפט־פראַגעס וועלן מיר אויך קאָנען ציען שלוסן, ווי ווייט די
גורל׳דיקע געשעענישן האָבן געווירקט אויף אונזערע קינדער. וועלן דאָך
זיין צווישן די געפאָרשטע קינדער פון 14 און 15 און 16 יאָר און אין דעם
עלטער טראַכטן שוין די קינדער, באַזונדערס יתומים און גאַנץ באַזונדערס
יתומים פון דער דאָזיקער שוידער־צייט.